# TEVYE DER MILKHIKER

Sholem Aleichem







NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

# קאָטוינטי

א בריוול פון טעוויע דעם מילכיקן צום מעכאבער

ליכוויד צו מײַן געליבטן טײַערן פרײַנט רעב שאָלעם-אלייכעם, גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און פּארנאָסע מיט אײַער ווײַב און קינדער, איר זאָלט האָבן גרויס נאכעס, ווו איר וועט זיך קערן און ווענדן, אָמיין סעלאָ!

קאָטוינטי! — באדארף איך אײַך זאָגן מיטן לאָשן, וואָס יאנקעוו אָווינו האָט געזאָגט אין דער סעדרע „וואַישלאכ״, בעשאס ער האָט זיך געלאָזט גיין קעגן אייסעוון, לעהאוודל... נאָר טאָמער איז דאָס עפּשער ניט אזוי גלײַך, בעט איך אײַך, פּאני שאָלעם-אלייכעם, איר זאָלט אף מיר קיין פּאריבל נישט האָבן, איך בין א פּראָסטער כײַוועקײַעם, איר ווייסט אוואדע מער פון מיר — וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן? אין א דאָרף, מישטיינסגעזאָגט, מע ווערט פארגרעבט, ווער האָט צײַט ארײַנקוקן אין א סייפער, צי אָפּלערנען א פּארשע כומעש מיט ראשע, צי וואָס? א שטיקל גליק, עס קומט דער זומער, פּאָרן זיך צונויף די יעהופּעצער נעגידימ קיין בויבעריק אף די דאטשעס, קאָן מען זיך באגעגענען אמאָל מיט אן איידעלן מענטשן, הערכן א גוט וואָרט. איר מעגט מיר גלייבן, אז איך דערמאָן מיך אָן יענע טעג, ווען איר זײַט געזעסן נעבן מיר אין וואלד, אויסגעהערט מײַנע נארישע מײַסעס, איז בא מיר גלײַך, ווי איך זאָל פארדינען מיִעדייע וויפל! איך ווייס ניט, מיט וואָס איך האָב בא אײַך אזוי נויסע-כיינ געווען, איר זאָלט זיך אָפּגעבן מיט אזא קליינעם מענטשל, ווי איך, מיר שרײַבן בריוולעך גאָר און לוי-קאָל-שקיין ארויסשטעלן מײַן נאָמען אין א בוך, מאכן פון מיר א גאנצן שאלעסודעס, גלײַך ווי איך וואָלט דאָ געווען מיִעדייע ווער, — מעג איך דאָך אוואדע זאָגן: קאָטוינטי!.. עמעס, איך בין אײַך טא-

קע א גוטער פרײַנט, לאָז מיר גאָט העלפֿן א הונדערטכיילעק,
וואָס איך ווינטש אײַך! איר האָט, דאכט זיך, גוט געזען,
וויאַזוי איך האָב אײַך געדינט נאָך אין די גוטע יאָרן, בע־
שאס איר זײַט נאָך געזעסן אף דער גרויסער דאטשע, — גע־
דענקט איר? האָב איך אײַך געקויפט א בעהיימע פאר א פופ־
ציקער, איז זי געווען א מעציע פון א גאנגעוו פינף און פופ־
ציק. אײַ זי איז אפן דריטן טאָג געפייגערט? בין איך ניט
שולדיק: לעמײַ די אנדערע בעהיימע, וואָס איך האָב אײַך
געגעבן, איז אויך געפייגערט?.. איר ווייסט אליין גאנץ גוט,
וויאַזוי דאָס האָט מיך געקרענקט; איך בין דעמלט ארומגעגאנ־
גען אָן א קאָפּ! איך ווייס? דאכט זיך, פונעם שענסטן און
פונעם בעסטן, גאָט זאָל מיר אזוי העלפֿן און אײַך אויך,
אימירצעשעם, אפן נײַעם יאָר, עס זאָל זײַן, ווי זאָגט איר,
כאדייש יאָמיינו קעקעדעם... און מיר זאָל גאָט העלפֿן אין מײַן
פּארנאָסע, איך זאָל זײַן געזונט מיט מײַן פערדל, לעהאוודל,
און מײַנע בעהיימעס זאָלן זיך מעלקן אזויפיל, אז איך זאָל
אײַך קאָנען דינען אף ווײַטער אויך מיט מײַן קעז און פוטער
אל צאד האיויסער טויוו, אײַך און אלע יעהופּעצער נעגידים,
גאָט זאָל זיי געבן האצלאָכע און פּארנאָסע און אלדאָסגוטס
מיט גרויס נאכעס. און אײַך פאר אײַער טירכע, וואָס איר
זײַט זיך מאטריעך פון מײַנעטוועגן, און פאר דעם קאָוועד,
וואָס איר טוט מיר אָן דורך אײַער ביכל, זאָג איך אײַך נאָכ־
אמאָל: ק אָ ט ו י נ ט י! פּארוואָס קומט מיר אזא שטרײַמל, אז
א וועלט מיט מענטשן זאָלן פלוצעם געוואָרע ווערן, אז אף
יענער זײַט בויבעריק, ניט ווײַט פון אנאטעווקע, געפינט זיך
א ייִד, וואָס הייסט ט ע וו י ע  ד ע ר  מ י ל כ י ק ע ר? נאָר מיס־
טאמע ווייסט איר דאָך, וואָס איר טוט, קיין סייכל באדארף
איך אײַך ניט לערנען, און וויאַזוי צו שרײַבן ווייסט איר
שוין אליין, און ווײַטער מיטן איבעריקן דאַרטן פארלאָז איך
מיך שוין אף אײַער איידעלן כאראקטער, אז איר וועט דאָרטן
טאָן אין יעהופּעץ פון מײַנעטוועגן אלצדינג, עס זאָל מיר
פונעם ביכל עפּעס ארויס א שטיקל טויווע צו מײַן פּארנאָסע.
איך באדארף טאקע, כ'לעבן, איצטערט נייטיק האָבן: איך
רעכן, אימירצעשעם, איינגיכן אָנהייבן טראכטן מיקויעך כא־
סענע מאכן א טאָכטער, און אז גאָט וועט שענקען, ווי זאָגט

איר, דאָס לעבן, איז עפשער טאקע צוויי מיטאמאָל... דערווײַל זײַט מיר געזונט און האָט א גליקלעכן טאָמיד, ווי עס ווינטשט אײַך פונעם גאנצן הארצן פון מיר אײַער בעסטער פרײַנט

ט ע וו י ע.

יאָ, איקער שאָכאכטי! אז דאָס ביכל וועט פארטיק ווערן און איר וועט האלטן בא שיקן מיר עפעס געלט, זאָלט איר מויכל זײַן שיקן קײן א נ א ט ע וו ק ע, אפן שויכעטס נאָמען. איך האָב דאָרטן צוויי מאָל אין ווינטער יאָרצײַט: איין מאָל אָסיען-צײַט, פאר „פּאָקראָווע”, און דאָס אנדערע מאָל ארום „נאָוויגאָד”, — בין איך, הייסט דאָס, דעמלט א שטאָט-ייִד. און ווײַטער, גלאט אזוי בריוולעך קאָנט איר שיקן צו מיר גלײַך קײן בויבעריק, אפ מײַן נאָמען, בעזע האלאָשן: פערעדאט גאָספּאָדינו טעוועליו מאָלאָטשנאהאָ יעוורײ.

געשריבן אין יאָר 1895

# דאָס גרויסע געווינס

א וווּנדערלעכע מײַסע, ווי אַזוי טעוויע דער מילכיקער, א ייִד אַן אָרעמאַנ, א מעטופּל מיט קינדער, איז פּלוצעמ מיטאמאָל באגליקט געוואָרנ דורכ א מעשונע-ווילדנ פאל, וואָס איז קעדײַ, מע זאָל דאָס באשרײַבנ אינ א ביכל. דערציילט פונ טעוויענ אליינ אונ איבערגעגעבנ וואָרט בא וואָרט.

מעקימי מעאָפאָר דאָל,
מעאשפויס יאָרימ עוויוינ:
ער שטעלט אופ פונ דער ערד דעמ אָרעמאַנ,
פונעמ מיסט הייבט ער אופ דעמ עוויענ.
(טילימ קי״ג, ז)

— אז ס׳איז באשערט דאָס גרויסע געווינס, הערט איר, פּאני שאָלעמ-אליכעמ, קומט דאָס גלײַכ אינ שטוב ארײַנ, ווי זאָגט איר: לאמנאצייאכ אל האגייטיס — אז סע גייט, לויפט עס; ס׳איז גאָר נישטאָ דערבײַ קיינ סייכל מיט קיינ בעריע-שאפטנ. אונ טאָמער כאָלילע פארקערט, מעגט איר צעזעצט ווערנ רעדנדיק, וועט אײַכ העלפנ, ווי דער פאראיאָריקער שניי; ווי זאָגט איר: איינ כאָכמע וועיינ אייצע נעגעד א שלעכט פערד. א מענטש האָרעוועט, ווערט אויסגעריסנ, כאָטש נעמ לייג זיכ, סאָנע-ציִענ, אונ שטארב! פּלוצעמ, מע ווייסט ניט פונ וואָס אונ פונוואנענ — עס פערדלט פונ אלע זײַטנ, ווי אינ פּאָסעק שטייט געשריבנ: רעוואכ וועהאצאָלאָ יאאמויד לײַהודימ; פארטײַטשנ באדארפ איכ אײַכ ניט, נאָר דער פּשאט דערפונ איז אזוי, אז א ייִד, קאָלזמאַנ שעהאנעשאָמאָ בעקירבי — עס שלאָגט זיכ נאָכ אנ אָדער, טאָר ער נישט פארלירנ דעמ ביטאָכנ. איכ האָב דאָס ארויס-געזענ פונ זיכ אליינ טאקע, ווי אַזוי דער אייבערשטער האָט מיט מיר געפירט, מיט מײַנ איצטיקער פּארנאָסע: וואָרעמ ווי קומ איכ גאָר פארקויפנ קעז אונ פּוטער אינמיטנדערינענ, אז מײַנ באָבעס באָבע האָט קיינמאָל נישט געהאנדלט מיט קיינ מילכיקס?

ס'איז בענעמאָנעס קעדײַ, איר זאָלט אויסהאָרכנ די גאנצע מײַסע פונ אָנהייב ביזנ סאָפ. איכ וועל מיכ צוזעצנ אפ א ווײַלע אָט דאָ נעבנ אײַכ אפנ גראָז, לאָז זיכ דאָס פערדל דערווײַל עפעס קײַענ. ווי זאָגט איר: נישמאס קאָל כײַ — אויכ א באשעפעניש בא גאָט.

בעקיצער, דאָס איז געוועזנ ארומ שוועס-צײַט, דאָס הייסט, איכ זאָל אײַכ ניט זאָגנ קיינ ליגנ, א וואָכ אָדער צוויי פאר שוועס; אונ עפשער, הא? א פאָר וואָכנ נאָכ שוועס. פארגעסט נישט, ס'איז שוינ, פאוואָלינקע, איכ זאָל אײַכ זאָגנ אקוראט, אזוי גרויס ווי א יאָר מיט א מיטוואָכ, דאָס הייסט, פונקט נײַנ יאָר אָדער צענ, אונ עפשער נאָכ מיט א סמיטשיק. איכ בינ דעמלט געוועזנ, ווי איר זעט מיכ אָט-אָ, גאָר נישט דער, וואָס איצטער, דאָס הייסט, טאקע דער אייגענער טעוויע, נאָר פאָרט נישט דער, ווי זאָגט איר: די אייגענע יענטע, נאָר אנדערש געשלייערט. דעהײַנע וואָס? איכ בינ געוועזנ, ניט פאר אײַכ געדאכט, א קאפצנ אינ זיבנ פאָלעס, כאָטש אפילע, אז מע וויל שמועסנ דאָס אייגענע ווידער צוריק, בינ איכ נאָכ איצט אויכ גאנצ ווײַט פונ א נאָגיד. וואָס מיר פעלט צו בראָדסקינ — מעגנ מיר זיכ דאָס ביידע ווינטשנ פארדינענ דעמ הײַנטיקנ זומער ביז נאָכ סוקעס; נאָר וועדליק אמאָל, בינ איכ הײַנט, הייסט דאָס, א ייִד א נאָגיד, מיט א פערד-אונ-וועגעלע אנ אייגנס, מיט, קיינ אײַנהאָרע, בעהיימעלעכ א פאָר, וואָס מעלקנ זיכ, מיט נאָכ איינע, וואָס האלט אָט-אָט בא אָפקעלבנ זיכ. ס'איז דאָ, ניט צו פארזינדיקנ, קעז אונ פוטער אונ סמעטענע פרישע אלע טאָג, אייגענע האָרעוואניע, וואָרעמ מיר אלע ארבעטנ, קיינער זיצט ניט ליידיק. מײַנ ווײַב זאָל לעבנ מעלקט די בעהיימעס, די קינדער טראָגנ קריגלעכ, שלאָגנ פוטער, אונ איכ אליינ, ווי איר זעט אָט-אָ, פאָר מיר ארויס אלע פרימאָרגנ אפנ מארק, גיי דורכ אלע דאטשעס אינ בויבעריק, מע זעט זיכ מיט דעמ, מיט יענעמ, אלע גרעסטע באלעבאטימ פונ יעהופעצ, מע רעדט זיכ דורכ א ביסל מיט א מענטשנ, פילט מענ, אז מע איז אויכ עפעס א שטיקל מענטש אפ דער וועלט, ווי זאָגט איר, נישט קיינ הינקעדיקער שנײַדער; אונ ווער שמועסט שאבעס — בינ איכ דאָכ גאָר א מיילעכ, קוק ארײַנ אינ א ייִדישנ סייפער, א פארשע כומעש, א ביסל

טארגום, טילים, פיירעק, דאָס, יענצ, לאָקש, בוידעם — איר קוקט מיך אָנ, פאני שאָלעמ-אליכעמ, אונ טראכט זיך אוואדע בעשאס-מײַסע אינ הארצנ: „ע, אָט דער טעוויע איז דאָך עפּעס טאקע גאָר א ייִד, וואָס קאטאָרי!..״

בעקיצער, וואָס זשע האָב איך אײַך אָנגעהויבנ צו דער־ציילנ? יאָ, בינ איך, הייסט דאָס, דעמלט געוועג, מיט גאָטס הילפ, א ביטערער אָרעמאנ, געשטאָרבנ, ניט פאר קיינ ייִדנ געדאכט, מיט ווײַב אונ קינדער דרײַ מאָל א טאָג פונ הונגער, אכוצ וועטשערע. געהאָרעוועט האָב איך ווי אנ אייזל, גע־שלעפּט קלעצער פונעמ וואלד צומ וואָקזאל א פולנ וואָגנ, עס זאָל אײַך צו קיינ כארפּע ניט זײַנ, פאר צוויי גילדנ א טאָג, אונ דאָס — ניט אלע טאָג, אונ דערמיט גיי האלט אויס, קיינ אײַנהאָרע, אזא שטוב מיט פּיקערס — זאָלנ געזונט זײַנ, מיט, לעהאוודל, א פערד אפ קעסט, וואָס וויל ניִשט וויסנ, וואָס ראשע מאכט, באדארפ קײַענ אלע טאָג, גאָר אָנ א שומ טערעצ. וואָס טוט גאָט? ער איז דאָך, ווי זאָגט איר, א זאָנ אומעפּארנעס לאקויל — פירט זיאָס וועלטל קלוג, מיט סייכל; זעט ער, ווי איך מוטשע מיך דאָ אזוי פארנ שטיקל ברויט, מאכט ער צו מיר: „דו מיינסט דאָך, טעוויע, אז ס'איז שוינ אכריי קיכלויס האקויל — עק וועלט, דער הימל איז אפ דיר געפאלנ? פע, ביסט א גרוי־סער נאר! אָט וועסטו זענ, וויאזוי אז גאָט וויל נאָר, טוט זיך דאָס מאזל אפ א מינוט א דריי נאליעוואָ קרוגאָמ אונ עס ווערט ליכטיק אינ אלע ווינקעלעך; עס קומט אויס, ווי מיר זאָגנ אינעמ „אונעסאנע-טויקעפ״: מי יאָרומ אומי ייִשאָפּייל — ווער סע פאָרט אונ ווער סע גייט צופוס. דער איקער איז — ביטאָכנ, א ייִד באדארפ האָפנ, נאָר האָפנ. איי וואָס? טאָמער ווערט מענ דערווײַל פארשווארצט? דערופ זײַנענ מיר דאָך עפּעס שטיקלעך ייִדנ אפ דיער וועלט, ווי זאָגט איר, אטאָ באָכארטאָנו — ניט אומזיסט איז אונדז די וועלט מע־קאנע... אקעגנ וואָס שמועס איך דאָס? איך שמועס עס אקעגנ דעמ, וויאזוי גאָט האָט מיט מיר געפירט, טאקע נאָר ניסימ וועניפלאָעס, איר מעגט דאָס האָרכנ.

ווײַהי האיוימ, איינמאָל פארנאכט פאָר איך מיר אזוי זו־מער-לעבנ אינ וואלד, שוינ צוריק אהיימ, אָנ די קלעצער;

דער קאָפּ אין דער ערד, אַפֿן האַרצן וויסט און פֿינצטער; דאָס פֿערדל, נעבעך, קוים וואָס עס פּלאָנטעט מיט די פֿיס, כאַטש האַק, כאַטש בראָק. „קריך, זאָג איך, שלימאַזל, אין דער ערד אַרײַן גלײַך מיט מיר, ווייס אויך, וואָס באַדײַט אַ טאָגעס אין אַ לאַנגן זומער-טאָג, אַז דו שטייסט אײַן באַ טע-וויען פֿאַר אַ פֿערד!" שטיל אַרום און אַרום, יעדער קנאַק פֿון דער בײַטש רופֿט זיך אָפּ אין וואַלד; די זון זעצט זיך, דער טאָג — ער גויסעט. די שאָטנס פֿון די ביימער ציִען זיך אויס לאַנג, ווי דער יידישער גאָלעס; עס הייבט אָן ווערן פֿינצטערלעך און שטאַרק סומנע אַפֿן האַרצן. פֿאַרשיידענע גע-דאַנקען, מאַכשאָוועסן קריכן אין קאָפּ אַרײַן, אַלערליי גע-שטאַלטן פֿון מענטשן, שוין לאַנג געשטאָרבענע, קומען מיר אַקעגן; און דאָ דערמאָן איך מיך די היים — אַז אָך און ווײ איז מיר! אין שטוב איז פֿינצטער, כווישעך; די קינדערלעך, זאָלן געזונט זײַן, נאַקעט און באָרוועס, קוקן אַרויס נעבעך אַפֿן טאַטן דעם שלימאַזל, טאָמער וועט ער ברענגען אַ ברויטל אַ פֿריש, און עפּשער אַ בולקע אַהיים; און זי, די אַלטע מײַ-נע, געוויינטלעך אַ יידענע, וואָרטשעט: „קינדער באַדאַרף איך אים האָבן, און נאָך זיבן דערצו, כאַטש נעם, גאָט זאָל ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד, וואַרף זיי אַרײַן לעבעדיקערהייט אין טײַך אַרײַן!" גוט צו הערן אַזעלכע דיבורים? מע איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, ווי זאָגט איר, אַ — „באָסאָר וועדאָגים", דעם מאָגן קאָן מען מיט קיין ווערטער ניט פֿאַר-שטופּן; מע כאַפּט אַ שטיקל הערינג, גלוסט זיך טיי, און צו טיי באַדאַרף מען צוקער, און צוקער, זאָגט איר, איז בא בראָדס-קין. „פֿאַרן שטיקל ברויט, זאָגט מײַן ווײַב זאָל לעבן, וועט די קישקע, נישקאָשע, מויכל זײַן, נאָר אָן דעם גלעזל טיי, זאָגט זי, בין איך אינדערפֿרי גאָר אַ טויטע; דאָס קינד, זאָגט זי, אַ גאַנצע נאַכט ציט פֿון מיר די קליי!" און דערווײַל איז מען דאָך עפּעס אַ ייִד אַפֿ דער וועלט, מינכע איז טאַ-קע, ווי זאָגט איר, ניט קיין ציג, זי וועט ניט אַנטלויפֿן, נאָר דאַווענען דאַרף מען. מאָלט אײַך דאָס שיינע דאַווענען, וואָס קאָן שוין זײַן, אַז פּונקט בעשאַס שטעלן זיך שמונה-עסרע, צעלאָזט זיך, מײַסע-סאָטן, דאָס פֿערדל מעשוגענערווײַז; באַ-דאַרף מען לויפֿן נאָכן וואָגן, אײַנהאַלטן די לייצעס און זינ-

גענ „עלויהײ אווראָהאָמ עלויהײ ײִצכאָק וועלויהײ-יאקויוו" — שײנ געשטאנענ שמוינע-עסרע! אונ דאָ, ווי אפצולאָכעס, גלוסט זיכ דאפקע דאוונענ געשמאק, מיט הארצ, טאָמער וועט ווערנ גרינגער אפ דער נעשאָמע...

בעקיצער, איכ לויפ מיר אזוי נאָכנ וואָגנ אונ זאָג די שמוינע-עסרע הויכ, מיט א ניגנ, ווי, לעהאוודל, באמ אָמעד: מעכאלקײל כאיִמ בעכעסעד — דער דאָ טוט טאָנ שפײַזנ אלע זײַנע באשעפענישנ, אומעקײַעמ עמונאָסוי לישײנײ אָפאָר — אפילע די, וואָס ליגנ אינ דער ערד אונ באקנ בײגל. אוי, טראכט איכ מיר, ליגט מענ אינ דער ערד! אוי, ווערט מענ אויסגעריסנ! ניט אזוי, ווי יענע, לעמאָשל, די יעהופעצער נעגידימ מײנ איכ, וואָס זיצנ א גאנצ זומער אינ בויבעריק אפ די דאטשעס, עסנ אונ טרינקענ אונ באָדנ זיכ אינ אלדאָסגוטס. אוי, ריבוינע-שעל-אוילעמ, פארוואָס קומט דאָס מיר? איכ בינ, דאכט זיכ, א ײִד גלײַכ מיט אלע ײִדנ. גוואלד, גאָטעניו, רעײ נאָ בעאָניעינו — זע, זאָג איכ, באטראכט, ווי מיר האָרעווענ, אונ נעמ זיכ אָנ די קריוודע פונ די אָרעמע-לײַט נעבעכ, וואָרעמ ווער דענ וועט זיכ אפ זײ ארומקוקנ, ווענ ניט דו? רעפאָײנו ווענירפײ — שיק אונדז צו די רעפוּע, די מאקע האָבנ מיר שוינ אלײנ... באָרײכ אָלײנו — בענטש אונדז מיט א גוט יאָר, עס זאָל זײַנ א גערעט אפ אלע מינימ טוועס, פונ קאָרנ אונ פונ ווײצ אונ פונ גערשטנ; כאָטש אפילע, צוריק שמועסנדיק, וואָס וועט מיר, שלימאזל, ארויסקומענ דערפונ? אשטײגער לעמאָשל, וואָס קומט ארויס מײַנ פערדל, לעהאוודל, צי האָבער איז טײַער צי וואָלוול? נאָר פע, גאָט פרעגט מענ קײנ קאשעס ניט, אוביפראט א ײִד באדארפ דאָכ אוואדע אָנעמענ אלצדינג פאר גוטנ אונ זאָגנ „גאמ זו לעטויווע", מיסטאמע הײסט גאָט אזוי. וועלאמאלשינימ — זינג איכ מיר ווײַטער — וועלאמאלשינימ, אונ די „סטיקראטנ", וואָס זאָגנ, אז ס'איז ניטאָ קײנ גאָט אפ דער וועלט, וועלנ האָבנ א שײנ פאָנעמ, אז זײ וועלנ קומענ אהינ; זײ וועלנ דאָס אויסקרענקענ מיט פראָצענט, וואָרעמ ער איז א שויווער אויווימ — א גוטער צאָלער, מיט אימ שפילט מענ זיכ ניט, מיט אימ באדארפ מענ גײנ מיט גוטנ, בעטנ אימ, שרײַענ צו אימ: אָוו האָראכמאָנ — דערבארעמדיקער,

האַרציקער פאָטער! שמע קולינו — הער צו אונדזערע קוי־לעס, כוס ווערחמיע אַלינו — האָב ראַכמאָנעס אָפּ מײַן ווײַב און קינדער, זיי זײַנען נעבעך הונגעריק! דעצי — זאָלסט באַוויליקן, זאָג איך, דײַן ליב פאָלק יִסראָעל, ווי אַמאָל אין בייסאַמיקדעש, נאָך בעשאַס די קױהאַנים מיט די לעוויִם...

פּלוצעם — סטוי! דאָס פערדל האָט זיך אָנידערגעשטעלט. איך כאַפּ אָפּ אַפּדערגיך דאָס שטיקל שמונע־עסרע, איך הייב אויף די אויגן און טו אַ קוק — עס קומען מיר אַקעגן גלײַך פון וואַלד אַרויס צוויי מעשונע־מאָדנע נעפּאַשעס, פאַרשטעלט און אָנגעטאָן נישט ווי געוויינטלעך. „גאַזלאָנים!" — איז מיר דורכ־געפלויגן אַ געדאַנק אין קאָפּ, און האָב מיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט צוריק: „פע, טעוויע, ביסט אַ שויטע! סטײַטש, דו פאָרסט אין וואַלד שוין אַזויפיל יאָרן, באַטאָג און באַנאַכט, וואָס איז דיר עפּעס פּלוצעם הײַנט אײַנגעפאַלן גאַזלאָנים?" — וויאָ! מאַך איך צום פערדל און נעם זיך אָן מיט האַרץ און גיב דעם אַ פּאָר שמיצלעך פון הינטן, גלײַך ווי ניט מיך מיינט מען.

— רעב ייִד! הערט נאָר, רעב קאָרעוו! — מאַכט צו מיר איינע פון די צוויי נעפּאַשעס מיט אַ קאָל פון אַ נעקייווע און ווינקט צו מיר מיט אַ פאַטשיילע. — אָנו, שטעלט זיך נאָר אָפּ אויף אַ רעגעלע, וואַרט צו אַ ווײַלעטשקע, אַנטלויפט נישט, מע וועט אײַך, כאָלילע, גאָרנישט טאָן!

„אהא, אַ ניט־גוטער!" — קלער איך מיר, און טאַקע באַלד זאָג איך צו זיך אַליין: „בעהיימע בעצורעס פערד! וואָס עפּעס פּלוצעם אינמיטנדערינען רוכעס מיט שיידים?" און שטעל אָפּ דאָס פערדל. איך הייב אָן גוט אײַנצוקוקן זיך אין די צוויי נעפּאַשעס: נעקייוועס; איינע אַן עלטערע מיט אַ זײַדן טיכל אויפן קאָפּ. די אַנדערע אַ ייִנגערע מיט אַ פּאַריק; ביידע רויט ווי פײַער און שטאַרק פאַרשוויצט.

— אַ גוטן אָוונט, סקאָצל קומט! — מאַך איך צו זיי שטאַרק אויף אַ קאָל, קלוימערשט אין גוטן מוט. — וואָס איז אײַער באַ־געער? אויב איר מיינט עפּעס קויפן, וועט איר בײַ מיר נישט געפינען גאָרניט, סײַדן בויכווייטעק אָפּ מײַנע סאָנימס קעפּ, אָדער האַרצקלעמעניש אַ פולע וואָך, אָדער אַ ביסל קאָפּדרייע־ניש, טרוקענע שמערצן, נאַסע יעסורים, סיפּקע צאָרעס?..

— שאַ, שאַ! — מאַכן זיי, — זע. נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס

א ביסל צעלאָזט! א ייִדן, אז מע זאטשעפּעט מיט א וואָרט, איז מען ניט זיכער מיטן לעבן! מיר דארפן, זאָגן זיי, נישט קויפן גאָרניט, מיר האָבן נאָר געוואָלט א פרעג טאָן בא אײַך, עפּשער ווייסט איר, ווו איז ערגעץ דער וועג קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק? — מאך איך און צעלאך מיך קלוימערשט.— עס האָט בא מיר, זאָג איך, אזא פּאָנעם, פּונקט ווי איר זאָלט מיך, אשטייגער, פרעגן, צי ווייס איך, אז מע רופט מיך טעוויע.

— אזוי? מע רופט אײַך טעוויע? א גוטן אָוונט אײַך, רעב טעוויע! מיר פארשטייען ניט, וואָס איז דאָ — מאכן זיי — דער געלעכטער? מיר זײַנען פרעמדע. פון יעהופּעץ זײַנען מיר, און וווינען דאָ אין בויבעריק אפ א דאטשע, זײַנען מיר, זאָגן זיי, ארויסגעגאנגען אפ א מינוטקעלע שפּאצירן, און דרייען זיך ארום אזוי אין דעם דאָזיקן וואלד פּאוואָלינקע פון גאנץ פרי אָן, בלאָנדזען און בלאָנדזען און קאָנען ניט בעשום־אויפן זיך ארופשלאָגן אפן רעכטן וועג; דערווײַלע, זאָגן זיי, האָבן מיר דערהערט, עמעצער זינגט אין וואלד, האָבן מיר לעכטיילע געמיינט, א קאשע, עפּשער איז דאָס, כאָלילע, א גאזלען? נאָר נאָכדעם, זאָגן זיי, אז מיר האָבן דערזען פון דער נאָענט, אז איר זײַט, דאנקען גאָט, א ייִד, איז אונדז געוואָרן א ביסל גרינגער אפ דער נעשאָמע. הײַנט פארשטייט איר שוין?

— כא־כא־כא, א שיינער גאזלען! — זאָג איך. — איר האָט געהאָרכט אמאָל, זאָג איך, א מײַסע מיט א ייִדישן גאזלען, וואָס איז אָנגעפאלן אפ א דורכגייער און געבעטן בא אים א שמעק טאבעק? אויב איר ווילט, זאָג איך, קאָן איך אײַך דערציילן די מײַסע.

— די מײַסע — זאָגן זיי — לאָזט איבער אפ אן אנדערשמאָל; איר ווײַזט אונדז בעסער אָן דעם וועג קיין בויבעריק.

— קיין בויבעריק? — זאָג איך. — סטײַטש, אָט דאָס איז דאָך דער עמעסער וועג קיין בויבעריק! איר זאָלט אפילע, זאָג איך, נישט וועלן, מוזט איר מיט דעם שליאך אָנקומען גלײַך קיין בויבעריק.

— וואָס זשע שווײַגט איר? — מאכן זיי צו מיר.

— וואָס זשע זאָל איך, זאָג איך, שרײַען?

— ווייבאלד אזוי, מאכן זיי צו מיר, קערט איר שוין וויסן, איז עס נאָך עפּעס ווײַט קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק, זאָג איך, איז נישט ווײַט, עטלעכע ווערסט;

דאָס הייסט, זאָג איך, א ווערסט פֿינף-זעקס אָדער זיבן, און עפּשער טאקע אַלע אכט.

— אכט ווערסט?! — האָבן אויסגעשריִעןביידע ווײַבער מיטאמאָל, געבראָכן די הענט און שיר נישט צעוויינט זיך אַזש. — סטײַטש, וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? א ווערטעלע אויסצורײדן — אכט ווערסט?!

— נו, וואָס זשע, זאָג איך, זאָל איך טאָן? עס זאָל זײַן אין מיר געווענדט, וואָלט איך דאָס געמאכט א ביסל קירצער; א מענטש באַדאַרף, זאָג איך, אַלצדינג אויספּרוּוון אַף דער וועלט. אונטערוועגנס טרעפט זיך, אז מע באַדאַרף, זאָג איך, שלעפּן זיך אין א בלאָטע ארויף א בארג, און נאָך ערעוו-שאַבעס דערצו, דער רעגן שמײַסט אין פּאָנעם, די הענט קליאַנען, דאָס הארץ כאַלעשט, און דאָ — טראַך! עס לאָפּנעט אַן אַקס...

— איר רעדט עפּעס גאָר ווי א דולער, — זאָגן זיי צו מיר, — איר זײַט גאָר נישט בײַ די געדאנקען, כּ'לעבן. וואָס דערציילט איר פּיזמוינעס, באָבעמײַסעס פון טויזנט-איין-נאכט? מיר האָבן שוין קיין קויעך ניט צו פּלאָנטען מיט די פיס; א גאַנצן טאָג האָבן מיר, אַכוץ א גלעזל קאַווע מיט א פּוטער-בולקע, נאָך אין מויל נישט געהאַט, קומט איר צו גייין מיט אײַערע מײַסעס!

— אויב אזוי, — זאָג איך, — איז עפּעס אַנדערש; ווי זאָגט מען, קיין טאַנצן גייט ניט פֿאַרן עסן. דעם טאַם פון הונגער פאַרשטיי איך גאַנץ גוט, איר באַדאַרפט מיר נישט דערציילן. עס קאָן זייער שיין זײַן, זאָג איך, אז איך האָב קיין קאַווע מיט קיין פּוטער-בולקע נישט אָנגעקוקט שוין פון א יאָר... און אַזויווי איך רעד, שטעלט זיך מיר פאַר א גלעזל הייסע קאַווע מיט מילך און מיט א פּוטער-בולקע א פרישע, מיט נאָך גוטע זאכן... „שלימאַזל איינער, טראַכט איך מיר, ביסט טאַקע אַנדערש ניט געצויגן געוואָרן, נאָר אַף קאַווע מיט פּוטער-בולקעלעך? און א שטיקל ברויט מיט הערינג ביסטו קראַנק?" און ער, דער יעיצער-האָרע, ניט געדאכט זאָל ער ווערן, אַפּצולאָכעס קאַווע, אַפּצולאָכעס פּוטער-בולקע! איך הער דעם רייעך פון קאַווע, איך פֿיל דעם טאַם פון פּוטער-בולקע — פרישע, געשמאַקע, מעכײַע-נעפאָשעס!

— ווייסט איר גאָר וואָס, רעב טעוויע? — מאכן צו מיר ביידע ווײַבער. — טאָמער וואָלט געווען א סוואָרע, אזוי ווי מיר

שטייען אָט-אָ-דאָ, זאָלן מיר זיך ארופכאפּן צו אײַך אפן וואָגן, און איר טאקע אליין זאָלט זיך מאטריִען זײַן אונדז אָפּפירן מעכילע אהיים קיין בויבעריק? וואָס וועט איר זאָגן דערויף?

— ס'א מאָשל, זאָג איך, קעכערעס האנישבאָר; איך פאָר פון בויבעריק, און איר דארפט קיין בויבעריק! ווי קומט די קאץ איבערן וואסער?

— נו, איז וואָס? — מאכן זיי. — ווייסט איר ניט, וואָס מע טוט? א ייִד א לאמדן גיט זיך אן אייצע: ער פארקערעװעט דאָס וועגעלע און פאָרט צוריק. האָט קיין מוירע נישט, רעב טעוויע, זאָגן זיי, זײַט זיכער, אימירצעשעם, אז גאָט וועט אונדז ברענגען אהיים בעשאָלעם, ווינטשן מיר זיך דאָס אויסקרענקען, וואָס איר וועט צו אונדז דערלייגן.

„עפּעס ריידן זיי מיט מיר טארגום-לאָשן! — טראכט איך מיר, — פארשטעלט, גאָר נישט ווי געוויינטלעכ!" — און עס קומען מיר ארויף אפן זינען: מייסים, מאכשייפעס, לייצים, פארשלעפּטע קרענק. — שויטע-בען-פּיקהאָלץ! — טראכט איך מיר, — וואָס שטייסטו ווי א פלאָקן? כאפּ זיך ארויף אפן וואָגן, ווײַז דעם פערדל א בײַטש און מאך א וואַיִוראכ!" נאָר מײַסע־סאָטן כאפּט זיך ארויס בא מיר נישט ווילנדיק פונעם מויל:

— קריכט אין וואָגן!

מײַנע האָבן דערהערט, זיך דאפּקע נישט געלאָזט לאנג בעטן און מארש אין וואָגן ארײַן; איך נאָך זיי אפּ דער קעלניע, פארקערעװעט דעם דישל, שמײַט דאָס פערדל: איינס, צוויי, דרײַ, פּאשאָל! — ווער, וואָס, וועמען? א נעכטיקער טאָג! פונעם אָרט וויל דאָס ניט רירן, כאָטש נעם צעשנײַד דאָס אפּצווייען. „נו, טראכט איך מיר, הײַנט פארשטיי איך שוין, וואָס דאָס איז פאר ווײַבער... דער גוטעריאָר האָט מיך געטראָגן זיך אָפּשטעלן אינמיטנדערינען, מאכן א שמועס מיט ווײַבער!..." איר פארשטייט — פון איין זײַט דער וואלד, דאָס שטילקײַט מיטן סומנעקײַט אקעגן נאכט, און דאָ — די צוויי נעפּאשעס, קלוימערשט נעקייוועס... דער קויעך-האדאם ארבעט גאנץ געשמאק אפּ אלע סטרונעס. איך דערמאָן מיך א מײַסע פון א באלעגאָלע, וואָס איז אמאָל געפאָרן אין וואלד איינער אליין און דערזען אפן שליאכ ליגט א זעקל האָבער. מײַן באלעגאָלע האָט דערזען א זעקל האָבער, האָט ער זיך ניט געפוילט,

אראָפּ פונעם וואָגן, געכאַפּט דאָס זעקל האָבער אַפּ די פּלייצעס, זיך איַינגעריסן דאָס געזונט, קוים ארופגעלייגט דאָס זעקל האָבער אפּן וואָגן און — האָלאך לעווילאָמוי, פּאשאָל וויַיטער. ער פאָרט אָפּ אקעגן א ווערסט, ער טוט זיך א כאַפּ צום זעקל האָבער — נישט קיין זעקל, נישט קיין האָבער; ס'איז גאָר א ציג ליגט בא אים אין וואָגן, א ציג מיט א בערדל; ער וויל זי אָנרירן מיט דער האנט, שטעלט זי אים ארויס א צונג אַפּ אַן ארשין, לאָזט ארויס א מעשונע-ווילדן געלעכטער און ווערט פארשוווּנדן...

— פארוואָס פאָרט איר שוין ניט? — מאכן צו מיר די וויַיבער.

— פארוואָס איך פאָר שוין ניט? איר זעט דאָך, זאָג איך, פארוואָס: דאָס פערדל וויל ניט דאוונען, ס'איז ניט אופגעלייגט.

— גיט דעם מיט דער בײַטש, מאכן זיי, איר האָט דאָך א בײַטש.

— א דאנק אײַך, זאָג איך, פאר דער אייצע, גוט, וואָס איר האָט מיר דערמאָנט. דער כיסאָרן, זאָג איך, וואָס מײַן באָכער שרעקט זיך ניט איבער פאר אזעלכע זאכן; ער איז שוין אזוי געווינט מיט דער בײַטש, ווי איך מיטן דאלעס, — זאָג איך צו זיי קלוימערשט מיט א ווערטל, און עס ווארפט מיט מיר דאָס נײַניאָריקע קאדאָכעס.

בעקיצער, וואָס זאָל איך אײַך מײַריך זײַן — איך האָב אויסגעלאָזט מײַן גאנצן ביטער הארץ צום פערדל נעבעך; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפן, עס האָט גערירט פונעם אָרט, וואַיִסו מירעפּידים — און מיר זײַנען אוועק מיטן וואלד גלײַך אונדזער וועג. פאָרנדיק אזוי, פליט מיר דורך אין קאָפּ גאָר א נײַע מאכשאָווע: „אוי, טעוויע, ביסטו א פערדאטש! האכילויסאָ לינפּויל — ביסט געווען א קאפּצן און וועסט בלײַבן א קאפּצן. סטײַטש, גאָט האָט דיר צוגעשיקט אזא באגעגעניש, וואָס טרעפט איין מאָל אין הונדערט יאָר, וויַאזוי באדינגסטו זיך ניט לעכאטכילע, דו זאָלסט וויסן מא יאָקאָר — וואָס וועסטו האָבן דערפאר? ווען מיר זאָלן שמועסן היינ אלפּי-יוישער וועהיינ אלפּי-סאָוועסט, היינ אלפּי-מענטשלעכקײַט וועהיינ אלפּי-דינ און אלפּי-זאקאָנ און אפילע אלפּי ווייס איך וואָס, איז קיין אוולע ניט, מע זאָל דערבײַ עפּעס פארדינען און פארוואָס טאקע ניט אָפּלעקן א ביינדל, אז עס האָט זיך שוין יאָ אזוי געמאכט? שטעל אָפּ דאָס פערדל, דו

בעהיימע, זאָג זיי אזוי און אזוי, בעראָכל ביטכאָ האנאקעטע:
„האָב איך בא אײַך אזויפיל און אזויפיל, איז גוט, עלע ניט, בעטן מיר אײַך, מעכילע, אראָפּ פונעם וואָגן!" נאָך צוריק קלער איך מיר: „ביסט טאקע א בעהיימע, טעוויע! דו ווייסט ניט, אז די פעל פונעם בער טאָר מען אין וואלד ניט פארקויפן, ווי זאָגט דער גוי: ש ט ש ע נ ע פ ו י מ א ו , א ו ו ז ש ע ס ק ו ב ע"...

— לעמיי פאָרט איר נישט א ביסל גיכער? — זאָגן די ווײַבער און טאָרען מיך פון הינטן.

— וואָס האָט איר, זאָג איך, אזוי קיין צײַט ניט? פון אײַלעניש, זאָג איך, קומט קיין גוטס ניט אויס, — זאָג איך, און כאַפּ א קוק מין האצאד אפּ מײַנע פארשווינדלעכ; דאכט זיך, ווײַבער, ווי געווײַנטלעך, ווײַבער: איינע מיט א זײַדן טיכל, די אנדערע מיט א פאריק; זיי זיצן און קוקן איינס אפּס אנדערע און שושקען זיך.

— נאָך עפּעס ווײַט? — פרעגן זיי מיך.

— נעענטער, זאָג איך, ווי פונדאנען אוואדע ניט; אָט באלד, זאָג איך, האָבן מיר א בארג-אראָפּ מיט א בארג-ארוף; נאָכדעם, זאָג איך, גייט ווידער א בארג-אראָפּ מיט א בארג-ארוף, און ערשט נאָכדעם, זאָג איך, האָבן מיר דעם גרויסן בארג-ארוף, און פון דאָרטן גייט שוין דער וועג גלײַך, גלײַך ביז בויבעריק...

— עפּעס א שלימאזל! — רופט זיך אָן איינע צו דער אנדערער.

— א פארשלעפּטע קרענק! — זאָגט די אנדערע.

— א רעשטל צו די צאָרעס! — זאָגט ווידער יענע.

— מיר שײַנט, א מעשוגענער! — זאָגט די אנדערע.

„אוואדע — טראכט איך מיר — בין איך א מעשוגענער, אז איך לאָז מיך פירן בא דער נאָז!"...

— ווו וועט איר זיך, אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, מײַנע ליבע ווײַבער, הייסן אָפּוואַרפן? — רופ איך מיך אָן צו זיי.

— וואָס הייסט, זאָגן זיי, אָפּוואַרפן? וואָס איז פאר אן אָפּוואַרפעכץ?

— עס רעדט זיך אזוי, זאָג איך, באלעגאָלע-שפּראך; אפּ אונדזער לאָשן הייסט דאָס: וווהין וועט איר זיך הייסן פארפירן, אז מיר וועלן קומען, זאָג איך, קיין בויבעריק, אימיר-




איכ וועל מיכ צוזעצנ אפ א ווײַלע אָט דאָ נעבנ אײַכ אפנ גראָז...

צו זײַט 6.




...איכ אליינ... פאַר מיר ארויס אלע פרימאָרגנ אפנ מארק, גיי דורכ
אלע דאטשעס אינ בויבעריק...

צו זײַט 7.

צעשעם, מיטן אייבערשטנס הילף, געזונט און שטארק, אז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן? ווי זאָגט מען: בעסער צוויי מאָל פרעגן איידער איין מאָל בלאָנדזען.

— א? אָט דאָס מיינט איר? איר וועט אונדז, זאָגן זיי, מוחל זײַן צופירן צו דער גרינער דאטשע, וואָס באַם טײַך פון יענער זײַט וואלד. ווייסט איר, ווו דאָס איז?

— פארוואָס זאָל איך ניט וויסן? — זאָג איך. — איך בין אין בויבעריק ווי בא זיך אין דער היים. לאָמיך פארמאָגן די אלאָפים, זאָג איך, וויפל קלעצער איך האָב אהינצו ארײַנגעפירט. אָט ערשט פאראיאָרן זומער, זאָג איך, האָב איך געשטעלט אפ דער גרינער דאטשע צוויי קלאפטער האָלץ מיטאמאָל; דאָרט איז געזעסן איינער א גוויר א גרויסער, פון יעהופעץ, א מיל-יאָנשטשיק פון אוואדע א מייע עלעף קארבן, און עפשער פון רייש אלאָפים.

— ער זיצט הײַנט אויך דאָרטן. — רופן זיך אָן צו מיר ביידע ווײַבער און קוקן איינס אפס אנדערע און שושקען זיך און לאכן.

— שא, זאָג איך, אז דער צאר פון טראָגן איז יאָ אזוי גרויס, קאָן דאָך געמאָלט זײַן, אז איר האָט מיט אים עפעס א שטיקל שײַכעס, — וואָלט עפשער געווען, זאָג איך, א סוואָ-רע, איר זאָלט זיך דאָרט מאטריִען זײַן עפעס א רעד טאָן פון מײַנעטוועגן, א שטיקל טויווע מיר, א פארנאָסע, א שטעלע צי וויס איך וואָס? איך קען, זאָג איך, איינעם א יונגנמאן, ייִסראָעל הייסט ער, ניט ווײַט פון אונדזער שטעטל, געווען א גאָרנישט מיט א נישט; האָט ער זיך דערשלאָגן אהינצו, מע ווייסט נישט פונוואנען און וויִאזוי, — בעקיצער, ער איז הײַנט א גאנצער יא-טעבע-דאם, פארדינט עפשער צוואנציק קארבן א וואָך, צי עפשער גאָר פערציק, איך וויס? — לײַט האָבן גליק! צי אשטייגער, וואָס גייט אָפּ, זאָג איך, אונדזער שויכעטס איידעם? וואָס וואָלט פון אים געווען, ווען ער לאָזט זיך ניט אוועק קיין יעהופעץ? עמעס, די ערשטע עטלעכע יאָר איז ער גוט פארשווארצט געוואָרן, שיר ניט געשטאָרבן פ״נ הונגער. דערפאר אָבער אצינד, כוץ זײַן שאָדן, האלעווײַ אפ מיר גע-זאָגט געוואָרן; ער שיקט שוין געלט אהיים. ער האָט שוין ביישעק ארויסגענומען אהין זײַן ווײַב און קינדער, לאָזט מען אים דאָרט ניט זיצן. איז איז דאָך די קאשע: וויִאזוי זיצט ער?

מוטשעט ער זיך טאקע... שאט, זאָג איך, אז מע לעבט, דער־לעבט מען זיך; אָט האָט איר, זאָג איך, דעם טײַך, און אָט איז די גרויסע דאטשע, — זאָג איך און פֿאָר מיר אַרײַן ברײט־לעך, מיט א ייִרגאָזנ גלײַך מיטן דישל אין גאנצן אַרײַן. מע האָט אונדז נאָך דערזען, איז געוואָרן סאָסן וועסימכע, א געשריי, א געפּילדער: „אוי, די באָבע! די מאמע! די מומע!.. זיך געפֿונען דער שאָדן! מאזלטאָוו!.. גוואלד, ווו זײַט איר געווען?.. א גאנצן טאָג אָן קעפּ... צעשיקט פּאָטשט אַפֿ אַלע וועגן... געמיינט, א קאַשע אַפֿ א מײַסע, עפּשער וועלפֿ, גאז־לאָנים כאס־וועשאָלעם! וואָס איז די מײַסע?..״

— „די מײַסע איז א שיינע מײַסע; געבלאָנדזעט אין וואלד, פֿאַרבלאָנדזעט העט־ווײַט, עפּשער צען ווערסט. פּלוצעם א ייִד... וואָס פֿאַר א ייִד?.. א ייִד א שלימאזל מיט א פֿערד־און־ווע־געלע... קוים מיט צאָרעס אײַנגעבעטן זיך...״ „אַלע בייזע, וויסטע כאלוימעס... אליין, גאָר אָן א שוימער?.. א מײַסע, א מײַסע, באדארפֿט בענטשן גוימל...״

בעקיצער, מע האָט ארויסגעטראָגן לאָמפּן אַפֿן גאנצק, געגרייט צום טיש און אָנגעהויבן טראָגן סאמאָווארן הייסע, מיט בעקנס טיי, מיט צוקע״, מיט אײַנגעמאכטס, מיט פּײַנקוכנס גוטע, מיט פּוטער־געבעקס פֿרישע, שמעקנדיקע, און נאָכדעם עסנס אלערליי, די טײַערסטע מײַכאָלים, ייַיכלעך פֿעטע, מיט געבראָטנס, מיט געגנדזנס א סאך, מיט די בעסטע ווײַנען און נאסטויקעס. איך בין נאָך געשטאנען פֿונדערווײַטנס און באַ־טראכט, וויאזוי, קיין אײַנהאָרע, מע עסט דאָס און מע טרינקט בא די יעהופּעצער נעגידימ, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאטן. „א מאשקן פֿארזעצן, טראכט איך מיר, און א גוויר זאָל מען זײַן!״ מיר דאכט, איך ווייס? וואָס דאָ פֿאלט אראָפּ אַפֿ דער ערד, וואָלט פֿאר מײַנע קינדער גענוג געווען אַפֿ א גאנצע וואָך, ביז שאבעס. גוואלד, גאָטעניו הארציקער, געטרײַער, דו ביסט דאָך עפּעס אָן אייל־ערעך־אפּאַים, א גרויסער גאָט און א גוטער גאָט, מיט כעסעד און מיט יוישער, ווי קומט דאָס, דו זאָלסט אוועקגעבן איינעם גאָר, דעם אנדערן גאָרניט? איי־נעם פּוטער־בולקעס, דעם אנדערן מאקעס־בכוירעס? און צוריק אָבער באטראכט איך מיר: עט, ביסט א גרויסער נאר, טעוויע, כ׳לעבן, וואָס איז שײַעך, דו ווילסט איהם זאָגן א דייע, ווי־

אזוי צו פירן די וועלט? מיסטאמע, אז ער הייסט אזוי, באדארף זײַן אזוי; א סימען האָט איר, אז ווען עס זאָל באדארפן זײַן אנדערש, וואָלט דאָך געווען אנדערש. אײַ וואָס? פארוואָס זאָל טאקע ניט זײַן אנדערש? איז דער טערעץ: אוואָדים האָיִנו — דערופּ זײַנען מיר דאָך עפּעס שטיקלעך יידן אפּ דער וועלט. א ייד באדארפ לעבן מיט עמונע און מיט ביטאָכן; ער באדארפ גלייבן, ערשטנס, אז ס'איז דאָ א גאָט אפּ דער וועלט, און האָפּן אפּ דעם, וואָס לעבט אייביק, אז עס וועט זיך, מיסטאָמע, אימירצעשעם, פארבעסערן...

— שא, ווּ זשע איז ערגעץ דער ייד? — הער איך עמעצער זאָגט. — שוין אוועקגעפאָרן דער שלימאזל!

— כאס-ווּעשאָלעם! — רופּ איך מיך אָן פונדערווײַטן. — וואָס הייכט, איך וועל אוועקפאָרן גלאט אזוי, אָן א זײַט־געזונט? שאָלעם־אַלייכעם, זאָג זיך, א גוטן אָוונט אײַך, ברוכים האיויש־ווים, עסט געזונטערהייט, און לאָז אײַך ווויל באקומען!

— קומט זשע אהער, מאכן זיי צו מיר, וואָס שטייט איר דאָרטן אין דער פינצטער? לאָמיר אײַך אָנקוקן כאָטש, זען וואָס פאר א פּאָנעם איר האָט. עפשער וועט איר נעמען א ביסל בראנפן?

— א ביסל בראנפן? אָך, זאָג איך, ווער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון א ביסל בראנפן? ווי שטייט דאָרטן אין פּאָסעק: איי־זע „לעכאיִמ" ווע ייזע לאמאָוועס — מאכט ראשע: גאָט איז גאָט און בראנפן איז בראנפן. לעכאיִמ! — זאָג איך און האק ארײַן א קויסע. — לאָז גאָט געבן, זאָג איך, איר זאָלט טאָמיד זײַן רײַך און האָבן גרויס נאכעס; יידן, זאָג איך, זאָלן טאָמיד זײַן יידן; גאָט זאָל זיי געבן, זאָג איך, געזונט און קויעך, זיי זאָלן קאָנען אריבערטראָגן די צאָרעס.

— מא שמייכעם? — רופט זיך אָן צו מיר דער גוויר אליין, א שיינער ייד מיט א יארמלקע. — פונוואנעט איז א ייד, ווּ זיצט איר, וואָס איז אײַער פארנאָסע? זײַט איר א באווײַבטער? האָט איר עפּעס קינדער און וויפל קינדער?

— קינדער? — זאָג איך. — ניט צו פארזינדיקן. אויב איט־לעכס קינד, זאָג איך, איז ווערט, ווי מײַן גאָלדע וויל מיך אײַנריידן, א מיליאָן, בין איך רײַכער פונעם גרעסטן גוויר אין יעהופּעץ. דער כיסאָרן, זאָג איך, וואָס אָרעם איז ניט רײַך, קרום איז ניט גלײַך, אזוי ווי אין פּאָסעק שטייט; האַ־

מאוודיל ביינ קוידעש לעכויל — ווער עס האָט די קלינגערס, דעמ איז וויל. געלט האָבנ טאקע די בראָדסקיס, אונ איכ האָב טעכטער. אונ אז מע האָט, זאָגט איר, טעכ־טער, פארגייט דער געלעכטער. נאָר גאָרנישט, גאָט איז א פאָטער. ער פירט אויס, דאָס הייכט, ער זיצט אויבנ אונ מיר מוטשענ זיכ אונטנ. מע האָרעוועט, מע שלעפּט קלעצער, א ברײרע האָט מענ? ווי די געמאָרע זאָגט: בעמאָקוימ שעיינ איש — איז א הערינג פיש. דער גאנצער אומגליק איז — דאָס עסנ. ווי מײַנ באָבע, אָלעוו-האשאָלעמ, פלעגט זאָגנ; „וועג דער פיסק זאָל ליגנ אינ דער ערד, וואָלט דער קאָפּ געגאנגענ אינ גאָלד...״ האָט קיינ פאריבל נישט, זאָג איכ, עס איז ניטאָ קיינ גלײַכערס פונ א קרומענ לייטער אונ קיינ קרומערס פונ א גלײַכ וואָרט, אויבּראַט, זאָג איכ, אז מע מאכט שעהאקל ניהיע בידוואָרוי אפנ ניכטערנ הארצנ.

— לאָז מענ געבנ דעמ ייִדנ עפּעס עסנ! — רופט זיכ אָנ דער גוויר, אונ עס ווערט באשאפנ אפנ טיש פונ קאָל מאאמי־נימ שעהוו: פיש, אונ פלייש, אונ געבראָטנס, אונ פערטלענ אָפּ, אונ פופקעס מיט לעבערלעכ אָנ א שיר.

— איר וועט עפּעס עסנ? — מאכנ זיי צו מיר. — גייט וואשט זיכ.

— א קראנקנ פרעגט מענ, א געזונטנ גיט מענ, נאָר וואָס דענ, זאָג איכ, א דאנק אײַכ. א ביסל בּראנפנ, זאָג איכ, מאַ־כעטייסע, נאָר גיינ זעצנ זיכ אָט דאָ מאכנ א גאנצע סודע, בעשאס דאָרטנ, אינ דער היימ, מײַנ ווײַב אונ קינדער זאָלנ געזונט זײַנ... אויב אײַער גוטער וילנ וועט זײַנ...

בעקיצער, מע האָט זיכ, אפּאָנעמ, געשטויסנ, וואָס איכ מיינ, אונ מע האָט מיר געגומענ פאקנ אינ וואָגנ ארײַנ איט־לעכער באזונדער: דער א בולקע, דער פיש, דער געבראָטנס, דער א פערטל אָפּ, דער טיי אונ צוקער, דער א טעפּל שמאלצ, דער א סלוי אײַנגעמאכטס.

— דאָס וועט איר, מאכנ זיי, ברענגענ אהיימ א מאטאָנע פאר אײַער ווײַב אונ קינדער, אונ אצינד זאָגט, וויפל וועט איר זיכ הייסנ באצאָלנ פאר אײַער טירכע, וואָס איר האָט זיכ מאטריַעכ געוועזנ פונ אונדזערטוועגנ?

— ס׳א מאָשל, זאָג איכ, וואָס איז שײַעכ, איכ וועל מיר

הייסן אָנמעסטן? וויפל אײַער גוטער ווילן וועט זײַן, זאָג איך, אזוי וועט איר מיר באצאָלן. מיר וועלן דורכקומען, ווי זאָגט ער, א רענדל אראָפּ, א רענדל ארוף. „שקראב וועט שוין שקראבעדיקער ניט ווערן"...

— ניין, זאָגן זיי, מיר ווילן האָרכן פון אײַך אליין, רעב טעוויע! האָט קיין מורע ניט. מע וועט אײַך, כאָלילע, נישט קעפּן.

„וואָס טוט מען דאָ? — טראכט איך מיר. — ס'איז שלעכט: זאָל איך זאָגן א קערבל, איז אן אווירע, טאָמער קאָן איך נעמען צוויי. זאָל איך זאָגן צוויי, האָב איך מורע, טאָמער קוקן זיי מיך אָן ווי א מעשוגענעם: פארוואָס קומט דאָ צוויי קארבן?"

„א דרײַערל!!! — האָט זיך ארויסגעכאפּט בא מיר פונעם מויל, און צווישן אוילעם איז געוואָרן אזא געלעכטער, אז איך האָב מיך שיר אין דער ערד באגראָבן.

— האָט קיין פאריבל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך מיך ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט; א פערד, זאָג איך, אפּ פיר פיס, ספּאָטיקעט זיך, אוביפּראַט א מענטש מיט איין צונג... עס איז געוואָרן נאָך א גרעסערער געלעכטער; מע האָט זיך פּאָ-שעט געהאלטן בא די זײַטן לאכנדיק.

— לאָז שוין זײַן גענוג צו לאכן! רופט זיך אָן דער גוויר און נעמט ארויס פון בוזעם-קעשענע א גרויסן טײַסטער און גייט און שלעפּט ארויס פונעם טײַסטער — וויפל מיינט איר, אשטייגער? אנו, טרעפט! — א צענערל, א רויטס אזוי ווי פּײַ-ער, איך זאָל אזוי זײַן געזונט מיט אײַך אינײנעם! — און מאכט אזוי: „אָט דאָס האָט איר פון מיר, און איר, קינדער, גיט אײַך פון אײַער קעשענע, וויפל איר פארשטייט".

בעקיצער, וואָס טויג אײַך — עס האָבן אָנגעהויבן צו פליען אפּן טיש פינפערלעך און דרײַערלעך און איינערלעך — הענט און פיס האָבן מיר געציטערט; איך האָב געמיינט, אָט פאל איך כאלאָשעס.

— נו, וואָס שטייט איר? — מאכט צו מיר דער גוויר. — נעמט צונויף די עטלעכע קערבלעך פונעם טיש און פאָרט גע-זונטערהייט צו אײַער ווײַב און קינדער.

— גאָט זאָל אײַך געבן, זאָג איך, קייפל-קיפלאיִם, איר זאָלט פארמאָגן צען מאָל, הונדערט מאָל אזויפיל, איר זאָלט

האָבן אלדאָסגוטס, מיט גרויס נאכעס! — און זשעברע צונויפּ מיט בײדע הענט דאָס געלט — ווער געציילט? וואָס געציילט? — און שטופּ אין אלע קעשענעס. — א גוטע נאכט, זאָג איך, א גוטן טאָמיד און זײַט געזונט, און זאָלט האָבן, זאָג איך, גרויס נאכעס, איר און אײַערע קינדער און קינדס-קינדער און אײַער גאנצע מישפּאָכע, — זאָג איך און לאָז מיך גיין צום וואָגן. רופט זיך אָן צו מיר די גווירטע, יענע, וואָס מיטן זײַדן טיכל:

— שטייט נאָר א ווײַלע, רעב טעוויע, פון מיר באקומט איר גאָר א באזונדער מאטאָנע; אימירצעשעם, מאָרגן קומט צו פאָרן; איך האָב, זאָגט זי, א מאורע בעהיימע, געווען אמאָל א טײַערע בעהיימע, פלעגט געבן פיר און צוואנציק גלעזער מילך; הײַנט האָט זי פון א גוט-אויג אופגעהערט צו מעלקן זיך, דאָס הייסט, מעלקן מעלקט זי זיך, נאָר קיין מילך גיט זי ניט...

— לאנג לעבן זאָלט איר, זאָג איך, איר זאָלט גאָר קיין יעסורים ניט האָבן, בא מיר וועט זיך אײַער בעהיימע אי מעלקן אי מילך געבן; מײַן אלטע איז, קיין אײַנהאָרע, אזא באלעבאָסטע, אז פון גאָרניט בראָקט זי לאָקשן, פון פינגער קאָכט זי זאטירקעס, מיט ניסים מאכט זי שאבעס און מיט בוכענצעס לייגט זי קינדער שלאָפן... האָט קיין פאריבל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך מיך ארויסגעכאפּט מיט אן איבעריק וואָרט. א גוטע נאכט און א גוטן טאָמיד און זײַט געזונט, — זאָג איך און לאָז מיך גיין. איך קום ארויס אין הויף צום וואָגן, איך טו מיך א כאפּ צום פערדל — אוי-וויי, אן אומגליק, א צאָרע, א שלאק! איך קוק אפּ אלע זײַטן, וועהאיעלעד איינענו — ניטאָ קיין פערדל!

„נו, טעוויע, טראכט איך מיר, דו ביסט אין דער ארבעט!"... און עס קומט מיר ארופ אפן זינען א שיינע מײַסע, וואָס איך האָב אמאָל געלייענט ערגעץ אין א ביכל, וויאַזוי „כעוורע" האָבן דערטאפּט אין דער פרעמד אן ערלעכן ייִדן, א כאָסיד, פארנארט צו זיך הינטער דער שטאָט אין פאלאץ ארײַן, געגעבן אים עסן און טרינקען, און נאָכדעם פלוצעם מיטאמאָל פארשווונדן געוואָרן, אים איבערגעלאָזט איינעם אליין מיט א נעקייווע; פון דער נעקייווע איז באלד געוואָרן א כײַע-ראָע, פון דער כײַע-ראָע האָט זיך אויסגעלאָזט א קאץ און פון דער

קאצ — א פּיפּערנאָטער... „זע נאָר, טעוויע, זאָג איכ צו מיר אלײנ, צי מע פירט דיכ ניט אינ באָד ארײַנ?"

— וואָס באָברעט איר זיכ דאָרטנ, אונ וואָס וואָרטשעט איר? — פרעגט מענ מיכ.

— וואָס איכ באָברע מיכ? — ענטפער איכ, — אז אָכ אונ וויי איז מיר, זאָג איכ, וואָס איכ לעב אפ דער וועלט; איכ האָב א שאָדנ: דאָס פערדל מײַנס...

— אײַער פערדל, מאכנ זיי צו מיר, איז אינ שטאל. זײַט זיכ מאטריעכ אהינצו, אינ שטאל ארײַנ.

איכ קומ ארײַנ אינ שטאל אונ טו א קוק: יאָ, ווי איכ בינ א ייִד! מײַנ באָכער שטייט זיכ גאנצ פײַנ צווישנ די נע-גידישע פערד, שטארק פארטיפט אינעמ קײַענ, רײַבט דעמ האָ-בער געשמאק, אפ וואָס די וועלט שטייט.

— הער נאָר, זאָג איכ צו אימ, כאָכעמ מײַנער, שוינ צײַט אהיימ; מיטאמאָל צוכאפּנ זיכ, זאָג איכ, טאָר מענ נישט; אנ איבעריקער ביסנ, זאָגט מענ, קאָנ פארשאטנ...

בעקיצער, איכ האָב אימ קוימ אײַנגעבעטנ, מעכילע אײַנ-געשפּאנט אימ אינ וואָגנ אונ האָב מיכ געלאָזט אהיימ לעבעדיק-פריילעכ, געזונגענ א „מעלעכ-עליונ" גאָר בעגילופנ. אויכ מײַנ פערדל איז געוואָרנ גאָר נישט דאָס, וואָס פריער, א נײַע פּעל אפ דעמ אויסגעוואקסנ; שוינ נישט געווארט אפ קײנ בײַטש, געלאָפנ ווי א מיזמער. געקומענ אהיימ שוינ שפּעטלעכ אינ דער נאכט, אופגעוועקט מײַנ ווײַב מיט א סימכע, א פרייד.

— א גוט יאָמטעוו, מאכ איכ צו איר, מאזלטאָוו דיר, גאָלדע!

— א וויסטער מאזלטאָוו דיר א פינצטערער, מאכט זי, וואָס ביסטו אזוי יאָמטעוודיק, מײַנ טײַערער ברויטגעבער? דו פאָרסט דאָס פונ א כאסענע צי פונ א בריס, גאָלדשפּינער מײַנער?

— עס איז א כאסענע, זאָג איכ, מיט א בריס! ווארט אויס, מײַנ ווײַב, אָט וועסטו באלד זענ אנ אוצער, זאָג איכ, נאָר קוידעמקאָל וועק אופ די קינדער, לאָזנ זיי נעבעכ אויכ געניסנ, זאָג איכ, פונ די יעהופּעצער מײַכאָלימ...

— צי דו ביסט דול, צי דו ביסט כאָסערדייע, צי דו ביסט גערירט, צי דו ביסט פונעמ זינענ? עפּעס רעדסטו, ווי א מע-שוגענער, סאָנע-ציִענ! — זאָגט צו מיר מײַנ ווײַב אונ שעלט, לייענט די טויכעכע, ווי געוויינטלעכ א ייִדענע.

— א ייִדענע, זאָג איך, בלײַבט א ייִדענע; ניט אומזיסט זאָגט שלוימע האמעלעך, אז צווישן טויזנט ווײַבער האָט ער ניט געפונען איינע א רעכטע. א גליק, כ'לעבן, וואָס ס'איז הײַנט געוואָרן אויס מאָדע צו האָבן א סאך ווײַבער, — זאָג איך און גיי מיר ארויס צו מײַן וואָגן און טראָג ארײַן פון דאָרטן אלע גוטע זאכן, וואָס מע האָט מיר אײַנגעפּאקט, און שטעל דאָס אלצדינג אויס אפן טיש. מײַנע כעוורעלײַט האָבן דערזען בולקעס, דערשמעקט פלייש, זײַנען זיי באפאלן דעם טיש, ווי די הונגעריקע וועלף נעבעך; עס איז געוואָרן צווישן זיי א כאפערײַ, די הענט האָבן געציטערט, די ציין האָבן געארבעט; עס איז געווען ווי אין פּאָסעק שטייט: וו א י ו י כ ל ו — מאכט ראשע; מע האָט געקנאקט ווי די היישעריקן. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן...

— נו, זאָג שוין, מאכט צו מיר מײַן פלויניסטע, — בא וועמען איז דאָס געווען אן אָרעם-מאָלצײַט, צי אזוי א סודע, און וואָס ביסטו אזוי האָפערדיק?

— האָב צײַט, זאָג איך, גאָלדע, דו וועסט אלץ וויסן. דו צעבלאָז נאָר, זאָג איך, דעם סאמאָוואר, און נאָכדעם וועלן מיר זיך ארומזעצן אלע ארום טיש, זאָג איך, טרינקען צו גלעזלעך טיי, ווי עס געהער צו זײַן. א מענטש, זאָג איך, לעבט איין מאָל אף דער וועלט, נישט קיין צוויי מאָל, אוביפראט, זאָג איך, אז מיר האָבן שוין איצט אונדזער אייגנס א בעהיימע פון פיר און צוואנציק גלעזער א טאָג; מאָרגן, אימירצעשעם, ברענג איך זי צו פירן. אנו, גאָלדע, — מאך איך צו איר נאָכדעם, און כאפּ ארויס דעם גאנצן פּאק סיגנאציעס. — אנו, זײַ א בעריע און טרעף, וויפל געלט האָבן מיר דאָ?

איך טו א קוק אף מײַן ווײַב — זי איז אויס מענטש, טויט ווי די וואנט, קאָן קיין וואָרט נישט ארויסריידן.

— גאָט איז מיט דיר, גאָלדע סערצע, זאָג איך, וואָס האָסטו זיך אזוי דערשראָקן? עפשער האָסטו מוירע, זאָג איך, טאָמער האָב איך דאָס געגאנוועט אָדער געגאזלט? פע, זאָג איך, מעגסט זיך שעמען! ביסט טעוויעס ווײַב שוין אזא צײַט און קאָנסט אף מיר איבערטראכטן אזא מײַסע? נארעלע, זאָג איך, דאָס איז קאָשער געלט, פארדינט ערלעך מיט מײַן אייגענעם סייכל און מיט מײַן האָרעוואניע; איך האָב, זאָג איך, מאצל געווען

צווי נעפּאשעס פון א גרויסער סאקאָנע, זאָג איך, ווען ניט איך, גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט זיי געווען!..

בעקיצער, איך האָב איר דערציילט די גאנצע מײַסע, פון אלעף ביז טאָוו, וויאזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפירט ארום און ארום; און מיר האָבן זיך גענומען, ביידע איבערציילן דאָס געלט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל — דאָרט איז געווען פונקט צוויי מאָל כײַ און איינס אַן איבעריקס, האָט איר א קײַמעלאָן, הייסט דאָס, פון זיבן און דרײַסיק קארבן!.. מײַנע האָט זיך אזש צעוויינט...

— וואָס וויינסטו, זאָג איך, נארישע יידענע?

— וויאזוי זאָל איך ניט וויינען, זאָגט זי, אז עס ווײנט זיך? אז דאָס הארץ איז פול, זאָגט זי, גייען די אויגן איבער. גאָט זאָל מיר טאקע, זאָגט זי, אזוי העלפן, ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דו וועסט קומען מיט א גוטער בסורע. איך געדענק שוין ניט, זאָגט זי, די צײַט, ווען די באָבע צייטל, זאָל זײַן ווײַט אָפּגעשיידט, זאָל מיר קומען צו כאָלעם. איך ליג און שלאָף, פלוצעם כאָלעמט זיך מיר א מעלקשעפל, א פולס, ווי אן אויג; די באָבע צייטל, אָלעוו-האשאָלעם, טראָגט דאָס מעלקשעפל אונטערן פארטעך, מע זאָל, כאָלילע, ניט געבן קיין גוט-אויג, און די קינדער שרײַען: מאמע, מאָני!..

— כאַפּ נאָר ניט די לאָקשן פאר שאבעס, זאָג איך, נע-שאָמע מײַנע; לאָז די באָבע צייטל האָבן א ליכטיקן גאניידן, זאָג איך, וויס איך נאָך ניט, צי מיר וועלן פון איר עפּעס האָבן; נאָר אז גאָט, זאָג איך, האָט געקאָנט טאָן אזא נעס, אז מיר זאָלן האָבן א בעהיימע, וועט ער מיסטאמע זען, אז די בעהיימע זאָל זײַן א בעהיימע... גיב מיר בעסער אן אייצע, גאָלדע סערצע, וואָס טוט מען מיטן געלט?

— אדעראבע, מאכט זי צו מיר, וואָס רעכנסטו צו טאָן, טעוויע, מיט אזויפיל געלט, קיין אײַנהאָרע?

— אדעראבע וועאדעראבע, זאָג איך, וואָס רעכנסטו, קאָ-נען מיר מאכן, קיין אײַנהאָרע, מיט אזא קאפּיטאל? — און מיר האָבן ביידע גענומען טראכטן אהין, אהער, דאָס, יענץ, גע-בראָכן זיך דעם קאָפּ, אויסגערעכנט, ווו ערגעץ א געשעפט אפ דער וועלט. יענע נאכט האָבן מיר איבערגעהאנדלט, מיט וואָס איר ווילט; געקויפט פערדלעך א פּאָר און באלד טאקע זיי פארקויפט מיט רעוואָכים; געעפנט א באקאליינע קלייט אינ

בויבעריק, אויסגעפּארקויפּט די סכוירע און באלד גענעפּנט א שניטקראָם; געהאנדלט א שטיקל וואלד, געכאפּט אָפּטריט־געלט עטלעכע קערבלעך און אנטלאָפן; געפּרוווט אויסדינגען די אנאַ־טעווקער טאקסע, נעמען דעם „פּראָיעקט", געמאכט א ביסל האלוואָע, אָפּגעגעבן דאָס געלט אַפ פּראָצענט...

— מעשוגע מײַנע סאָנים! — רופט זיך אָן מײַן ווײַב, — דו ווילסט צעפלעכטן די עטלעכע גראָשנס, בלײַבן מיטן בײַטשל?

— וואָס דען, זאָג איך, האנדלען מיט ברויט און נאָכדעם בלײַבן אַן אָנזעצער איז שענער? קארג, זאָג איך, ווערט היינט די וועלט בעדיל־האראל פון ווייץ? גיי, זאָג איך, האָרכ, וואָס אין אָדעס טוט זיך!

— וואָס טויג מיר, זאָגט זי, אָדעס? מײַנע אָוועס־אָוויסײַנו זײַנען דאָרט נישט געווען, און מײַנע קינדער וועלן דאָרט נישט זײַן, קאָלזמאַן איך לעב און די פיס טראָגן מיך.

— וואָס זשע ווילסטו? — זאָג איך.

— וואָס איך וויל? — זאָגט זי. — איך וויל, זאָלסט ניט זײַן קיין לעקיש און נישט רעדן קיין נארישקײַטן.

— אוואדע, זאָג איך, ביסטו איצטערט א כאכאָמע, ווי זאָגט מען: אז עס קומען די מייעס, קומען די דייעס, און אז מע אין עפּשער רײַך, איז מען געוויס קלוג... ס'איז טאָמיד אזוי!

בעקיצער, מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל צעקריגט און טאקע באלד איבערגעבעטן, און עס איז בא אונדז געבליבן דער פלאן, מיר זאָלן צו דער מאורע בעהיימע צוקויפן נאָך א בעהיימע א מעלקעדיקע, וואָס גיט מילכ...

וועט איר דאָכ מיסטאמע פרעגן א קאשע: וואָס עפּעס א בעהיימע, פארוואָס ניט קיין פערד? וועל איך אײַך ענטפערן: וואָס עפּעס א פערד, פארוואָס ניט קיין בעהיימע? בויבעריק איז דאָכ אן ערטל, וואָס עס קומען זיך צונויפ אהינצו אַפ זומער אלע יעהופּעצער נעגידים אַפ די דאטשעס, און אזוי־ווי די יעהופּעצער לײַט זײַנען אלע זייער איידעלע מענטשן, וואָס זײַנען געצויגן, מע זאָל זיי אלצדינג ברענגען גרייטס, גלײַכ אין מויל ארײַן: פון האָלץ, און פון פלייש, און פון אייער, הינער, ציבעלעס, פעפער, פעטרישקע, — פארוואָס זשע זאָל זיך ניט געפינען איינער אזעלכער, וואָס זאָל זיך אונטער־נעמען ברענגען זיי אלעמאָל אין שטוב ארײַן קעז, און פוטער,

און סמעטענע אוכעדוימע? װעדליק די יעהופּעצער האַלטן פונ דער אכילע, און דאָס קערבל איז בא זײ, װי זאָגט איר, א מאמזער, קאָנ מענ דאָך לײזנ שײנ געלט און פּארדינענ דערבײַ טאקע גראָב. דער איקער, אבי די סכוירע זאָל זײַנ סכוירע; און אזא סכוירע, װי בא מיר, קריגט איר דאָך ניט אינ יעהופּעצ אפּילע. איך זאָל האָבנ די בראָכעס מיט אײַך אינײנעם, װיפל מאָל גרויסע לײַט קריסטנ בעטנ זיך בא מיר, איך זאָל זײ ברענגענ פּרישע סכוירע: „מיר האָבנ געהאָרכט, זאָגנ זײ, טעװעל, אז דו ביסט אנ אָרנטלעכער מאנ, כאָטש דו ביסט א ייִד א פּארך"... מײנט איר, פונ ייִדנ װעט איר האָרכנ אזא קאָמפּלימענט? װי לאנג קרענקענ מײַנע סאָנים! קײנ גוט װאָרט הערט מענ נישט פונ אונדזערע ייִדעלעך. זײ װײסנ נאָר ארײַנקוקנ יענעמ אינ טעפּל ארײַנ. מע האָט דערזענ בא טעװיענ א בעהײמעלע אנ איבעריקס, א בריטשקע א נײַע, — האָט מענ אָנגעהויבנ ברעכנ זיך די קעפּ: פונװאנענ און פונ װאָס? צי האנדלט נישט דער דאָזיקער טעװיע מיט פּאלשע סיגנאציעס? אָדער צי קאָכט ער נישט קײנ ספּירט שטילערהײט, בישטיקע?.. „כא-כא-כא! ברעכט אײַך, ברידערלעך, טראכט איך מיר, די קעפּ געזונטערהײט!"... איך װײס ניט, צי איר װעט מיר גלײבנ — איר זײַט קימאט דער ערשטער, װאָס איך האָב אײַך דערצײלט די גאנצע געשיכטע װיאַזוי און װאָס און װענ... נאָר, מיר דאכט, איך האָב מיך א ביסל פּארעדט. האָט קײנ פּאריבל ניט, מע באדארפ אינ זינענ האָבנ, װי זאָגט איד, אײסעק, אָדער װי אינ פּאָסעק שטײט: ק אָ ל א ו י ר ע װ ו ל ע מ י נ י י ה ו — איטלעכער צו זײַנעמ. איר צו אײַערע ביכלעך, איך צו מײַנע טעפּלעך און צו מײַנע קריגלעך... אײנ זאך װעל איך אײַך בעטנ, פּאני: איר זאָלט מיך כאָטש ניט ארײַנשרײַבנ אינ א ביכל; און אז איר װעט מיך ארײַנשרײַבנ, זאָלט איר כאָטש ניט ארויסשטעלנ דעמ נאָמענ מײַנעמ... זײַט מיר געזונט און האָט אײַך א גוטנ טאָמיד.

געשריבנ אינ יאָר 1895

# א בוידעם

ראבויס מאכשאָוויס בעלעוו איש — אזוי, דאכט זיכ, שטייט בא אונדז געשריבנ אינ דער הייליקער טוירע? פארטײַטשנ דעמ פּאָסעק באדארפ איכ אײַכ ניט, רעב שאָלעמ-אלייכעמ; נאָר בעלאָשנ אשקענאז גערעדט, דאָס הייסט, אפּ פּראָסט יידיש איז דאָ א ווערטל: „דאָס בעסטע פערד באדארפ האָבנ א בײַטש, דער קליגסטער מענטש — אנ אייצע". אקעגנ וואָס זאָג איכ עס, הייסט דאָס? אקעגנ זיכ אליינ טאקע, וואָרעמ אז איכ האָב סייכל אונ קומ ארײַנ צו א גוטנ-פרײַנט אונ דערצייל אימ דאָס אונ דאָס, אזוי אונ אזוי, וואָלט איכ געוויס ניט געהאט אזא מיעסנ פסאק. נאָר וואָס דענ? האכאמים וועהאמאָוועס בעיאד האלאָשנ — אז גאָט וויל שטראָפנ א מענטשנ, נעמט דאָס אָפּ בא אימ דעמ סייכל. איכ טראכט מיר צו זיכ אליינ וויפל מאָל: „בארעכנ נאָר, טעוויע, דו פערד איינער, ביסט דאָכ עפּעס, זאָגט מענ, יאָ נישט קיינ נאר, ווי קומסטו זיכ לאָזנ פירנ אינ באָד ארײַנ, אונ נאָכ אזוי נאריש? וואָס וואָלט דיר אָפּגעגאנגענ אצינדערט-אָ, לעמאָשל, בא דײַנ שטיקעלע פארנאָסע, קיינ אײַנהאָרע, מיט דײַנ ביסל מילכיקס, וואָס האָט אזא שעמ אפּ דער וועלט, כ'לעבנ, אומעטומ, אינ בויבעריק, אינ יעהופּעצ, אונ וווּ ניט? ווי פײַנ אונ ווי זיס וואָלט דאָס געווענ איצטערט-אָ, ווענ די קלינגערס, אשטייגער, ליגנ זיכ שטילערהייט אינ קאסטנ, ווײַט באגראָבנ, קיינ בענ-אָדאָמ ווייסט דערפונ, וואָרעמ ווענמענ גייט דאָס אָנ, איכ בעט אײַכ, צי טעוויע האָט געלט, צי ניינ? איכ מיינ טאקע בעעמעס. א סאכ האָט זיכ די וועלט אינטערעסירט מיט אימ, אז ער איז געלעגנ, ניט הײַנט געדאכט, נישט פאר קיינ יידנ געדאכט, נײַנ איילנ אינ דער ערד, געשטאָרבנ דרײַ מאָל א טאָג פונ הונגער מיט

ווײַב און קינדער? ערשט נאָכדעם, אַז גאָט האָט זיך אַרומ-געקוקט אַף טעוויען, אים באַגליקט מיטאַמאָל, און ער האָט זיך קוים-קוים דערשלאָגן צו אַ שטיקל טאַכלעס, אָנגעהויבן אָפּלייגן אַ קערבל, איז מיט אים געוואָרן פול די וועלט, און טעוויע איז שוין געוואָרן רעב טעוויע גאָר — אַ קאָ-טאָוועס אַ ביסל! עס האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן גוטע-פרײַנט אַ סאַך, ווי אין פּאָסעק שטייט געשריבן: קולאָם אהווים קולאָם ברורים — אַז גאָט גיט מיטן לעפל, גיבן לײַטן מיטן שעפל. איטלעכער באַזונדער קומט צו גיין מיט זײַנעם: דער זאָגט אַ שניטקראָם, דער אַ באַקאַליי, דער זאָגט אַ שטוב, אַ נאַכלע, אַן אייביק געוועך, דער קומט צו גיין—ווייץ, דער — וואַלד, דער — טאָרגעס... — ברידערלעך! — זאָג איך. — טשעפּעט זיך אָפּ! איר האָט, זאָג איך, אַ ווילדן טאָעס; איר מיינט, אַפּאָנעם, איך בין בראָדסקי? לאָמיר דאָס אַלע, זאָג איך, פאַרמאָגן, וואָס איך האָב ווינציקער פון שין קאַרבן, און אַפילע פון רייש, און אַפילע פון קאָן! יענעמס גוטס, זאָג איך, איז גרינג צו שאַצן; יעדן דאַכט זיך, אַז יע-נעמס לײַכט זיך, קומסט צו נאָענט, איז דאָס אַ מעשׂן קנעפּל.

בעקיצער, ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, טאַקע אונדזערע ייִדעלעך מײַנע איך, מע האָט מיר אַ גוט-אויג געגעבן! אַ קאָרעוו האָט מיר גאָט צוגעשיקט, עפּעס אַ שמעלקע, ווייס איך: מײַן פערדס בײַטש-שטעקעלע, ווי מע זאָגט. מענאַכעם-מענדל, הייסט ער, אַ פליִער, אַ ברעכער, אַ לויפער, אַ דרייער, אַ נעכטיקער טאָג, אַף קיין גוט אָרט זאָל ער ניט שטיין! ער האָט מיך דערטאַפּט און פאַרדרייט מיר מײַן קאָפּ מיט כאַלוימעס, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. וועט איר דאָך פרעגן: מאַ נישטאַנע — ווי קום איך, טעוויע, צו מע-נאַכעם-מענדלען? וועל איך אײַך דערויף ענטפערן אַ טערעץ: אוואָדים האָיִנו — ס׳איז אַזוי באַשערט. הערט אַ מײַסע.

איך קום צו פאָרן קיין יעהופּעץ, טכילעס ווינטער, מיט מײַן ביסל מילכיקס — אַ פונט עטלעכע און צוואַנציק פוטער פרישע פון פוטער-לאַנד, מיט אַ פּאָר שיינע וואָרעטשקעס קעז, גאָלד און זילבער, לאָמיר זיך ביידע ווינטשן אַזאַ יאָר! דאָס פאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אַז איך האָב מײַן סכוירע פאַרצוקערט, נישט געלאָזט זיך אַ לעק, איר זאָלט

זאָגנ אפ א רעפוע, קיינ צײַט געהאט אפילע צו זײַנ בא אלע מײַנע זומערדיקע קוינים, די בויבעריקער דאטשניקעס, וואָס קוקנ ארויס אפ מיר, ווי אפ מאָשיִעכנ. וואָרעם אזוי לאנג שמײַסט מענ זיי, אײַערע יעהופעצער סאָכרים, מיינ איך, ווי זיי קאָנענ גאָר געבנ אזא שטיקל סכוירע, ווי טעוויע גיט! אײַך באדארפ איך נישט דערציילנ, ווי זאָגט דער נאָווי: יעהאלעלכאָ זאָר — גוטע סכוירע לויבט זיך אליינ...

בעקיצער, אויסגעפארקויפט אינגאנצנ אד לעפאק אונ אונטערגעוואָרפנ מײַנ פערדל א ביסל היי, גיי איך מיר ארויס אזוי אינ שטאָט. אָדאָם יעסוידוי מייאָפאָר — מע איז דאָך נישט מער ווי א מענטש, גלוסט זיך אָנקוקנ א וועלט, כאפנ לופט, זענ די אנטיקלעך, וואָס יעהופעצ שטעלט ארויס אינ די פענצטער, ווי אײנער רעדט: מיט די אויגנ נא, זע, קוק וויפל דו ווילסט, נאָר מיט די הענט — אזאס!.. שטייענדיק אזוי בא א גרויסנ פענצטער מיט האלבע פריִאלנ אונ קײַר־בלעך זילבערנע א סאך, מיט באנקאָווע בילעטנ אונ מיט גלאט סיגנאציעס אָנ א שיר, טראכט איך מיר בעשאס־מײַסע: ריבוינע־שעל־אוילעם! ווענ איך פארמאָג כאָטש א צענטכיילעק, וואָס אָט דאָס־אָ באטרעפט, וואָס וואָלט איך דעמלט געהאט צו גאָט, אונ ווער וואָלט געווענ צו מיר גלײַך? ריישיס־כאָכמע וואָלט איך א שידעך געטאָנ מיט מײַנ עלטערער טאָכטער, געגעבנ איר טאק קארביצנ נאדנ אכוצ קאלע־מאטאָנעס, אכוצ האלבאָשע מיט כאסענע־הויצאָעס; דאָס פערד־אונ־וועגעלע מיט מײַנע בעהיימעלעך וואָלט איך פארקויפט, באלד ארויסגע־פאָרנ אינ שטאָט ארײַנ, געקויפט אנ אָרט אינ מיזרעך־וואנט, מיינ ווײַב זאָל לעבנ א ביסל פערל, אונ צדאָקע צעטיילט, ווי דער שענסטער באלעבאָס; געזונ, דאָס בעסמעדרעש זאָל זײַנ געדעקט מיט אײַזנ, ניט עס זאָל שטײנ, ווי איצט, אָנ א דאך, גרייט אלע שאָ אפ אײַנצופאלנ; אײַנגעפירט א שטיקל טאלמוד־טוירע אינ שטאָט מיט א ביקער־כוילים, ווי אינ אלע לײַטישע שטעט, ניט אָרעמעלײַט זאָלנ וואלגערנ זיך אפ דער הוילער ערד אינ בעסמעדרעש; יאנקל שייגעצ וואָלט בא מיר געוואָרנ ארויס גאבע אינ כעוורע־קאדישע, געצוג שוינ טרינקענ בראנפנ אונ עסנ פופקעס מיט לעבערלעך אפ קאָהאָלס כעזשבנ!..

— שאָלעם־אלייכעם, רעב טעוויע! — הער איך עמעצער

זאָגט מיר פונ הינטנ. — וואָס מאכט א ייִד? — איך דריי מיך
אויס אונ טו א קוק, איך וואָלט געמעגט שווערנ, א באַ-
קאנטער! „אלייכעמ-שאָלעמ, זאָג איך, פונוואנעט איז א ייִד?“ —
פונוואנענ? פונ קאסרילעווקע, מאכט ער צו מיר, טאקע איַיערס
א פריַינטל, דאָס הייסט, איך קער מיך אָנ, זאָגט ער, מיט
איַיך א שייני בישלישי, איַיער וויַיב גאָלדע, זאָגט ער, איז
מיר אנ אייגנ גליד-גליד-געשוועסטערקינד. „שאט זשע נאָר, זאָג
איך, זיַיט איר עפשער ניט באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיעס אנ
איידעמ?“ — קימאט ווי געטראָפנ, מאכט ער צו מיר, איך בינ
באָרעכ־הערש לייע-דוואָסיעס אנ איידעמ, אונ מיַינ וויַיב הייסט
שיינע-שיינדל באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיעס, הײַנט ווייסט איר
שוינ? „שאט זשע נאָר, זאָג איך, איַיער שוויגערס באָבע,
סאָרע-יענטע, מיט מיַינ וויַיבס מומע, פרומע-זלאטע, זיַינענ,
דאכט זיך, געווענ אויב נישט קיינ אייגענע געשוועסטערקינ-
דער, אונ אויב איך האָב קיינ טאָעס ניט, זיַיט איר דער
מיטלסטער איידעמ בא באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיעס, נאָר וואָס
דענ, איך האָב פארגעסנ, ווי מע רופט איַיך, איַיער נאָמענ,
זאָג איך, איז בא מיר ארויסגעפלויגנ פונ קאָפּ, מא שמייכעמ?
וויִאזוי איז איַיער עמעסער נאָמענ?“ — מיך, זאָגט ער, רופט
מענ מענאכעמ-מענדל באָרעכ־הערש לייע-דוואָסיעס, אזוי רופט
מענ מיך אינ דער היימ, אינ קאסרילעווקע. „אויב אזוי, מיַינ
ליבער מענאכעמ-מענדל, מאכ איך צו אימ, קומט דאָך דיר
טאקע שאָלעמ-אלייכעמ גאָר אפ אנ אנדער אויפנ! זאָג זשע
מיר, מיַינ טיַיערער מענאכעמ-מענדל, וואָס טוסטו דאָ, וואָס
מאכט די שוויגער דיַינע אונ דער שווער זאָל לעבנ? ווי גייט
דאָס דיר, זאָג איך, אינ געזונט, אונ וואָס מאכנ עפּעס דיַינע
געשעפטנ? — עט, מאכט ער, אינ געזונט גאָט צו דאנקענ, מע
לעבט; נאָר די געשעפטנ, זאָגט ער, זיַינענ עפּעס הײַנט ניט
אזוי פויגלדיק. „גאָט וועט העלפנ“, מאכ איך אונ כאפּ א קוק
אפ זיַינע מאלבושימ נעבעכ: אויסגעטריפּעט אינ א סאכ ער-
טער, אונ די שטיוול, מעכילע, צעטרענט, סאקאָנעס-נעפּאָשעס...
„נישקאָשע, גאָט, זאָג איך, וועט העלפנ. עס וועט זיך מיס-
טאמע פארבעסערנ, ווי אינ פּאָסעק שטייט: האקויל העוועל—
געלט, זאָג איך, איז קיַילעכדיק; הײַנט אזוי, מאָרגנ אזוי, אבי
מע לעבט; דער איקער, זאָג איך, איז ביטאָכנ, א ייִד באדארפ

האָפּן; אײַ, מע ווערט, זאָג איך, פאַרשוואַרצט? דערופֿ זײַנען מיר דאָך עפּעס ייִדן אפֿ דער וועלט, ווי זאָגט מען: ביסטו א זעל-נער, שמעק פּולווער. מאָשל קעכערעס האַנישבאָר — די גאַנצע וועלט, זאָג איך, איז א כאָלעמ... דו זאָג מיר בעסער, מענאַכעמ-מענדל סערצע, ווי קומסטו אהער, פּלוצעמ אינמיטנדע-רינען אינ יעהופּעצ גאָר?" — וואָס הייסט, מאַכט ער, ווי איך קומ אהער? איך בינ שוינ הי, זאָגט ער, פּאַוואָלינקע אזוי גרויס, ווי א יאָר אָנדערהאַלבן. „אזוי גאָר? ביסטו, הייסט דאָס, א היגער, זאָג איך, טאַקע א יעהופּעצער טוישעוו?" — ש ש ש — מאַכט ער צו מיר אונ קוקט זיך ארומ אפֿ אלע זײַטן, — שרײַט נישט אזוי הויך, רעב טעוויע; א היגער, זאָגט ער, בינ איך טאַקע, נאָר צווישנ אונדז, זאָגט ער, באַדאַרפֿ עס בלײַבן.. איך שטיי אונ קוק אימ אָנ מאַקע נאָר ווי א מעשוגענעמ. „ביסט א בוירייעך, זאָג איך, באַהאַלטסט זיך אינ יעהופּעצ אינמיטנ מאַרק?" — פּרעגט ניט, זאָגט ער, רעב טעוויע, ס'איז רעכט; איר זײַט, אפּאָנעמ, גאָר נישט באַקאַנט מיט די יעהופּעצער דינימ אונ מינהאָגימ... קומט, זאָגט ער, וועל איך אײַך דערציילן, וועט איר פאַרשטיינ, וואָס הייסט מע איז יאָ א היגער אונ נישט קיינ היגער... אונ ער האָט מיר אָנגעהויבנ לייענען א צעטל, א גאַנצע מעגילע, ווי אזוי מע ווערט דאָ א ביסל אויסגעריכט... „אָט פּאָלג מיך, מענאַכעמ-מענדל, פּאָר זיך דורך צו מיר אינ דאָרפֿ אפֿ א טאָג, וועסט זיך א ביסל אויסרוען די בייניער כאָטש; וועסט זײַנ, זאָג איך, א גאַסט אונ אנ אָנגעלייגטער דערצו, מײַנ אלטע וועט זיך מיט דיר מעכײַע זײַנ".

בעקיצער, איך האָב בא אימ געפּויעלט: מיר פּאָרנ איניי-נעמ. געקומענ אהיימ — א געדולע! א גאַכט! אנ אייגנ גליד-גליד-געשוועסטערקינד! א קליינקײַט, ווי זאָגט איר: אייגנס איז ניט פרעמדס. עס האָט זיך אָנגעהויבנ א כאַסענע: וואָס הערט זיך אינ קאַסרילעווקע? וואָס מאַכט דער פעטער באָרעך-הערש? וואָס טוט די מומע לייע-דוואָסיע? דער פעטער יאָסל-מענאַשע? די מומע דאָברישע? אונ די קינדער זייערע וואָס מאַכנ? ווער איז געשטאָרבנ? ווער האָט כאַסענע געהאַט? ווער האָט זיך געגעט? ווער איז געלעגנ געוואָרנ אונ ווער איז אפֿ דער צײַט? „וואָס טויג דיר, מײַנ ווײַב, פרעמדע כאַסענעס, זאָג איך, מיט פרעמדע בריסנ? דו זע בעסער, זאָג איך, ס'זאָל זײַנ וואָס צו נע-

מענ אינ מויל אריַנ. קאָל דיכפינ יעיסע וועיִצראכ — פארנ עסנ, זאָג איכ, גייט קיינ טאנצ נישט. אויב, זאָג איכ, א באָרשט, איז מא טויוו, עלע ניט — מאכט ניט אויס, זאָג איכ, קנישעס אָדער קרעפּלעכ, מאָנשקעס, צאָרעס-קניידלעכ, צי עפּשער גאָר, זאָג איכ, בלינצעס, ווערטליקעס, ווערטוטנ. עס מעג זיַנ, זאָג איכ, מער מיט א געריכט, אבי גיכ".

בעקיצער, מע האָט זיכ געוואשנ אונ גאנצ פיַנ פארביסנ, ווי זאָגט איר: וואיויכלו — מאכט ראשע: ווי גאָט האָט געבאָטנ. „פארביַס, מענאכעם-מענדל, מאכ איכ צו אימ, ס'איז בעמיילע, ווי זאָגט דאָוויד האמעלעכ, העוועל-האוואָלימ, א נארישע וועלט אונ א פאלשע, אונ געזונט, אזוי פלעגט זאָגנ מיַנ באָבע נעכאמע זייכער ליוודאָכע — געוועזנ א קלוגע יידענע, א כאכאָמע ניפלאָע — געזונט אונ פארגעניגנ זאָל מענ זוכנ אינ שיסל"...

מיַנ גאסט נעבעכ, די הענט האָבנ אימ אזש געציטערט, האָט זיכ גאָר נישט געקאָנט אָפּליבנ פונ מיַנ וויַבס מעלאָכע, געשוואָרנ בא אלדאָסגוטס, אז ער געדענקט שוינ גאָר ניט די ציַט, ווענ ער זאָל עסנ אזא מילכיקס, אזעלכע געראָטענע קנישעס מיט אזוינע באטאמטע ווערטוטנ. „נארישקיַטנ, זאָג איכ, דו זאָלסט פארזוכנ, מענאכעם-מענדל, איר טייגעכצ, זאָג איכ, אָדער א מאהינע, וואָס זי מאכט, וואָלסטו דעמלט ערשט געוווסט, וואָס הייסט טאמ-גאניידנ אפ דער וועלט!"

בעקיצער, אָפּגעגעסנ אונ אָפּגעבענטשט, האָט מענ זיכ א ביסל צערעדט איטלעכער פונ זיַנעמ, ווי געוויינטלעכ; איכ — פונ מיַנע געשעפטנ, ער — פונ זיַנע; איכ — פונ דעמ, פונ יענעמ, לאָקש, בוידעמ, ציבעלע, ער — פונ זיַנע געשעפטנ, דערציילט מיַסעס פונ אָדעס אונ פונ יעהופּעצ, וויִאזוי ער איז שוינ געוועזנ א מאָל צענ, ווי זאָגט מענ, „נא קאָני אונ פיד קאָנעמ"; היַנט א נאָגיד, מאָרגנ א קאפּצנ, אונ וויַטער אמאָל א נאָגיד אונווידעראמאָל אנ עוויענ; געהאנדלט מיסכאָרימ עפּעס אלצ אזעלכע, וואָס איכ האָב אינ מיַנ לעבנ נישט געהערט, מעשונע-אומגעלומפּערטע: „האָס" אונ „בעס", אונ „אקציעס-שמאקציעס", „פּאָטיווילעוו", „מאלצעוו-שמאלצעוו", דער גוטער-יאָר ווייסט זיי דאָרטנ, אונ כעזשבוינעס מעשוגענערוויַז, צענ טויזנט, צוואנציק טויזנט — געלט ווי האָלצ! „איכ זאָג דיר דעמ עמעס, מענאכעמ-מענדל, זאָג איכ צו אימ, מיילע דאָס,

וואָס דו דערציילסט פון דײַנע מאַסע-מאַטנס, איז דאָס אוואדע א בעריעשאפט, מע באדארף עס קאָנען; נאָר איין זאך פארשטיי איך ניט: ווערליק איך קען, זאָג איך, דײַן באָכערטע איז מיר, זאָג איך, א גרויס כידעש, וואָס זי לאָזט דיך אזוי פליִען און קומט נישט צו דיר, זאָג איך, רײַטנדיק אף א בעזעמ״. — ע! — מאכט ער צו מיר מיט א זיפצ. — דאָס זאָלט איר מיר, רעב טעוויע, גאָר נישט דערמאָנען, איך האָב פון איר אזוי אויך, זאָגט ער, קאלט און ווארעם; איר זאָלט האָרכן, זאָגט ער, וואָס זי שרײַבט מיר, וואָלט איר אליין געזאָגט, אז איך בין א צאדיק, נאָר דאָס, זאָגט ער, איז פון די קליינע זאכן, דערופ איז זי א ווײַב, זי זאָל מיך באגראָבן. ס'איז פאראן, מאכט ער, א סאך אן ערגערע זאך: איך האָב, פארשטייט איר מיך, מײַן אייגנס א שוויגער! איך באדארפ אײַך נישט דערציילן, זאָגט ער, איר קענט זי!.. „עס קומט אויס בא דיר, זאָג איך, ווי עס שטייט: אקודים, נעקודים אוודודים — דאָס הייסט, א מאקע אפ א מאקע און אפ דער מאקע א בלאָטער?״ — יאָ, מאכט ער, רעב טעוויע, איר זאָגט דאָס גאנצ גלײַך; די מאקע איז טאקע א מאקע, נאָר דער בלאָטער, זאָגט ער, אוי, דער בלאָטער איז ערגער פון דער מאקע!..

בעקיצער, מיר האָבן אזוי פאוואָלינקע געפלאפלט ביז העטשפעט אין דער נאכט ארײַן; דער קאָפּ האָט זיך מיר אזש געדרייט פון זײַנע מײַסעס מיט די ווילדע געשעפטן מיט די טויזנטער, וואָס פליִען ארופ און אראָפּ, און מיטן פארמעגן, וואָס בראָדסקי פארמאָגט... עס האָבן זיך מיר נאָכדעם א גאנצע נאכט געפלאָנטעט: יעהופּעצ... האלבע פּריִאלן... בראָדסקי... מע-נאכעם-מענדל מיט דער שוויגער... ערשט אפ מאָרגן אינדערפרי האָט ער אויסגעקוועטשט זיך: וואָס איז? בײַשער אזויווי עס גייט, זאָגט ער, בא אונדז אין יעהופּעצ א שטיקל צײַט, וואָס געלט איז ביכשיוועס גאָדל, און סכוירע ליגט אין דער ערד, בעכיינ, זאָגט ער צו מיר, אצינדערט האָט איר בעיאד, רעב טעוויע, כאפּן היפּשע עטלעכע גראָשנס, און מיך, זאָגט ער, וועט איר מאמעש דערהאלטן באם לעבן, פּאָשעט מעכײַע-מייסים זײַן, פון טויט לעבעדיק. „רעדסט ווי א ייִנגל, מאכ איך צו אים, מיינסט, אפּאָנעם, בא מיר איז יעהופּעצער געלטן, האלבע פּריִאלן? נארעלע, זאָג איך, וואָס מיר פעלט צו בראָדסקיִן, מעגן מיר זיך ווינטשן,

מיר זאָלן דאָס ביידע פאַרדינען ביזן פּייסעך". — יאָ, מאַכט ער, דאָס ווייס איך אַליין; נאָר איר מיינט, זאָגט ער, מע באַדאַרף דערצו האָבן גרויסע געלטן? איין הונדערטער, זאָגט ער, ווען איר גיט מיר אַצינד, מאַך איך אייַך פון אים אין דרייַ-פיר טאָג צוויי הונדערט, דרייַ הונדערט, זעקס הונדערט, זיבן הונ־דערט, און פאַרוואָס ניט טאַקע אַלע טויזנט? „עס קאָן זייער שיין געמאָלט זייַן, זאָג איך, עס זאָל זייַן, ווי אין פּאָסעק שטייט: קאָרעוו ליסכאַר ווערחאָכעק מיקעשענע. נאָר ווען, זאָג איך, איז דאָס גערעדט געוואָרן? אַז ס'איז דאָ וואָס אייַנ־צושטעלן; אָבער אַז ס'איז ניטאָ דער הונדערטער, קומט דאָך אויס, זאָג איך, בעגאַפּוי יאָוווי בעגאַפּוי יעיצי" — מאַכט ראַשע: אַז מע לייגט אַרייַן קרענק, נעמט מען אַרויס קאַדאָ־כעס". — עט, נו, מאַכט ער צו מיר, אַ הונדערטער וועט זיך נאָך בא אייַך, רעב טעוויע, געפינען; בא אייַער פּאַרנאָסע, זאָגט ער, מיט אייַער נאָמען, קיין אייַנהאָרע... „וואָס קומט, זאָג איך, אַרויס פונעם נאָמען? אַ נאָמען איז אַוואַדע זייער אַ גוטע זאַך; נאָר וואָס דען? איך בלייַב באַם נאָמען, און געלט האָט טאַקע אַלץ בראָד־סקי... אויב דו ווילסט, זאָג איך, וויסן אַקוראַט, פאַרמאָג איך מייַן אייגנס אַרום און אַרום קוים-קוים אַ הונדערטער, האָב איך אַף אים אַכצן לעכער: ערשטנס, כאַסענע מאַכן אַ טאָכטער"... — הערסטו, מאַכט ער, אָט דאָס מיינט דאָך טאַקע דער פּאָסעק! וואָרעם ווען, זאָגט ער, קאָנט איר, רעב טעוויע, האָבן אַזאַ געלעגנהייַט אַרייַנלייגן איין הונדערטער און אַרויסנעמען, אימירצע־שעם, אַזויפיל, אַז עס זאָל אייַך, זאָגט ער, כאַפּן אי אַף כאַ־סענע מאַכן קינדער, אי אַף עפּעס נאָך? און ס'איז אַוועקגע־גאַנגען אַ נייַער מיזמער אַף דרייַ זייגער-שאָ, מיר געבן צו פאַרשטיין, וויִאַזוי ער מאַכט פון אַ קערבל דרייַ און פון דרייַ צען. מע נעמט, זאָגט ער, ריישיס-כאָכמע, און מע טראָגט אַרייַן אַ הונדערטער און מע הייסט זיך, זאָגט ער, קויפן אַ צען שטיקלעך — איך האָב שוין פאַרגעסן, וויִאַזוי מע רופט דאָס — און מע וואַרט צו עטלעכע טעג, ביז עס הייבט זיך אויף. שלאָגט מען אַ דעפּעש ערגעץ אַהין, מע זאָל דאָס פאַרקויפן און פאַרן געלט קויפן צוויי מאָל אַזויפיל; נאָכדעם הייבט זיך עס ווידער־אַמאָל, קלאַפּט מען ווידער אַ דעפּעש; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס ווערט, זאָגט ער, פונעם הונדערטער — צוויי, פון די

צוויי — פיר, פונ די פיר — אכט, פונ די אכט — זעכצנ, טאקע
מאמעש ניסים וועניפלאָעס! פאראנ, זאָגט ער, אינ יעהופּעצ
אזעלכע, וואָס זײַנענ ערשט אָט דאָ ניט לאנג ארומגעגאנגענ אָנ
שטיוול, געווענ מעקלער, באהעלפערס, מעשאָרסימ; הײַנט האָבנ
זיי אייגענע הײַזער, מויערנ, זייערע ווײַבער האָבנ צו טאָנ מיט
די מאָגנס — פּאָרנ קיינ אויסלאנד זיכ היילנ... אונ אליינ פליִענ
זיי ארומ איבער יעהופּעצ אפ גומעלאסטיקענע רעדלעכ, פו-פו —
דערקענענ שוינ נישט קיינ מענטשנ!..
בעקיצער, וואָס זאָל איכ אײַכ דאָ לאנג מײַריכ זײַנ? עס
האָט מיכ אָנגענומענ א כיישעק ניט אפ קאטאָוועס. א קאשע
אפ א מײַסע, טראכט איכ מיר, עפשער איז ער דער גוטער
שאָליִעכ מײַנער? אָט האָרכ איכ דאָכ פּאָרט, מענטשנ ווערנ גליק-
לעכ אינ יעהופּעצ מיט פינפ פינגער, — וואָס בינ איכ ערגער
פונ זיי? קיינ ליגנער איז ער, דאכט זיכ, נישט, ער זאָל אויס-
טראכטנ פונעמ קאָפּ אזעלכע פּיזמוינעס. טאָמער טאקע, קלער
איכ מיר, טוט זיכ עס טאקע א דריי, ווי זאָגט איר, אפ דער
רעכטער זײַט, אונ טעוויע ווערט כאָטש אפ דער עלטער א שטיקל
מענטש? ביזוואנעט איז טאקע דער שיר צו האָרעווענ, אויס-
געריסנ ווערנ, כ׳לעבנ? טאָג ווי נאכט ווידעראמאָל דאָס פערד-
אונ-וועגעלע אונ אָבעראמאָל קעז אונ פּוטער. צײַט, זאָג איכ,
טעוויע, זאָלסט שוינ אָפּרוענ זיכ, ווערנ א באלעבאָס צווישנ
באלעבאטימ, קומענ אינ א בעסמעדרעש, ארײַנקוקנ אינ א ייִדישנ
סייפער. אײַ וואָס? טאָמער כאָלילע, לוי יאלע ווערלוי יאָווי,
עס מאכט מיר לעמל, דאָס הייסט, מיט דער פּוטער אראָפּ?
לעמײַ זאָל איכ בעסער ניט קלערנ דאָס אייגענע צוריק? —
„הא? וויִאזוי זאָגסטו? — רופ איכ מיכ אָנ צו מײַנ אלטער. —
ווי געפעלט דיר, אשטייגער, גאָלדע, דער פּלאנ זײַנער?" — וואָס
זאָל איכ, מאכט זי, דערופ זאָגנ? איכ ווייס, זאָגט זי, מענאכעמ-
מענדל איז, כאָלילע, נישט קיינ אבי-ווער, וואָס זאָל בא דיר
וועלנ אויסנארנ; ער איז, כאסוועשאָלעמ, ניט פונ קיינ שנײַ-
דערס אונ פונ קיינ שוסטערס! ער האָט, זאָגט זי, זייער א לײַ-
טישנ טאטנ, אונ א זיידנ, זאָגט זי, האָט ער געהאט גאָר א צאצקע,
געזעסנ יוימאָמ-וואָלײַלאָ אונ בלינדערהייט געלערנט טוירע. אונ
די באָבע צייטל, זאָל זײַנ ווײַט אָפּגעשיידט, איז עפּעס אויכ
געווענ, זאָגט זי, ניט קיינ פּראָסטע ייִדענע... „ס׳איז א מאָשל

צו כאנעקע-ליכטלעך, זאָג איך, מע רעדט אייסעק, קומט זי צו גיין מיט דער באָבע צייטל, וואָס האָט געבאקן האָניק-לעקעך, און מיט איר זיידן, וואָס יאָצאָ נישמאָסוי ביגלעזל... א ייִדענע בלייַבט א ייִדענע. נישט אומזיסט, זאָג איך, איז שלוימע האמעלעך אויסגעפאָרן די גאנצע וועלט און נישט געפונען קיין ייִדענע מיט א קלעפּקע אין קאָפּ״...

בעקיצער, עס איז געבליבן, אז מיר שליסן שוטפעס; איך לייג אריַין געלט, און מענאכעם-מענדל — סייכל, און וואָס גאָט וועט געבן, איז דאָס אפּדערהאלב. — גלייבט מיר, זאָגט ער, איך וועל מיט אייַך, רעב טעוויע, אימירצעשעם, אויסהאנדלען פייַן, וואָס פייַן הייסט, און וועל אייַך מיט גאָטס הילף געבן געלט און געלט! „אָמיין, גאם אטעם, זאָג איך, פון דייַן מויל אין גאָטס אויערן. נאָר וואָס דען, זאָג איך, איין זאך פארשטיי איך דאָ ניט: וויִאזוי קומט די קאץ איבערן וואסער? איך בין דאָ, דו ביסט דאָרט; געלט, זאָג איך, איז אן איידעלע מאטעריע, פארשטייסטו מיך. האָב קיין פאריבל ניט, זאָג איך, איך מיין דאָ, כאָלילע, קיין אויבערקעפּלעך. גלאט, ווי שטייט דאָרט בא אווראָם אָווינו: האזוירים בעדימאָ בערינאָ ייִקצוירו — בעסער פריִער באוואָרנט איידער נאָכדעם באוויינט״... — אָך! — מאכט ער צו מיר. — עפּשער מיינט איר צעשרייַבן זיך אפּ פּאפּיר? מיטן גרעסטן קאָוועד! — „שא, זאָג איך, אז מע וויל שמועסן צוריק, איז אויך די אייגענע מייַסע: מימאָנעפשעך, וועסטו מיך וועלן קוילען, וואָס וועט מיר העלפן דאָס פּאפּיר? לאוו אכבראָ גאנוואָ — נישט דאָס וועקסל צאָלט, דער מענטש צאָלט, און אז איך הענג שוין אפּ איין פוס, זאָג איך, לאָמיך הענגען אפּ ביידע״. — איר מעגט מיר גלייבן, זאָגט ער, רעב טעוויע, איך שווער אייַך בא מייַן הייליקע נעמאָנעס, גאָט זאָל מיר אזוי העלפן, ווי איך מיין דאָ ניט קיין כאָכמעס, כאָלילע אויסנארן בא אייַך, נאָר פייַן און אָרנטלעך, אימירצעשעם, זיך טיילן אפּדערהאלב, גלייַך אפּ גלייַך, כיילעק קעכיילעק, כאָצי שעלי וועכאָצי שעלאָך, מיר הונדערט, אייַך הונדערט, מיר צוויי הונדערט, אייַך צוויי הונדערט, מיר דרייַ הונדערט, אייַך דרייַ הונדערט, מיר פיר הונדערט, אייַך פיר הונדערט, מיר טויזנט, אייַך טויזנט...

בעקיצער, איך האָב ארויסגענומען די עטלעכע קערבלעך,

דרײַ מאָל איבערגעציילט, די הענט האָבן מיר בעשאס-מײַסע גוט געטרייסלט זיכ, צוגערופנ די אלטע מײַנע פאר אנ איידעס, אימ נאָכאמאָל קלאָר געמאכט, וואָס פאר א בלוטיק געלט דאָס איז, אונ אוועקגעגעבנ מענאכעמ-מענדלענ, אײַנגענייט אימ אינ בוזעמ ארײַנ, מע זאָל דאָס בא אימ, כאָלילע, אונטערוועגנס נישט אוועקלאקכענענ, אונ אָפגערעדט מיט אימ, אז אימירצעשעמ, לוי-יעוכער פונ נאָכ שאבעסדיקער וואָכ באדארפ ער מיר לעמאנהאשעמ ארײַנשרײַבנ א בריוול פונ אלצדינג באריכעס, זיכ אָפגעזעגנט מיט אימ פײַנ, שיינ, צעקושט זיכ גאָר פרײַנטלעכ, ווי געוויינטלעכ מיט אנ אייגענעמ. געבליבנ אליינ נאָכ זײַנ אוועקפאָרנ, האָבנ זיכ מיר אָנגעהויבנ פאָרשטעלנ אלערליי מאכשאָוועס אונ כאלוימעס אפ דער וואָר, אונ אזעלכע זיסע כאלוימעס, אז עס האָט זיכ מיר געוואָלט, אז זיי זאָלנ זיכ ציִענ אייביק, קיינמאָל נישט אויסלאָזנ זיכ. עס האָט זיכ מיר פאָרגעשטעלט אינמיטנ שטאָט א שטוב א גרויסע, מיט בלעכ געדעקט, מיט שטאלנ, מיט קאמערנ, קעמערלעכ אונ שפיזארנעס מיט אלדאָסגוטס, אונ א באלעבאָסטע מיט שליסל דרייט זיכ ארומ, דאָס איז מײַנ ווײַב גאָלדע — גאָר נישט צו דערקענענ זי כ'לעבנ: זי האָט באקומענ גאָר אנ אנדער פאָנעמ, א פאָנעמ פונ א נעגידעס, מיט א גוידער אונ מיט א האלדז פערל; זי בלאָזט פונ זיכ אונ שעלט די דינסטנ מיט טויטע קלאָלעס. די קינדער מײַנע דרייענ זיכ ארומ אלע מיט שאבעסדיקע קליידער, טוענ נישט קיינ האנט אינ קאלט וואסער. דער הויפ איז פארפלייצט מיט אויפעס, גענדז אונ קאטשקעס. אינווייניק אינ שטוב לײַכט זיכ, אינ אויוונ פלאקערט א פײַער, עס קאָכט זיכ וועטשערע, אונ דער סאמאָוואר זידט ווי א גאזלענ! באמ טיש אויבנאָנ זיצט דער באלעבאָס אליינ, טעוויע הייסט דאָס, אינ א כאלאט מיט א יארמלקע, ארומ אימ זיצנ די פאָרנעמסטע באלעבאטימ פונ שטאָט אונ כאנפענענ אימ: זײַט זשע מויכל, רעב טעוויע... האָט קיינ פאריבל ניט, רעב טעוויע... „אײַ, קלער איכ מיר בעשאס-מײַסע, א רועכ אינ געלטס טאטנס טאטנ ארײַנ!..‟ — וועמענ שעלטסטו דאָס אינ טאטנ ארײַנ? — פרעגט מיכ מײַנ גאָלדע. „קיינעמ ניט, זאָג איכ, איכ האָב מיכ א ביסל פארטראכט, מאכשאָוועס, כאלוימעס, א נעכטיקער טאָג... זאָג מיר, גאָלדע סערצע, מאכ איכ צו איר, דו ווייסט נישט, מיט

וואָס האַנדלט ער, דער קאָרעוו דזיִנער, מענאַכעם־מענדל מײַנ־איכ?" — וואָס עס האָט זיכ מיר, זאָגט זי, געכאָלעמט יענע נאַכט און הײַנטיקע נאַכט און אַ גאַנצ יאָר זאָל אויסגײַנ צו מײַנע סאָנימס קעפּ! סטײַטש, זאָגט זי, מע זיצט אָפּ מיט אַ מענטשנ אַ גאַנצ מעסלעס און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט, לעסאָף קומסטו צו גײַנ און פרעגסט בא מיר, מיט וואָס ער האַנדלט?! עפּעס האָט איר דאָכ, זאָגט זי, געמאַכט אײַנײנעם אַ געשעפט צי וועלכע גוטע יאָר? „יאָ, זאָג איכ, געמאַכט, זאָג איכ, האָבנ מיר, נאָר וואָס געמאַכט — דאָס ווײס איכ ניט, כאָטש נעמ מיר אראָפּ דעמ קאָפּ! ס'איז, פאַרשטײַסטו מיכ, נישטאָ בא וואָס אָנצונעמענ; נאָר פונדעסטוועגנ, זאָג איכ, אײַנס צומ אַנדערנ געהערט זיכ נישט אָנ, זאָלסט זיכ נאָר ניט זאָרגנ, מײַנ ווײַב, דאָס האַרצ זאָגט מיר צו גוטנ, מיר וועלנ אימירצעשעמ, אַזוי דאַכט זיכ מיר, פאַרדינענ געלט, און אַ סאַכ — זאָג זשע אָמײנ און קאָכ וועטשערע!"

בעקיצער, עס גײַט אַוועק אַ וואָכ און צוויי און דרײַ — ניטאָ קײנ בריוו פונ מײַנ שוטעפּ! איכ בינ אויס מענטש, גײ אַרומ אָנ אַ קאָפּ און ווײס ניט וואָס צו טראַכטנ. עס קאָנ ניט זײַנ, קלער איכ מיר, ער זאָל גלאַט אַזוי פאַרגעסנ שרײַבנ אַ בריוול; ער ווײסט גאַנצ גוט, ווי'אַזוי מיר קוקנ דאָ אַרויס. נאָר ווײַטער פליט מיר דורכ אַ געדאַנק אינ קאָפּ: וואָס וועל איכ אימ טאָנ, לעמאָשל, אַז ער נעמט זיכ דאָרט אַראָפּ פונ אויבנ די גאַנצע סמעטענע און מיר זאָגט ער, אַז מע האָט נאָכ גאָרניט פאַרדינט? גײ רופ אימ קנאַקניסל! עס קאָנ ניט זײַנ, מאַכ איכ צו זיכ אַלײנ, סטײַטש, האיטאָכנ?.. איכ באַגײ מיכ מיט אַ מענטשנ טאַקע גאָר ווי מיט אַנ אײגענעמ, לאָז דאָס מיר אָקעגנ קומענ, וואָס איכ ווינטש אימ, זאָל ער מיר אָפּטאָנ אַזאַ שפּיצל! און ווידער פליט מיר דורכ גאָר אַנ אַנדערע מאַכשאָווע: מײַלע, רעוועכ יאַק רעוועכ, איכ בינ אימ שוינ מויכל דאָס פאַרדינסט, רעוואַכ וועהאַצאָלאָ יאַאַמויד לײַ־הודימ — גאָט זאָל העלפנ דאָס קערנ זאָל כאָטש זײַנ גאַנצ! און עס ווערט מיר קאַלט אינ אַלע אײוורימ. „אַלטער נאַר! — זאָג איכ צו זיכ אַלײנ. — זיכ געגנײט אַ בײַטל, דו טיפּעש אײנער, בעהײמע בעצורעס פערד! פאַר דעמ הונדערטער בעסער געוועג קויפנ זיכ פערדלעכ אַ פּאָר, אַשער לוי פערדלו אַוויסײַנו, און דאָס

וועגעלע איבערגעביטן אפֿ א נאַטאַטשאַנקע מיט רעסאָרן״... — טעוויע, לעמיי טראַכטסטו עפּעס גאָרניט? — מאַכט צו מיר מײַנע. — „וואָס הייסט, זאָג איך, איך טראַכט נישט? דער קאָפּ ווערט מיר אָקאָרשט צעפּאַלן אפֿ שטיקלעך טראַכטנדיק, זאָגט זי צו מיר, לעמיי איך טראַכט ניט!״ — נישט אַנדערש, מאַכט זי, עס האָט זיך אין וועג מיט אים עפּעס געטראָפֿן; אָדער גאַזלאָנים, זאָגט זי, זײַנען אים באַפֿאַלן און באַנומען פֿון קאָפּ ביז פֿיס, אָדער ער איז, כאָלילע, פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, אָדער גאָר, אַל טיפּ-טאַך פּע, געשטאָרבן. — „וואָס נאָך, זאָג איך, וועסטו אויסטראַכטן, נעשאָמע מײַנע? נא דיר גאָר גאַזלאָנים, זאָג איך, פּלוצעם אינמיטנדערינען!״ און אליין טראַכט איך מיר: א קאַשע וואָס מיט א מענטשן קאָן זיך טרעפֿן אונטערוועגנס? „דו באַדאַרפֿסט, זאָג איך צו איר, מײַן ווײַב, טאָמיד אויסלייגן צום ערגסטן!״ — ער איז, מאַכט זי, פֿון אַזאַ מישפּאָכע, די מאַמע זײַנע, זאָגט זי, זאָל זײַן א מייליץ-יױשערטע, איז ניט לאַנג געשטאָרבן נאָך גאָר א יונגט, און דרײַ שוועסטער, זאָגט זי, האָט ער געהאַט, זאָלן זײַן ווײַט אָפּגעשיידט פֿון מיר, איז איינע נאָך מיידלווײַז געשטאָרבן, די אַנדערע האָט דאַפֿקע, זאָגט זי, כאַסע-נע געהאַט, געכאַפּט א פֿאַרקילונג אין באָד און איז געשטאָרבן, און די דריטע, זאָגט זי, איז טייקעף נאָכן ערשטן קימפּעט אַראָפּ פֿונעם זינען, זיך געמוטשעט און געשטאָרבן... „געשטאָרבן זאָל לעבן, זאָג איך, גאָלדע, מיר וועלן אַלע, זאָג איך, שטאַרבן; א מענטש, זאָג איך, איז געגליכן צו א סטאָליער: א סטאָליער לעבט און שטאַרבט, און א מענטש לעבט און שטאַרבט״.

בעקיצער, עס איז בא אונדז געבליבן, אַז איך פֿאָר זיך דורך קיין יעהופּעץ. סכוירע א ביסל האָט זיך דערווײַלע אין דער צײַט צונויפֿגעקליבן, ס׳איז געוואָרן א היפּש קרעמל פֿון קעז און פֿון פּוטער און פֿון סמעטענע, פּרימאַ סכוירע; מײַנער האָט אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד-און-וועגעלע און — וואַיִסו מיסוקעס — מאַכט ראַשע: מאַרש קיין יעהופּעץ. פֿאָרנדיק אַזוי, מאָרעשכוירעדיק, געוויינטלעך, מיט א ביטער האַרץ, ווי איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, איינער אַליין אין וואַלד, גייט מיר דורך דער קויעך-האַדאַם און עס שטעלן זיך מיר פֿאָר אַלערליי מאַכשאָ-וועס און געדאַנקען. „עס וועט זײַן שיין, טראַכט איך מיר,

אז איך קום צו פאָרן און הייב אָן נאָכפרעגן אַפּ מײַן פאַר־שוין, זאָגט מען מיר: מענאַכעם־מענדל? טע־טע־טע! שטאַרק אין די פעדערן, סמאַלעט א וועלט, אַן אייגענעם מאָוועד, פאָרט אין קאַרעטעס, גאָר ניט צו דערקענען! איך נעם מיך אָן, טראַכט איך מיר, מיט האַרץ און לאָז מיך צו אים גלײַך אין שטוב אַרײַן. טפררו! — מאַכט מען צו מיר באַ דער טיר נאָך און מע גיט מיר מיטן עלנבויגן אין האַרצן אַרײַן. — שטופּט זיך ניט אַזוי, פעטער, דאָ שטופּט מען זיך ניט. — „איך בין, זאָג איך, אַן אייגענער, טאַקע מײַן ווײַבס א גליד־גליד־געשוועסטערקינד". — מאַזלטאָוו אײַך, זאָגט מען מיר, שטאַרק אָנגעלייגט; פונדעסטוועגן, זאָגן זיי, מעגט איר, נישקאָשע, צו־וואַרטן א ביסל אָט־אָ־דאָ באַ דער טיר, עס וועט אײַך, כאָלילע, גאָרניט שאַטן... איך שטויס מיך אָן, אַז מע באַדאַרף עפּעס געבן, ווי זאָגט איר: אוילים וועיוירדים — אַז מע שמירט, פאָרט מען, און לאָז מיך גלײַך אַרופּ צו אים אַליין. — „גוט־מאָרגן אײַך, זאָג איך צו אים, רעב מענאַכעם־מענדל!" ווער? וואָס? איינ אוימער וועיינ דוואָרים — ער דערקענט מיך גאָר ניט! — וואָס דאַרפט איר? — מאַכט ער צו מיר. איך פאַל שיר כאַלאָשעס. — „וואָס הייסט, זאָג איך, פּאַני, איר דער־קענט שוין ניט, זאָג איך, קיין קאָרעוו? טעוויע הייס איך". — אַ? — מאַכט ער. — טעוויע? עפּעס קענטלעך דער נאָמען... „קענט־לעך? — מאַך איך צו אים — עפּשער איז אײַך קענטלעך, זאָג איך, מײַן ווײַבס בלינצעס, דערמאָנט זיך נאָר אָקאָרשט, מיט אירע קנישעס, צאָרעס־קניידלעך, ווערטוטנ?"... און צוריק פליט מיר דורך א געדאַנק פּונקט קאַפּויר: איך קום אַרײַן צו מענאַכעם־מענדלען, טראָגט ער מיר אַקעגן דעם ברייטן שאָלעם־אַלייכעם. — א גאַסט! א גאַסט! זיצט, רעב טעוויע, וואָס מאַכט איר עפּעס, וואָס מאַכט אײַער ווײַב? איך קוק שוין אַרויס אַפּ אײַך, איך וויל מיך מיט אײַך צערעכענען. — אין ער נעמט און שיט מיר אָן א פולע היטל מיט האַלבע פּריאַלן. — דאָס, זאָגט ער, איז דאָס פּאַרדינסט, און דאָס קערן, זאָגט ער, בלײַבט שטיין; וויפל מיר וועלן פאַרדינען, וועלן מיר זיך טיילן אפּדערהאַלב, גלײַך אַפּ גלײַך, כיילעק קעכיילעק, כאַצי שעלי ועכאָצי שעלאָך, מיר הונדערט, אײַך הונדערט, מיר צוויי הונדערט, אײַך צוויי הונדערט, מיר דרײַ הונדערט, אײַך דרײַ הונדערט, מיר פיר

הונדערט, אײַך פיר הונדערט... איך געדאַנקען כאַפּ איך א דרימל און זע נישט, ווי מײַן באָכער שלאָגט זיך דערווײַל אַראָפּ פונעם שליאַך אָן א זײַט, פאַרטשעפּעט דאָס וועגעלע אָן א בוים, און עס דערלאַנגט מיר א זעץ פון הינטן, עס פליִען אַזש פונקען פון די אויגן. „גאָט זו לעטויוואָ, זאָג איך צו מיר אַליין, דאַנקען גאָט, וואָס כאָטש ניט צעבראָכן קיין אַקס"...

בעקיצער, געקומען קיין יעהופּעץ און קוידעמקאָל אָפּגע-זעצט דאָס ביסל מילכיקס גיך און געשווינד, ווי געוויינטלעך, לאָז איך מיך זוכן דעם נעפעש מײַנעם. איך דריי מיך אַרום א שאָ און צוויי און דרײַ, וועהאַ׳עלעד איינעם — איך זע אים נישט! איך הייב אָן אָפּשטעלן מענטשן, נאָכפרעגן: „צי האָט איר ניט געהערט, צי האָט איר ניט געזען איינעם א ייִדן, וואָס הייסט מיט זײַן ליבן נאָמען מענאַכעם-מענדל?" — אויב, זאָגן זיי, ער הייסט מענאַכעם-מענדל, מעג מען עסן פון זײַן פענדל, נאָר דאָס אַליין איז קאַרג, זאָגן זיי, מענאַכעם-מענדלס איז דאָ א סאַך אויף דער וועלט. — „איר מיינט מיסטאַמע, זאָג איך, זײַן פאַמיליע? לאָז מיך אַזוי וויסן בייז, זאָג איך, מיט אײַך איניינעם, אַז בעסאַכאַקל, זאָג איך, אויב איר ווילט וויסן, רופט מען אים אין דער היים, אין קאַסרילעווקע הייסט דאָס, גאָר אויף זײַן שוויגערס נאָמען, מענאַכעם-מענדל לייע-דוואָסיעס; נאָר וואָס דאַרפט איר מער, זאָג איך, זײַן שווער איז שוין גאָר א באַטאָגטער ייִד, הייסט ער אויך אויף איר נאָמען, באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיעס; און אַפילע זי אַליין, לייע-דוואָסיע מיין איך, הייסט אויך לייע-דוואָסיע באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיעס. הײַנט פאַרשטייט איר שוין?" — פאַרשטיין פאַרשטייען מיר, זאָגן זיי, נאָר דאָס איז נאָך אַלץ נישט גענוג; וואָס איז זײַן געשעפט, זאָגן זיי, מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך, אײַער מענאַכעם-מענדל? „מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך? — זאָג איך — ער האַנדלט דאָ מיט האַלבע פּריִאַלן, זאָג איך, עפּעס בעס-מעס, פּאָטיווילאָוו, קלאַפּט, זאָג איך, דעפּעשן ערגעץ אַהין, קיין פּעטערבורג, קיין וואַרשע"... — א?! — מאַכן זיי צו מיר און קאַטשען זיך פאַר געלעכטער. — מיינט איר ניט אָט יענעם מענאַכעם-מענדל, וואָס האַנדלט מיט יאַקנעהאָז? גייט זײַט מויכל אַריבער, זאָגן זיי, אַהינצו, אויף יענער זײַט; דאָרט לויפן אַרום האָזן א סאַך, און אײַערער אויך בעסויכאָם... „מער מע

לעבט, מער עסט מען, — טראכט איך מיר, — נא דיר גאָר האָזן? יאקנעהאָז?" איך גיי אריבער אהין, אפ יענעם טרעטאר — יידן, קיין אײַנהאָרע, ווי אפ א יאריד, ס'איז אן ענגשאפט, קוים וואָס איך שטופ מיך דורך; מע לויפט, ווי די מעשוגאָים, דער אהין, דער אהער. איינער איבערן אנדערן, ס'איז אן אוילעם-האטויהו, מע רעדט, מע שרײַט, מע מאכט מיט די הענט: פּאָטיווילאָוו... פעסט, פעסט... געכאפט באם וואָרט... ארײַנגערוקט אן אדערופ... וועט זיך קראצן... מיר קומט קארטאזש... ביסט א גרויסער פארך... אָט צעשפאלט מען דיר דעם קאָפּ... שפּײַ אים אָן אין פּאָנעם... זע נאָר, געקוילעט די קאפּאָטע... א שיינער שפּעגעלאנט... אָנזעצער!.. מעשאָרעס!.. אין טאטנס טאטנ!.. עס האלט קימאט בא פעטש. „וואַ ווראך יאנקעוו, מאך איך צו מיר אליינ, אנטלויפ, טעוויע, אָט כאפסטו א פאטש! נו, נו, קלער איך מיר, גאָט איז א פאָטער, שמועל-שמעלקע איז זײַנ דינער, יעהופּעצ איז א שטאָט און מענאכעם-מענדל איז א פארדינער! אָט-אָ דאָ-אָ, טראכט איך, כאפּט מען גליקן, האלבע פריאלנ? אָט-אָ דאָס-אָ הייסט בא זיי מע מאכט גע-שעפטנ? אז אָך און וויי איז דיר, טעוויע, מיט דײַנע מיסכאָרים!"

בעקיצער, איך שטעל מיך אָפּ נעבנ א גרויס פענצטער מיט ארויסגעשטעלטע הויזנ א סאך און דערזע דורך דעם אָפשײַנ פונעם גלאָז מײַנ שמײַע באל-פארנאָסע. עס האָט זיך מיר אָפּגעריסנ אינ הארצנ, אז איך האָב אים דערזענ. ס'איז מיר פּאָרכאָ נישמאָסי געוואָרנ! ווו איך האָב ערגעצ א סוינע, און ווו איר האָט א סוינע — זאָלנ מיר אים דערלעבנ זענ אינ אזא הוילעכ, ווי מענאכעם-מענדל: וואָס מיר קאפּאָטע? ווער מיר שטיוול? און א פּאָנעם — טאטעניו, א שענערנ לייגט מען אינ דער ערד ארײַנ. — „נו, טעוויע, קאאשער אָוואדעטי אָוואָדעטי, — ביסט אינ דער ערד, טראכט איך מיר, מעגסט זיך שוינ געזעגענענ מיט די עטלעכע גראָשנס, עס איז שוינ ווי זאָגט איר: לוי דובים וועלוי יאאר — ניט קיינ סכוי-רע, ניט קיינ געלט, נאָר גלאט אזוי צאָרעס"...

ער פון זײַנ זײַט איז, אפּאָנעם, אויך שטארק מעווילוול געוואָרנ, מאכמעס מיר זײַנענ ביידע געבליבנ שטיינ ווי צוגע-קאָוועט, נישט אויסצוריידנ קיינ וואָרט אפילע, און נאָר גע-קוקט און געקוקט, ווי די האָנענ, זיך גלײַכ אינ די אויגנ

ארײַן, ווי אײנער רעדט: פארוויסט און פארפינצטערט זײַנען מיר בײדע געוואָרן. מיר מעגן בײדע נעמען טאָרבעס און גײן איבער די הײַזער!..— רעב טעוויע, — מאכט ער צו מיר שטיל, קוים וואָס ער רעדט, און די טרערן ווארגן אים — רעב טעוויע! אָן מאזל, הערט איר, זאָל מען גאָר, זאָגט ער, ניט געבאָרן ווערן אפ דער וועלט! אײדער, זאָגט ער, אזא לעבן... הענגען, זאָגט ער, גנאָטעוועני!.. און מער קאָן ער קײן וואָרט נישט רײדן. — „אוואדע, מאכ איך צו אים, ביסטו ווערט, מענאכעם-מענדל, פאר אזא מײַסע, מע זאָל דיך אנידערלײגן אָט-אָ-דאָ, זאָג איך, אינמיטן יעהופעץ, און בירכוש גאָדל דיר ארײַנצימבלען אזויפיל, אז דו זאָלסט דיך דערזען מיט דער באָבע צײַטל פון יענער וועלט. בארעכן, זאָג איך, דו אלײן, וואָס האָסטו געטאָן? האָסט גענומען, זאָג איך, א גאנצע שטוב מיט לעבעדיקע נעפאשעס, צארבאלעכײַים נעבעכ, גאָט די נעשאָמע שולדיק, און האָסט זײ איבערגעקוילעט דעם האלדז אָן א מעסער! גוואלד, זאָג איך, מיט וואָס וועל איך קומען אצינדערט אהײם צו מײַן ווײַב און קינדער? אדעראבעו, זאָג שוין דו אלײן, קוילער אײנער, גאזלען, רעצײַעכ!" — עמעס, מאכט ער צו מיר, אָנגעשפארט זיך צו דער וואנט, — עמעס, רעב טעוויע, גאָט זאָל מיר אזוי העלפן... „דער גענעם, זאָג איך, נאר אײנער, דער גענעם איז דאָך קאָרג פון דײַנעטוועגן". — עמעס, זאָגט ער, רעב טעוויע, עמעט, גאָט זאָל מיר אזוי העלפן, אײדער אזא לעבן, זאָגט ער, אײדער אזא לעבן, רעב טעוויע... און לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ. איך שטײ און באטראכט אים, דעם שלימאזל, ווי ער שטײט אזוי דעם קאָפּ אראָפּ, צוגעשפארט צום וואנט, דאָס היטל אפ א זײַט, יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ — עס רײַסט אויס א שטיק הארץ. „טאָ, זאָג איך, אז מע וויל שמועסן דאָס אײגענע ווידער צוריק, פארשטײט מען גאנץ גוט, דו ביסט עפשער אינ דעם אויכ גאָט די נעשאָמע שולדיק, וואָרעם לאָמיר בארעכענען די זאכ ארום און ארום מיט א מימאָנעפשעכ: איך זאָל קלערן, זאָג איך, אז דײַן שלעכטיקײַט האָט דאָס געטאָן, איז דאָך עס נאריש, ביסט דאָך געוועזן, זאָג איך, א שוטעפ גלײַכ מיט מיר, א מאכצעסכארניק. איך האָב ארײַנגעלײגט געלט, דו האָסט געגעבן סײכל, אז אָך און ווײ איז מיר! דײַן מײנ איז אוואדע גע-

ווען, ווי זאָגט ער, לאַכאַים װעלוי לאַמאָװעס. אײַ עס האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם? מיסטאמע איז ניט באַשערט, ווי זאָגט איר: אל טיסהאלעל בעיוים מאָכאָר — א מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. לעמײַ, זאָג איך, נאַרעלע, אָט האָסטו מײַן מיסכער, איז, דאַכט זיך, גאָר א קראַנקע געשעפט, פונדעסט־וועגן, אז ס'איז באַשערט געווען, זאָג איך, ניט הײַנט געדאַכט, פאַראיאָרן אָסיען, עס זאָל זיך באַ מיר, ניט פאַר דיר געדאַכט, אנידערלייגן א בעהיימע, א מעציִע געווען אפּ טאַרפעס א פּופּציקער, און טאַקע באַלד נאָך איר א טעלעצע א דויטע, קיין צוואַנציק קערבלעך וואָלט איך פאַר איר ניט גענומען, — נו, האָט דען עפּעס געהאָלפן דערבײַ כאָכמעס? אז סע גייט ניט, זאָג איך, מאַכט קאָמעצ בייס — מע! איך וויל דיך גאָר ניט פרעגן, זאָג איך, ווו איז מײַן געלט; איך פאַרשטיי שוין אליין, ווו מײַן געלט שטעקט, מײַן בלוטיק געלט, ווייי און ווינד איז מיר! ס'איז אַרײַן אין א מאָקעם־קדושע, זאָג איך, ערגעץ אין א יאקנעהאָזל, אין א נעכטיקן טאָג; און ווער איז שולדיק, ווען ניט איך אליין, וואָס האָב מיך געלאָזט אײַנריידן גרינגע פייגעלעך, שמינדריקעס, שמאָכטעליאקעס? געלט, ברודער, באַדאַרף מען, זאָג איך, פאַרהאָרעווען, פאַרשוואַרצט און אויס־געריסן ווערן! פּעטש, זאָג איך, ביסטו, טעוויע, ווערט, פּעטש ווי האָלץ!! נאָר וואָס העלפט איצטער מײַן געשריי? ווי איך פּאַסעק שטייט געשריבן: צאָאקאָ האנאאראָ — שרײַ צעזעצ־טערהייט! סייכל און כאראָטע — די ביידע זאַכן קומען טאָמיד צו שפּעט. ניט באַשערט, זאָג איך, טעוויע זאָל זײַן א נאָגיד, ווי זאָגט איוואַן: נע בולאָ אַ מעקיטע הראָשע אי נע בודע[1]. מי־סטאמע, זאָג איך, הייסט גאָט אזוי. אדוינוי נאָסאַן וואַדוינוי לאָקאַכ, מאַכט ראַשע — קום, ברודער, ווען מיר נעמען, זאָג איך, צו ביסלעך בראַנפן!״...

* * *

אָט אזוי, פּאַני שאָלעם־אַלייכעם, האָט זיך אויסגעלאָזט פון אַלע מײַנע כאַלוימעס א בוידעם! און איר מיינט עפּשער, אז איך האָב מיך אזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן, וואָס

1 נישט געווען באַ מעקיטען קיין געלט און עס וועט ניט זײַן.

איך האָב פארלאָרנ מײַנ געלט? לאָמיך אזוי דרײנ זײַנ פונ
שלעכטס! מיר ווייסנ דאָך יאָ, וואָס אינ פּאָסעק שטייט: ל י
ה א ק ע ס ע פ  ו ו ע ל י  ה א ז אָ ה אָ ו ו — געלט איז בלאָטע! דער אי-
קער איז דער מענטש, דאָס הייסט, אז דער מענטש איז א מענטש.
נאָר וואָס זשע דענ האָט מיך געקרענקט? דער כאָלעם, וואָס ער איז
אוועקגעגאנגענ. עס האָט זיך מיר געוואָלט, אוי האָט זיך גע-
וואָלט, זײַנ א נאָגיד, כאָטש אפ א ווײַלע! נאָר עס העלפט
דענ דערבײַ כאָכמעס? ווי זאָגט דער פּיירעק: ב ע א ל  ק אָ ר כ א-
כ אָ  א ט אָ  כ ײַ — מיט געוואלט לעבסטו אונ מיט געוואלט צע-
רײַסטו א פּאָר שטיוול. דו, טעוויע, זאָגט גאָט, באדארפסט אינ
זינענ האָבנ קעז אונ פּוטער, נישט קײנ כאלוימעס. אײַ וואָס?
ביטאָכנ? האָפענונג? אדעראבע, וואָס מער צאָרעס מער ביטאָכנ,
וואָס מער קאפּצנ מער האָפענונג. וועהאָרײַע... נאָר מיר דאכט,
איך האָב מיך הײַנט א ביסל פארעדט; צײַט פאָרנ, קלערנ מיקויעכ
געשעפט, ווי זאָגט איר, ק אָ ל  ה אָ אָ ד אָ ם  ק ו י ז י י ו ו — איטלעכער
האָט זיך זײַנע מאקעס. זײַט מיר געזונט אונ האָט א גוטנ טאָמיד!

געשריבנ אינ יאָר 1899

# היינטיקע קינדער

— אקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: היינטיקע קינדער. באָ-נים גידאלטי ווערוימאמטי — גיי האָב זיי, ווער פאַר-שווארצט, זיי זיך מאפקיר פון זייערטוועגן, האָרעווע טאָג ווי נאכט, וואָס איז? מע מיינט, טאָמיר אזוי און עפשער אזוי, איטלעכער נאָך זיין האסאָגע און נאָך זיין פארמעגן. צו בראָדסקין, געווייינטלעך, וועל איך ניט אָנשלאָגן, נאָר איך זאָל מיך שוין איינגאנצן אראָפּלאָזן — בין איך אויך נישט מעכוייעוו, וואָרעם אליין בין איך אויך נישט קיין אבי-ווער כ׳לעבן, און ארויסקומענ קומען מיר ארויס, ווי מיין ווייב זאָל לעבן זאָגט, אויך ניט פון קיין שניידערס און ניט פון קיין שוסטערס, האָב איך גערעכנט, אז איך וועל מיט מיינע טעכטער געוויס אויסשפּילן. פארוואָס? ערשטנס, האָט מיך גאָט געבענטשט מיט שיינע טעכ-טער, און א שיין פּאָנעם, זאָגט איר דאָך אליין, איז א האלבער נאדן. ווהאשייניס, בין איך דאָך עפּעס היינט, מיט גאָטס הילף, ניט דער טעוויע, וואָס אמאָל, קאָן איך דאָך שוין גרייכן צום שענסטן שידעך אפילע אין יעהופּעץ — הא, ווי זאָגט איר? איז דאָך אָבער פאראן א גאָט אף דער וועלט, אן אייל ראכום וועכאנון, וואָס באווייזט זיינע גרויסע וווּנדער און מאכט מיט מיר זומער און ווינטער, ארופ און אראָפּ, מאכט ער צו מיר: „טעוויע, רעד זיך נישט איין קיין נארישקייטן און לאָז זיך די וועלט פירן, ווי זי פירט זיך!"... הערט, וואָס עס קאָן זיך פארלויפן אף דער גרויסער וועלט, און בא וועמען טרעפן זיך אלע גליקן? בא טעוויע שלימאזל.

בעקיצער, צו וואָס זאָל איך אייך מייריך זיין? איר גע-דענקט דאָך מינאסטאָם, וואָס מיך האָט געטראָפן, ניט היינט געדאכט, די מייסע מיטן קאָרעוו מיינעם מענאכעם-מענדל, יימאך שמוי וועזיכרוי, ווי שיין מיר האָבן זיך אויסגעהאנדלט

אין יעהופעץ, מיט די האלבע פריאַלן און מיט די פּאָטאָווילעווער אקציעס, אזא יאָר אפ מײַנע סאָנים! איך האָב דאָס דענסטמאָל אײַנגעלייגט די וועלט, ווי איז מיר! געמיינט, ס'איז אן עק, אויס טעוויע און אויס מילכיקס! „נאר איינער!״ — זאָגט צו מיר איינ־מאָל די אלטע מײַנע, — גענוג צו זײַן פארזאָרגט, דו וועסט דערמיט גאָרניט מאכן; דו וועסט זיך נאָר אָפּעסן דאָס הארץ און גענוג. עלעהיי גאזלאָנים זײַנען אפ אונדז אָנגעפאלן און צוגענומען... דו גיי זיך בעסער דורך, זאָגט זי, קיין אנאטעווקע, צו לייזער־וואָלף דעם קאצעוו, ער באדארף דיך, זאָגט ער, נייטיק האָבן״. — וואָס איז דאָרטן? וואָס באדארף ער מיך אזוי נייטיק? אויב ער מיינט, זאָג איך, די מאורע בעהיימע אונדזערע, מעג ער נעמען א שטעקן און ארויסשלאָגן זיך פונעם קאָפּ. — „וואָס איז אזוינס? — מאכט זי צו מיר. — די מילך, וואָס מע האָט זיך אָן פון איר, מיטן קעז און פוטער?״ — נישט צוליב דעם, זאָג איך, נאָר גלאט אזוי; ערשטנס, איז פּאָשעט אן אווירע אזעלכעס אוועקגעבן אפ דער שכיטע, א צארבא־לעכאַים. בא אונדז שטייט געשריבן אין דער הייליקער טויר־רע... — „אָבער גענוג דיר שוין, טעוויע! די גאנצע וועלט, זאָגט זי, ווייסט, אז דו ביסט א ייִד פון טויר־ע. פאָלג מיך, א ווײַב, גיי זיך דורך צו לייזער־וואָלפן. אלע דאָנערשטיק, זאָגט זי, ווען אונדזער צייטל קומט אין יאטקע אריין נאָך פליש, לאָזט ער זי נישט לעבן; זאָלסט זאָגן, זאָגט ער, דעם טאטן, ער זאָל קומען צו גיין, איך באדארף אים נייטיק האָבן״...

בעקיצער, מע באדארף פאָלגן אמאָל, ווי זאָגט איר, א ווײַב אויך. בין איך מיך מעיאשעוו און לאָז מיך אײַנריידן און קום צו גיין צו לייזער־וואָלפן קיין אנאטעווקע, א ווערסט דרײַ פון אונדז, און טרעף אים נישט מיסטאמע אין דער היים. — ווו איז ער ערגעץ? — טו איך א פרעג א קארנאָסע ייִדענע, וואָס דרייט זיך ארום אין שטוב. — „אין פּראָיעקט, מאכט די קאר־נאָסע, מע קוילעט אן אָקס פון גאנץ פרי אָן, ער באדארף באלד אָנקומען״... איך דריי מיך ארום איינער אליין אין שטוב און הייב אָן צו באטראכטן לייזער־וואָלפס באלעבאטישקײַט — קיין אײַנהאָרע א גוטס אפ אלע מײַנע ליבע: א שאפע מיט קו־פער; מע וועט זי נישט אויסקויפן מיט קיין קאן קערבלעך, א סאמאָוואר און נאָך א סאמאָוואר, און א טאץ א מעשענע, און




ר ע פ אַ י י נ ו   ו ו ע נ י י ר אַ פּ י י — שוק אונדז צו די רעגןע,
די מאַקע האָבן מיר שוין אַלוון...

צו זײַט 10.



...מיר זײַנענ בײדע געבליבנ שטײנ װי צוגעקאָװעט, נישט אױסצורײדנ קײנ װאָרט אפֿילע...

צו זײַט 43.

נאָכ איינע א ווארשעווער, אונ לײַכטער א פּאָר זילבערנע, אונ קויסעס מיט קויסעלעכ געגיילטע, אונ א כאנעקע-לעמפּל א געגאָסנס, אונ נאָכ זאכנ, שמאָכטעליאקעס אָנ אנ עק. ריבוינע-שעל-אוילעמ! — טראכט איכ מיר. — ווי דערלעב איכ אזא גוטס בא מײַנע קינדער זאָלנ געזונט זײַנ!.. אזא בארמאזל ווי דער קאצעוו איז! גענוג וואָס ער איז אזוי רײַכ, באדארפ ער האָבנ זײַנ אייגנס אינגאנצנ צוויי קינדער, שוינ אויסגעגעבענע, אונ נאָכ בלײַבנ אנ אלמענ אויכ דערצו!..

בעקיצער, גאָט האָט געהאָלפנ, עס עפנט זיכ די טיר אונ עס קומט ארײַנ לייזער-וואָלפ אינ קאס, מאָלע-רעציכע אפּנ שויכעט. ער האָט אימ גאָר אומגליקלעכ געמאכט, פארשניטנ אנ אָקס א דעמב די גרייס, פארכאפּט זאָל ער ווערנ, איבער א קלייניקײַט אימ טרייפ געמאכט, געפונענ א סירכעלע אפ דער לונג, ווי א שפּילקע-קעפּל די גרייס, אײַנגעזונקענ זאָל ער ווערנ! — „גאָט העלפ, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, וואָס איז די מײַסע, וואָס מע קאָנ אײַכ גאָר נישט דערופנ זיכ? וואָס מאכט א ייִד?“ — וואָס זאָלנ מיר מאכנ, זאָג איכ; מע מאכט אונ מע מאכט אונ מע האלט, זאָג איכ, נאָכ אלצ פונ פאָרנט, ווי אינ פּאָסעק שטייט: ל ו י מ ע ו ק צ י י כ ו ו ע ל ו י מ י - ד ו ו ש י י כ — נישט קיינ געלט, נישט קיינ געזונט, נישט קיינ לײַב אונ לעבנ. — „איר זינדיקט, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר. ווערדליק אײַכ איז געווענ אמאָל, ניט הײַנט געדאכט, זײַט איר דאָכ איצט קיינ אײַנהאָרע, א גוויר“. — וואָס מיר פעלט, זאָג איכ, צו דעמ, וואָס איר מיינט, מעגנ מיר דאָס ביידע פארמאָגנ... נאָר גאָרנישט, דאנקענ גאָט דערפאר, ס'איז פאראנ, זאָג איכ, א געמאָרע: „א ס ק א ק ו ר ד א ָ ד ע מ א ס ק א נ ט א ָ ד ע - ק א ר נ ו ס א ָ ד ע פ א ר ס מ א כ ט א ָ“... אונ אינ הארצנ טראכט איכ מיר: זאָלסט אזוי זײַנ מיט דער נאָז, קאצעוויניאק, ווי ס'איז גאָר פאראנ אזא געמאָרע אפ דער וועלט... „איר זײַט, מאכט ער צו מיר, טאָמיד דאָ מיט דער געמאָרע; גוט איז אײַכ, רעב טעוויע, אז איר קאָנט אינ די קליינע אויסיִעס. נאָר צו וואָס נוצט עס, זאָגט ער, כאָכמעס, לאָמדערײַענ, לאָמיר בעסער שמועסנ מיקויעכ אונדזער געשעפט. זיצט, רעב טעוויע“, — מאכט ער צו מיר אונ טוט א געשריי: „לאָז זײַנ טיי!“ — אונ עס וואקסט אויס ווי פונ אונטער דער ערד די קארנאָסע ייִדענע, כאפּט

דעמ סאמאָוואר, ווי דער רועכ דעמ מעלאמעד, אונ אוועק אינ קיכ אריַנ. — „אציַנד, מאכט ער צו מיר, אז מיר זיַנענ דאָ אליינ, אונטער פיר אויגנ, קאָנענ מיר שמועסנ אייסעק. די מיַסע, זאָגט ער, דערפונ איז אזוי: איכ האָב שוינ מיט איַכ, רעב טעוויע, לאנג געוואָלט ריידנ, איכ האָב צו איַכ באפוילנ דורכ איַער טאָכטער, וויפל מאָל געבעטנ, איר זאָלט זיכ מאטריַעכ זיַנ; פארשטייט איר מיכ, איכ האָב געוואָרפנ אנ אויג...” — איכ ווייס, זאָג איכ, אז איר האָט געוואָרפנ אנ אויג, נאָר ס'איז אומזיסט, זאָג איכ, איַער טירכע, עס וועט נישט גיינ, רעב לייזער-וואָלף, עס וועט נישט גיינ. — „פארוואָס עפעס?” — מאכט ער צו מיר אונ קוקט אפ מיר ווי דערשראָקנ. — פאר שאבעס, זאָג איכ, איכ קאָנ באשטיינ, עס זאָל נאָכ געדויערנ א ביסל, דער טיַכ ברענט ניט. — „לעמיַ, זאָגט ער, זאָלט איר וואַרטנ, אז איר קאָנט אויספירנ באלד?” — דאָס, זאָג איכ, איז איינמאָל אוועק; אונ וועהאשייניס, זאָג איכ, איז גלאט א ראכמאָנעס, א צאַר-באַלעכאַים. „קוק אימ אָנ, ווי ער מאכט אָנשטעלנ, זאָגט לייזער-וואָלפ מיט א געלעכטערל, עמעצער זאָל זיַנ דערביַ, וואָלט ער געמעגט שווערנ, אז זי איז בא איַכ איינ-אונ-אייגציקע! מיר דאכט, איר האָט זיי אָנ איַנהאָרע גענוג, רעב טעוויע!”... — לאָזנ זיי זיכ שוינ האלטנ, זאָג איכ, ווער ס'איז מיר מעקאנע, דער לאָז אליינ נישט האָבנ... — „מעקאנע? ווער, זאָגט ער, רעדט פונ מעקאנע? אדעראבע, זאָגט ער, וויַל זיי זיַנענ בא איַכ אָנ איַנהאָרע געראָטענע, דערפאר וויל איכ טאקע, איר פארשטייט צי ניינ? פארגעסט נאָר נישט, רעב טעוויע, וואָס איַכ קאָנ דורכ דעמ ארויסקומענ!” — אוואדע, אוואדע, זאָג איכ, פונ איַערע טויוועס, רעב לייזער-וואָלפ, קאָנ טאקע האַרט ווערנ דער קאָפ; ווינטער א שטיקל איַז, דאָס ווייסנ מיר שוינ לאנג, זאָג איכ, נאָכ פונ אמאָל... — „ע! — מאכט ער צו מיר זיס-צוקערדיק, — וואָס גליַכט איר, רעב טעוויע, פונ אמאָל ביז היַנט? אמאָל איז געווענ עפעס אנדערש, אונ היַנט איז ווידער אנדערש; עפעס ווערנ מיר דאָכ שטיקלעכ מעכוטאָנימ, האַ?” — וואָס פאר א מעכוטענעשאפט? — זאָג איכ. — „געוויינטלעכ, זאָגט ער, מעכוטאָנימ!” — וואָס מיינט איר, זאָג איכ צו אימ, רעב לייזער-וואָלפ, פונ וואָס רעדנ מיר? — „אדעראבע, זאָגט ער, זאָגט שוינ איר, רעב טעוויע, פונ וואָס רעדנ מיר?” —

וואָס הייסט, זאָג איך, מיר רעדן דאָך פון דער מאורע בעהיימע מײַנע, וואָס איר ווילט בא מיר קויפן? — „כא-כא-כא! — מאכט ער און ווערט צעגאָסן פאר געלעכטער. — ס'איז נישקאָשע פון א בעהיימע, און נאָך א מאורע דערצו, כא-כא-כא!" — וואָס זשע דען האָט איר געמיינט, רעב לייזער-וואָלף? אדעראבע, זאָגט, וועל איך אויך לאכן. — „פון אײַער טאָכטער, מאכט ער צו מיר, פון אײַער צייטלען רעדן מיר דאָך די גאנצע צײַט! איר ווייסט דאָך, רעב טעוויע, אז איך בין, ניט פאר אײַך געדאכט, גע-בליבן אן אלמן, האָב איך מיך מעיאשעוו געווען, וואָס בא-דארף איך זוכן אין דער פרעמד דאָס גליק, נאָך האָבן צו טאָן מיט שאדכאָנים, דוכעס און שיידים, אמער אָט זײַנען מיר דאָ ביידע אפן אָרט, איך קען אײַך, איר קענט מיך, דאָס קערן אליין איז מיר אויך געפעלן, איך זע זי אלע דאָנערשטיק בא מיר אין יאטקע, א פּאָר מאָל א רעד געטאָן מיט איר, וויַזט אויס, נישקאָשע, א שטילע, און איך אליין בין, קיין אײַנהאָרע, ווי איר זעט, א שטיקל באלעבאָס, ס'איז דאָ א שטוב אן אייגענע, און קלייטלעך א פּאָר, און באלע-באטישקײַט, ווי איר זעט, נישט צו פארזינדיקן, און א ביסל פעל אפן בוידעם אויך, און א ביסל געלט אין קאסטן אויך; וואָס באדארפן מיר, רעב טעוויע, די ציגײַנערשע שטיק, בעדיען זיך, כאָכמען זיך? אמער, נעמט מען און מע שלאָגט צו א האנט, איינס, צוויי, דרײַ, איר פארשטייט צי ניין?"...

בעקיצער, אז ער האָט מיר אויסגערעדט אָט-אָ-דאָס-אָ, בין איך געבליבן זיצן אָן לאָשן, ווי איינער, בעשאס מע קומט און מע זאָגט אים אָן פלוצעם א בסורע. לעכאטכילע איז מיר אפילע דורכגעלאָפן א מאכשאָווע: לייזער-וואָלף... צייטל... ער האָט שוין אזוינע קינדער ווי זי... נאָר באלד האָב איך זיך אליין אָפּגעשלאָגן: סטײַטש, אזא גליק! אזא גליק! עס וועט דאָך איר זײַן גוט, ווי די גאנצע וועלט! אײַ טאָמער איז ער נישט אזא צעוואָרפענער פארשוין? איז דאָס היינטיקע יאָרן, פארקערט, די גרעסטע מײַלע, ווי זאָגט מען: אָדאָם קאָ-רויוו לעאצמוי — אז מע איז גוט פאר יענעם, איז מען שלעכט פאר זיך. איין כיסאָרן נאָר, וואָס ער איז א ביסל צו פּראָסטלעך... נו, מיילע, קאָן דען איטלעכער זײַן א יעדייע-סייפער? קארג פאראן בעגידים, פײַנע מענטשן אין אנא-

טעווקע, אינ מאזעפעווקע אונ אפילע יעהופעצ, וואָס ווייסנ נישט קיינ ציילעמ פאר קיינ אלעפ; פונדעסטוועגנ, אז ס׳איז באשערט, לאָמיכ האָבנ אזא יאָר, וואָס פאר א קאָוועד זיי האָבנ אפ דער וועלט, ווי אינ פיירעק שטייט: אים איינ קעמאכ איינ טוירא — דאָס הייסט, די טוירע ליגט אינ קאסטנ אונ כאָכמע — אינ קעשענע... — „נו, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, וואָס שווייַגט איר?״ — וואָס זאָל איכ שרייַענ, זאָג איכ צו אימ קלוימערשט, ווי איכ קווענקל מיכ; דאָס איז, רעב לייזער-וואָלפ, פארשטייט איר מיכ, אזא איניענ, וואָס מע באדאַרפ אימ גוט באקלערנ ארומ אונ ארומ; ס׳איז עפעס נישט קיינ קאטאָוועסל, זאָג איכ, דאָס ערשטע קינד בא מיר! „אדעראבע — מאכט ער, ווייַל ס׳איז דאָס ערשטע קינד בא אייַכ; איר וועט שוינ, זאָגט ער, נאָכדעמ, אימירצעשעמ, קאָנענ כאסענע מאכנ די אנדערע טאָכטער אויכ, אונ שפעטער, מיט דער צייַט, די דריטע, איר פארשטייט צי נייַנ?״ — אָמיינ, גאמ אטעמ! — זאָג איכ. — כאסענע מאכנ איז קיינ קונצ נישט, דער אייבערשטער זאָל נאָר צושיקנ, זאָג איכ, איטלעכנ באזונדער זייַנ זיווּעג... — „ניינ, מאכט ער, נישט דאָס מיינ איכ, רעב טעוויע, איכ מיינ עפעס אנדערש גאָר, וואָרעמ קיינ נאדנ, באָרעכ-האשעמ, פאר אייַער ציילעכנ באדארפט איר שוינ ניט, אונ אויסקליידנ זי צו דער כאסענע, אלצ, וואָס א מיידל באדארפ, — דאָס נעמ איכ אפ זיכ, אונ אייַכ, זאָגט ער, וועט מיסטאמע דערפונ אויכ עפעס ארייַנפאלנ אינ בייַטל ארייַנ...״ — פע, מאכ איכ צו אימ, איר רעדט דאָכ עפעס גאָר, איר זאָלט מיר מויכל זייַנ, טאקע ווי אינ יאטקע! וואָס הייסט אינ בייַטל ארייַנ? פע! מייַנ ציילעכ איז כאָלילע נישט אזעלכע, איכ זאָל זי פארקויפנ פאר געלט, פע-פע! — „אז פע איז פע, מאכט ער צו מיר, איכ האָב געמיינט אדעראבע וועאדעראבע, נאָר אז איר זאָגט פע, לאָז זייַנ פע! אז אייַכ איז ליב, איז מיר ניכע! דער איקער, זאָגט ער, עס זאָל זייַנ וואָס גיכער, איכ מיינ טאקע באלד, ווי זאָגט ער, א באלעבאָסטע אינ שטוב ארייַנ, איר פארשטייט צי ניינ?״... מאכעטייסע, זאָג איכ, אינ מיר איז קיינ מעניָע; מע באדארפ דאָכ אָבער איבערריידנ מיט מייַנ פלוניסטע, זאָג איכ. אינ אזעלכע זאכנ האָט זי די דייע, נישט קיינ קלייניקייַט, ווי ראשע מאכט: ראָכל מעוואקאָ אל באָנעהאָ — א מא-

מע איז א פּאָקרישקע. הײַנט זי אַליין, זאָג איך, צײַטל מיינ איך, באַדאַרף מען אויך א פרעג טאָן, ווי זאָגט מען דאָס: אַלע מעכוטאָנים האָט מען מיטגענומען אַף דער כאַסענע און דעם כאָסן האָט מען געלאָזט אין דער היים... — „בלאָטע, זאָגט ער, פרעגן באַדאַרף מען גאָר? דערציילן, רעב טעוויע, קומען אַהיים און דערציילן אַזוי און אַזוי, און שטעלן א כופּע, א וואָרט און צוויי און א מאָהאַריטש!" — זאָגט דאָס נישט, זאָג איך, זאָגט דאָס נישט, רעב לייזער-וואָלף. א מיידל איז נישט קיין אַלמאָנע כאָלילע. — „געוויינטלעך, זאָגט ער, א מיידל איז א מיידל, ניט קיין אַלמאָנע, אָט דערפאַר טאַקע באַדאַרף מען, זאָגט ער, באַצײַטנס דערפון ריידן, מאַכמעס האַלבאָשע, פאַרשטייט איר, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע. און דערווײַלע, זאָגט ער, לאָמיר, רעב טעוויע, נעמען צו קאַפּלעך לעכאַיִם, הא צי ניינ?"... — מאַכעטייסע, זאָג איך, פאַרוואָס ניט? וואָס געהער זיך אָן שאָלעם צו מאַכלויקעס? ווי זאָגט ער: אָדאָם איז א מענטש און בראַנפן איז בראַנפן, ס'איז פאַראַן, זאָג איך, בא אונדז א געמאָרע... און האַק אים אַרײַן א געמאָרע, איינע און די אַנדערע, א נעכטיקן טאָג, פון שיר-האַשירים און פון כאַד-גאַדיע...

בעקיצער, מיר האָבן אײַנגענומען דעם ביטערן טראָפּן, קאַקאָסווו — ווי גאָט האָט געבאָטן! די קאַרנאָסע האָט דערווײַלע געבראַכט צו טראָגן דעם סאַמאָוואַר, און מיר האָבן געמאַכט צו גלעזלעך פונש, פאַרבראַכט גאָר פרײַנטלעך, געווינטשעוועט, געשמועסט, געפּלאַפּלט אַלץ פונעם שידעך, פון דעם און פון יענעם און ווידעראַמאָל פונעם שידעך. — איר ווייסט דען, רעב לייזער-וואָלף, זאָג איך, וואָס פאַר א באַרליאַנט דאָס איז? — „איך ווייס, זאָגט ער, גלייבט מיר, אַז איך ווייס; איך זאָל ניט וויסן, זאָגט ער, וואָלט איך גאָרניט גערעדט!" און מיר רעדן אַזוי ביידע אײַנײנעם. איך שרײַ: א באַרליאַנט, א דימענט! איר זאָלט נאָר וויסן וויאַזוי זי צו שאַנעווען, נישט אַרויסבאַווײַזן דעם קאַצעוו... און ער: „האָט קיין מוירע ניט, רעב טעוויע; וואָס זי וועט עסן בא מיר איגדערוואָכן, האָט זי בא אײַך נישט געגעסן אום יאָמטעוו"... — עט, זאָג איך, עסן איז אויך אַן אייסעק? דער נאָגיד, זאָג איך, עסט נישט קיין רענדלעך, דער אָרעמאַן עסט נישט קיין

שטיינער; איר זײַט א פראָסטער מענטש, זאָג איכ, פארשטייט
איר ניט ווי צו שאצנ איר בעריעשאפט, איר כאלע-באקנ, אירע
פיש, רעב לייזער-וואָלפ, אירע פיש! מע באדארפ, זאָג איכ,
האָבנ א זכיע... אונ ער ווידער: „רעב טעוויע, איר זײַט, איר
זאָלט מיר מויכל זײַנ, שוינ אויסגעוועבט, רעב טעוויע, איר קענט
נישט קיינ מענטשנ, רעב טעוויע, איר קענט מיכ נישט!“... אונ
איכ ווידער: אפ איינ וואָג גאָלד אונ אפ דער אנדערער צייט-
לענ. הערט איר, רעב לייזער-וואָלפ, איר זאָלט אפילע פארמאָגנ
אײַערע, זאָג איכ, רייש-אלאָפימ, זײַט איר אויכ נישט
ווערט איר פיאטע!.. אונ ער ווידער: „גלייבט זשע מיר, רעב
טעוויע, איר זײַט א גרויסער נאר, כאָטש איר זײַט עלטער
פונ מיר!“...

בעקיצער, מיר האָבנ, אפאָנעמ, אוועקגעשריגנ אָט אזוי-אָ א
היפשע ווײַלע אונ זײַנענ געוואָרנ רעכט מעוווסעמדיק, וואָרעמ
אז איכ בינ געקומענ אהיימ, איז שוינ געווענ שפעטלעכ
אינ דער נאכט אונ די פיס זײַנענ מיר געווענ ווי געפענטעט...
מײַנ ווײַב זאָל געזונט זײַנ האָט אָבער באלד דערקענט אינ מיר,
אז איכ בינ פארקנאקט, אונ האָט מיר געגעבנ א וויסטנ פע-
טשאטעק, ווי איכ בינ ווערט. — שא, בייזער זיכ ניט, גאָלדע! —
זאָג איכ צו איר גאנצ פריילעכ, אונ עס גלוסט זיכ מיר אזש
גיינ טאנצנ. — שרײַ ניט, נעשאָמע מײַנע, עס קומט אונדז מאזל-
טאָוו! — „מאזלטאָוו? א וויסטער מאזלטאָוו, זאָגט זי, האָסט
שוינ פארזינדיקט די מאורע בעהיימע, לייזער-וואָלפנ זי פאר-
קויפט?“ — נאָכ ערגער! — זאָג איכ. — „אויסגעביטנ, זאָגט זי,
אפ אנ אנדערער? אָפגענארט לייזער-וואָלפנ, א ראכמאָנעס נע-
בעכ?“ — נאָכ ערגער! — זאָג איכ. — „נו, רעד שוינ, זאָגט זי,
ווערטער, קוק אָנ, ווי מע באדארפ בא אימ קויפנ א וואָרט!“ —
מאזלטאָוו דיר, גאָלדע, זאָג איכ נאָכאמאָל, מאזלטאָוו אונדז
ביידנ, אונדזער צייטל איז א קאלע געוואָרנ! — „אויב אזוי,
זאָגט זי, ביסטו דאָכ טאקע גוט פארקלאפט, גאָר נישט אפ
קאטאָוועס, רעדסט פונעמ וועג! האָסט, אפאָנעמ, געמאכט,
זאָגט זי, א רעכטע קויסע?“ — א קויסע, זאָג איכ, האָבנ מיר
מיט לייזער-וואָלפנ געמאכט, אונ צו גלעזלעכ פונש האָבנ מיר
מיט לייזער-וואָלפנ גענומענ, נאָר בא די געדאנקענ, זאָג איכ,
בינ איכ נאָכ. הינייי זײַ וויסנ, גאָלדע ברודער, אז אונדזער

צייטל איז אין א גוטער, א מאזלדיקער שאָ א קאלע געוואָרן פאר אים אליין, פאר לייזער-וואָלפן! און איך האָב איר איבערגעגעבן די גאנצע מייַסע פון אָנהייב ביזן סאָף, וויאַזוי און וואָס און ווען און פון אלץ, וואָס מיר האָבן גערעדט, נישט דורכגעלאָזט קיין האָר אפילע. — „הערסטו, טעוויע, זאָגט צו מיר מייַן ווייַב, גאָט זאָל מיר טאקע אזוי העלפן, ווי איך וועל מיך קערן און ווענדן, זאָגט זי, ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס, וואָס לייזער-וואָלף האָט דיך גערופן, איז ניט אומזיסט. נאָר וואָס זשע דען? איך האָב מוירע געהאט דערפון צו טראכטן, טאָמער, כאָלילע, לאָזט זיך אויס א בוידעם. איך דאנק דיר, גאָטעניו, זאָגט זי, איך דאנק דיר, הארצעדיקער פאָטער געטרייַער, סע זאָל טאקע נאָר זייַן אין א גוטער שאָ, א מאזלדיקער, זי זאָל זיך עלטערן מיט אים אין אוישער און אין קאָוועד, וואָרעם פרומע-סאָבע, זאָל זייַן אָפגעשיידט פון מיר, האָט געהאט בא אים עפעס ניט אזא גוטע וועלט; זי איז, זאָל מיר מויכל זייַן, נישט אקעגן נאכט דערמאָנענדיק, געווען א ייִדענע אז אייַנגעגעסענע, נישט געקאָנט אויסקומען מיט קיינעם, גאָר נישט דאָס, וואָס אונדזער צייטל, איר צו לענגערע יאָר. א דאנק דיר, א דאנק דיר, גאָטעניו! נו, טעוויע, זאָגט זי, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, דו לעקיש איינער? באדארף זיך א מענטש זאָרגן? אז ס'איז באשערט, זאָגט זי, קומט דאָס אליין אין שטוב אריַין"... — דאָס אוואדע, זאָג איך, ס'איז דאָך א בעפיירעשער פאָסעק...— „וואָס טויג מיר דייַן פאָסעק, זאָגט זי, מע באדארף זען גרייטן זיך צו דער כאסענע; קוידעמקאָל אויסרעכענען, זאָגט זי, לייזער-וואָלפן א צעטל, וואָס צייטל באדארף האָבן צו דער כאסענע; מיילע פון פאָוועלע, זאָגט זי, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. זי האָט נאָך ניט קיין פאָדעם גרעט, זאָלסט זאָגן א פאָר זאָקן אפילע. הייַנט, זאָגט זי, מאלבושים — איינס א זייַדנס צו דער כופע און איינס א וואָלנס אף זומער, דאָס אנדערע אף ווינטער, און פלאטיעס א פאָר, און קליידלעך אונטערשטע, און מאנטלען, זאָגט זי, וויל איך, זי זאָל האָבן צוויי: איינעם א בורנעס מיט קעץ אף אינדערוואָכן, און איינעם א גוטן מיט שליאמעס אף שאבעס; הייַנט עפעס שטיוועלעך, מיט קולקעס, שטאליקעלע, א גאָרסעט, הענטשקעלעך, נאָזטיכלעך, א זאָנטיקל

און די איבעריקע זאכנ דאָרטנ, וואָס א מיידל באדארפ האָבנ היינטיקע צייטנ״...—ווי קומט דאָס צו דיר, זאָג איכ, גאָלדע טערצע, דו זאָלסט גאָר וויסנ פונ אזעלכע שמאָכטעליאקעס? — „וואָס איז?— זאָגט זי, — איכ בינ נישט געווענ צווישנ מענטשנ? צי איכ האָב עפשער ניט געזענ בא אונדז אינ קאסרילעווקע, וויאזוי מע גייט אָנגעטאָנ בא לייטנ? דו, זאָגט זי, לאָז מיכ, איכ וועל שוינ אליינ מיט אימ אלצדינג ריידנ; לייזער-וואָלפ, זאָגט זי, איז, נישקאָשע, א ייד א נאָגיד, ער וועט מיסטאמע אליינ אויכ ניט וועלנ, אז די גאנצע וועלט זאָל האָבנ מיט אימ צו טאָנ; אז מענ עסט כאזער, לאָז כאָטש רינענ איבער דער באָרד״...

בעקיצער, מיר האָבנ אזוי אוועקגערעדט ביזנ ווייסנ טאָג אריינ. — נעמ צונויפ, זאָג איכ, מיינ ווייב, דאָס ביסל קעז און פוטער און לאָמיכ פאָרנ דערווייל קיינ בויבעריק, עס איז טאקע אלצדינג שיינ און פיינ ארומ און ארומ, נאָר דאָס גע־שעפט, זאָג איכ, קאָנ מענ נישט פארבייגנ אפ א זייט, ווי שטייט דאָרטנ: האנעשאָמאָ לאָכ — די וועלט איז אויכ א וועלט. און גאנצ פרי קילכויכ האשויר, עס איז נאָכ געווענ טונקל, האָב איכ איינגעשפאנט דאָס פערד-און-וועגעלע און בינ אוועק קיינ בויבעריק. געקומענ קיינ בויבעריק אפנ מארק — אהא! (ס׳איז דענ פאראנ א סאָד בא יידנ?!) מע ווייסט שוינ אלצדינג און מע שטעקט אָפ מאזלטאָוו פונ אלע זייטנ: — „מאזלטאָוו אייכ, רעב טעוויע, ווענ האָבנ מיר, אימירצעשעם, א כאסענע?״ — מיט מאזל זאָלט איר, זאָג איכ, לעבנ, עס קומט אויס, ווי מע זאָגט: דער טאטע איז נאָכ גאָרנישט געבאָרנ געוואָרנ, איז שוינ דער זונ אויסגעוואקסנ אפנ דאכ... — „בלאָטע, זאָגנ זיי, עס וועט אייכ גאָרנישט העלפנ, רעב טעוויע, מאשקע מוזט איר שטעלנ; קיינ איינהאָרע אזא גליק, א שמאלצ-גרוב!״ — די שמאלצ רינט אויס, זאָג איכ, די גרוב בלייבט איבער. נאָר פונדעסט־וועגנ, זאָג איכ, קאָנ מענ קיינ כאזער ניט זיינ און פונ כעוורע ניט אָפשטיינ. אָט פארטיק איכ מיכ אָפ מיט אלע מיינע יע־הופעצער באלעבאטימ, זאָג איכ, וועט זיינ א גלעזל מאשקע און פארביינסנ, כיי-געלעבט און אנ עק, דאָס הייסט: צאָהאָלאָ וועסאָמייכאָ — הוליע קאפצנ!..

בעקיצער, אָפגעפארטיקט זיכ מיט מיינ מיסכער גיכ און געשווינד, ווי געווייינטלעכ, האָב איכ גענומענ מיט גוטע ברידער

צו ביסלעכ לעכאִימ, צוגעווינטשעוועט זיכ אײנס דעמ אנדערנ, ווי עס געהער צו זײַנ, אונ איכ האָב מיכ אופגעזעצט אונ בינ אוועק אהײמ לעבעדיק-פרײלעכ, גאָר בעגילופנ. פאָרנדיק אזוי אינ וואלד, זומער-לעבנ, די זונ באקט, נאָר פונ בײדע זײַטנ וואלד דער שאָטנ פונ בײמער, דער רײעכ פונ סאָסנעס, מע-כײַע-נעפאָשעס, צי איכ מיכ אויס ווי א גראפ אינ ווענעלע, לאָז נאָכ מײַנ כעוורעמאנ די לײצעס: גײ שוינ, זאָג איכ צו אימ, זײַ מויכל, אלײנ, דער וועג דארפ דיר שוינ זײַנ באקענט — אונ אלײנ צעלאָז איכ מיכ אפ א קאָל אונ זינג מיר א ניִגנדל. אפנ הארצנ איז עפעס יאָמטעוודיק; עס זינגט זיכ שטיקלעכ פונ יאָמימ-נוראָאִימ: „ווע־יעעסאָיו”, „וועכויל, מאאמינימ שעהו” אונ פונ „האלעל”. איכ קוק מיר אהינ ארופ, אינ הימל ארײַנ, אונ די געדאנקענ, מאכ-שאָוועס פלאָנטענ זיכ דאָ, אפ דער ערד. האשאָמאִימ שאָ-מאִימ — די הימלענ זײַנענ פאר גאָט, וועהאָאָרעצ — אונ די ערד, אזוי טראכט איכ מיר, האָט ער אוועקגעגעבנ ליוונײ אָדאָמ — צו די קינדער פונ מענטשנ, זײ זאָלנ זיכ שלאָגנ קאָפ אינ וואנט, זיכ רײַסנ ווי די קעצ פאר גרויס „ראָסקאָש”, שלאָגנ זיכ פאר גאבאָעס, פאר „שישי” אונ פאר „מאפטיר”... לוי האמײסים יעהאלעלו יאָ, מאקעס פארשטײענ זײ, ווי מענ באדארפ גאָט ליבנ פאר די טויוועס, וואָס ער טוט מיט זײ, וואנאנאכנו, אָבער מיר, אָרעמעלײַט, אײנ טאָג א גוטנ, אז מיר האָבנ, דאנקענ מיר אונ ליבנ גאָט אונ זאָגנ: אָהאוויטי — איכ האָב אימ ליב, גאָט, וואָרעמ ער הערט צו מײַנ קאָל אונ מײַנ געבעט, ער נײגט צו מיר זײַנ אויער, בעשאס אפאָ-פוני — עס דינגלט מיכ ארומ פונ אלע זײַטנ דאלעס, צאָרעס, שלעק, פוראָניעסנ: דאָס פאלט א בעהײמע אינמיטנ העלנ טאָג, דאָס טראָגט אָנ דער גוטעריאָר א קאָרעוו א שלימאזל, א מינ מענאכעמ-מענדל פונ יעהופעצ, נעמט צו דאָס לעצטע כיִעס, אונ איכ מײנ שוינ בעכאָפזי: אנ עק, די וועלט איז שוינ געפאלנ, קאָל האָאָדאָמ קויזייוו — ניטאָ קײנ עמעס אפ דער וועלט. וואָס טוט גאָט? שיקט ער ארײַנ לײזער-וואָלפנ א מאכשאָווע, ער זאָל נעמענ מײַנ צײטלענ, ווי זי שטײט אונ גײט, דערומ זאָג איכ צוויי מאָל אוידכאָ — איכ וועל דיכ ליבנ, גאָטעניו, וואָס דו האָסט זיכ ארומגעקוקט אפ טעוויענ אונ געקומענ מיר צו הילפ, איכ זאָל האָבנ כאָטש

א שטיקל נאכעס פונ מײַנ קינד, אז איכ װעל קומענ צו איר צוגאסט, אימירצעשעמ, זי טרעפנ א באלעבאָסטע אפ אלעמ גרייטנ, פולע שאפעס מיט גרעט, פולע שפיזארניעס מיט פייסע-כיקער שמאלצ אונ מיט אײַנגעמאכטס, פולע שטײַגנ מיט אויפעס, גענדז אונ קאטשקעס... פלוצעמ צעלאָזט זיכ דאָס פערדל מײַנס אראָפ א בארג, אונ איידער איכ הייב אומ דעמ קאָפ א קוק טאָנ, װו איכ בינ אינ דער װעלט, ליג איכ שוינ אפ דער ערד מיט אלע ליידיקע טעפלעכ אונ קריגלעכ, אונ דאָס װעגעלע אפ מיר! קוימ מיט צאָרעס, מיט ליידנ ארויסגעקראטשקעט זיכ אונ אופגעשטאנענ א צעבראָכענער, א צעהארגעטער, לאָז איכ אויס מײַנ ביטער הארצ צומ פערדל. אײַנגעזונקענ זאָלסטו װערנ! װער האָט דיכ געבעטנ, שלימאזל, באװײַזנ א בעריע-שאפט, אז דו קאָנסט לויפנ בארג-אראָפ? האָסט דאָכ מיכ שיר, זאָג איכ, אומגליקלעכ געמאכט, דו אשמעדײַ! אונ איכ האָב אימ אײַנגעטיילט, װיפל ס'איז אינ אימ ארײַנ. מײַנ באָכער האָט, אפאָנעמ, אליינ פארשטאנענ, אז ער האָט דאָ פארשטיפט א מיעסע מײַסע, געשטאנענ אראָפגעלאָזט די מאָרדע, כאָטש מעלק אימ אויס. — כאפט דיכ דער װאטנמאכער! — זאָג איכ צו אימ אונ מאכ צורעכט דאָס װעגעלע, נעמ צונויפ די קיילימ אונ האָלאכ לעװילאָמוי — פאָר װײַטער. נישט קיינ גוטער סימענ, זאָג איכ צו זיכ אליינ; איכ האָב מוירע, צי עס האָט זיכ נישט געטראָפנ אינ דער היימ עפעס א נײַער אומגליק?..

קאכאװע. איכ פאָר אָפ נאָכ א װערסט צװיי, שוינ נישט װײַט פונ דער היימ, דערזע איכ אינמיטנ שליאכ גייט גלײַכ אקעגנ מיר א מענטש אינעמ געשטאלט פונ א נעקייװע. איכ פאָר צו נעענטער, קוק מיכ אײַנ: צייטל!.. איכ װייס נישט פארװאָס, נאָר עס האָט זיכ מיר אָפגעריסנ אינ הארצנ, אז איכ האָב זי דערזענ. איכ שפרינג אראָפ פונעמ װאָגנ: צייטל, ס'איז דו? װאָס טוסטו דאָ? פאלט זי מיר ניט אפנ האלדז מיט א געװיינ? גאָט איז מיט דיר, זאָג איכ, טאָכטער מײַנע, װאָס װיינסטו? — „אוי, זאָגט זי, טאטע, טאטע!"... אונ באװאשט זיכ מיט טרערנ. עס איז מיר פינצטער געװאָרנ אינ די אויגנ אונ פארקלעמט באמ הארצנ. — װאָס איז דיר, טאָכטער, זאָג מיר, װאָס איז דיר געשענ? — זאָג איכ צו איר אונ נעמ זי ארומ, גלעט זי, האלדז זי, קוש זי, אונ זי אינ אײנ קאָל: — „טאטע,

טאטע, הארציקער, געטרײַער, זאָגט זי, דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט, האָב דאכמאָנעס, זאָגט זי, אפּ מײַנע יונגע יאָרן!"... און פארגייט זיך פאר געוויין, קאָן מער קיין וואָרט נישט אויסריידן. אז אָך און וויי איז מיר, טראכט איך, איך שטויס מיך שוין, וואָס דאָ איז! דער רועך האָט מיך אוועק־געטראָגן קיין בויבעריק! — וואָס באדארף מען וויינען, זאָג איך צו איר און גלעט זי באַם קאָפּ, נארעלע, וואָס באדארף מען וויינען? מימאָנעפּשעכ, זאָג איך, ניין איז ניין, מע וועט דיר מיט געוואלט כאָלילע קיינער נישט אָנהענגען א לונג און לעבער אפּ דער נאָז. מיר האָבן, זאָג איך, געמיינט דײַן טוי־ווע טאקע, געוואָלט ווי צום בעסטן. עלע ס'איז דיר ניט צום הארצן, וואָס זאָל מען טאָן? מיסטאמע, זאָג איך, איז ניט באַשערט... — „א דאנק דיר, זאָגט זי, טאטע, לאנג לעבן זאָלסטו", — און פאלט מיר ווידער אפּן האלדז און הייבט ווי־דער אָן צו קושן מיך און וויינען, גיסן מיט טרערן. — אָבער לאָז שוין זײַן גענוג געוויינט, זאָג איך, ה א ק ו י ל  ה ע ו ו ע ל — קרעפּלעך עסן קאָן אויך נימעס ווערן, קריך, זאָג איך, אין וואָגן ארײַן און לאָמיר פאָרן אהיים, די מאמע, זאָג איך, וועט דאָרטן איבערטראכטן מיִעדייע וואָס!

בעקיצער, מיר האָבן זיך ביידע ארײַנגעזעצט אין וואָגן ארײַן, און איך האָב אָנגעהויבן אײַנצורעדן זי מיט רייד, אהין, אהער. די מײַסע דערפון, זאָג איך, איז דאָך אזוי, מיר האָבן, זאָג איך, דערבײַ כאָלילע קיין שום שלעכטע מאכשאָווע נישט געהאט; גאָט איז יעדייע דעם עמעס, מיר האָבן גע־וואָלט, ווי זאָגט ער, לעייס־צאָרע באוואָרענען א קינד; אײַ, עס לאָזט זיך נישט, מיסטאמע, זאָג איך, הייסט גאָט אזוי; נישט באַשערט, זאָג איך, דיר, טאָכטער מײַנע, קומען אפּן גרייטן, ווערן א באלעבאָסטע אפּ אלדאָסגוטס, און אונדז א שטיקל נאכעס דערלעבן, זאָג איך, אפּ די עלטערע יאָרן, פאר אונדזער האָרעוואניע, זאָג איך, טאָג ווי נאכט אין דער טאטשקע אײַנגעשפּאנט, קיין גוטע מינוט, נאָר דאלעס, נאָר דאכקעס, נאָר שלימ־שלימאזל ארום און ארום!.. „אוי, טאטע, זאָגט זי צו מיר ווידער מיט א געוויין, איך וועל מיך שטעלן, זאָגט זי, פאר א דינסט, ליים וועל איך טראָגן, ערד וועל איך גראָבן!"... — וואָס וויינסטו, נאריש מיידל, זאָג איך צו איר,

איך זאָג דיר דען עפּעס, נאַרעלע? צי איך האָב טײַנעס צו דיר? גלאַט, זאָג איך, ס'איז ביטער און פֿינצטער, רעד איך מיר אויס דאָס האַרצ, שמועס איך מיך אויס מיט אים, מיטנ ריבוינע-שעל-אוילעם, ווי אַזוי ער פֿירט מיט מיר; ער איז, זאָג איך, אַנ אָוו-האָראַכמאָנ, האָט ראַכמאָנעס אַפֿ מיר, פֿײַנט זיך אויס קעגנ מיר, זאָל ניט שטראָפֿנ פֿאַר די רייד, זאָג איך, רעכנט זיך, ווי ׳מיט אַ טאַטנ, און גיי שרײַ כײַ-וועקײַעם! נאָר מיס-טאַמע, זאָג איך, באַדאַרפֿ אַזוי צו זײַנ; ער איז אויבנ, אינ דער הייך, זאָג איך, און מיר זײַנענ דאָ, אינ דער ערד, טיפֿ, טיפֿ אינ דער ערד, מוזנ מיר זאָגנ, אַז ער איז גערעכט און זײַנ מישפּעט איז גערעכט. וואָרעם אַז מיר זאָלנ וועלנ שמועסנ טאַקע דאָס אייגענע ווידער צוריק, בינ איך דען נישט קיינ גרויסער נאַר? וואָס שרײַ איך? וואָס פּילדער איך? וואָס הייסט, זאָג איך, איך, קליינ ווערעמל, וואָס פּויזשע אַרומ דאָ אַפֿ דער ערד, וואָס אַ מינדעסט ווינטעלע, אַז גאָט וויל נאָר, מאַכט פֿונ מיר אַ טעל-אוילעמ אינ איינ קעהערעפֿ-אַיִנ, שטעל איך מיך אַרויס מיט מײַנ נאַרישנ סייכל און וויל אים זאָגנ דייעס, ווי אַזוי צו פֿירנ דאָס וועלטל זײַנס? מיסטאַמע, אַז ער הייסט אַזוי, באַדאַרפֿ זײַנ אַזוי, וואָס העלפֿט דאָ טײַנעס? פֿערציק טעג, זאָג איך, אַזוי שטייט געשריבנ בא אונדז אינ די הייליקע ספֿאָרים, פֿערציק טעג פֿאַר דעמ, איידער דאָס קינד ווערט באַשאַפֿנ בא דער מוטער אינ בויך, קומט אַ מאַלעך און שרײַט אויס: באַס פּלויני ליפֿלויני, לאָז טעוויעס טאָכטער נע-מענ געצל-בענ-זאָרעכנ, און לייזער-וואָלפֿ דער קאַצעוו לאָז מויכל זײַנ פֿאָרנ ערגעצ אַנדערש זוכנ זיך זײַנ גלײַכנ, זײַנס וועט אים נישט אַנטלויפֿנ, און דיר, זאָג איך, לאָז גאָט צושיקנ דײַנ זיוועג, נאָר עפּעס אַ דערכטס, און וואָס צומ גיכסטנ. אָמיינ, קיינ יעהי ראָצנ — זאָג איך, די מאַמע זאָל כאָטש אַזוי ניט שרײַענ, איך וועל שוינ פֿונ איר כאַפּנ אַ גוטנ פּסאַק!..

בעקיצער, מיר זײַנענ געקומענ אַהיימ, אויסגעשפּאַנט דאָס פֿערדל און אַוועקגעזעצט זיך בא דער שטוב אַפֿנ גראָז עפּעס צוטראַכטנ אַנ אייצע, אויסקלערנ פֿאַר מײַנ ווײַב אַ מײַסע פֿונ טויזנט-איינ-נאַכט, אַבי אַרויס פֿונ אַ צאָרע. פֿאַרנאַכטלעך, די זונ זעצט זיך; זומער-לעבנ, די זשאַבעס פֿונדערווײַטנ קוואַקענ;

דאָס פערדל, געפּענטעט אַף צוויי פיס, שטשיפּעט גראָז; די
בעהיימעלעך, נאָרוואָס געקומענע פון דעם טשערעדע, שטייען
איבער די צעבערס און וואַרטן, מע זאָל זיי אויסמעלקן; אַרום
און אַרום דאָס גראָז שמעקט — נאָר א גאַניידן! איך זיץ מיר
אַזוי און באַטראַכט דאָס אַלצדינג און קלער מיר בעשאַס-מײַ-
סע, ווי קלוג דער ריבוינע-שעל-אוילעם האָט דאָס באַשאַפן דאָס
וועלטל זײַנס, אַזוי אַז איטלעכס באַשעפעניש, פונעם מענטשן ביז,
לעהאַווֹדל, א בעהיימע, זאָל זיך פאַרדינען זײַן ברויט — אומ-
זיסט איז נישטאָ! דו, בעהיימע, ווילסט זיך פרעסן — גיי מעלק
זיך, גיב מילך, זײַ מעפאַרנעס א ייִד מיט ווײַב און קינדער-
לעך! דו, פערדל, ווילסט קײַען — לויף אַלעמאָל הין און
צוריק מיט די טעפּלעך קיין בויבעריק! און דעסגלײַכן דו,
מענטש, לעהאַווֹדל, ווילסט א שטיקל ברויט — גיי האָרעווע,
מעלק די בעהיימעס, טראָג זיך מיט די קריגלעך, שלאָג פּוטער,
מאַך קעז, שפּאַן דאָס פערדל און שלעפּ זיך אַלע פרימאָרגן
קיין בויבעריק אַף די דאַטשעס, נייג זיך און בוק זיך צו די
יעהופּעצער גווירים, שמייכל צו זיי, כאַנפע זיי, קריך זיי איט-
לעכן באַזונדער אין דער נעשאָמע אַרײַן, גיב אַכטונג, זיי
זאָלן זײַן צופרידן, כאָלילע ניט אָנרירן זיי אין קאָוועד!.. אײַ,
בלײַבט דאָך א קאַשע: מאַ נישטאַנע? — ווו שטייט דאָס
געשריבן, אַז טעוויע באַדאַרף האָרעווען פון זייערטוועגן, אופּ-
שטיין גאַנצפרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וואָס איז? ביכדיי
זיי זאָלן האָבן פּונקט צו דער קאַווע א פרישן שטיקל קעז און
פּוטער? ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז איך בין מעכוייעוו אויסגע-
ריסן ווערן צוליב א שיטערן קרופּניק, א קוליש מיט גרויפּן, און
זיי, די יעהופּעצער נעגידים, באַדאַרפן אויסרוען די ביינער
אַף די דאַטשעס, נישט טאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און
עסן דאַפּקע געבראָטענע קאַטשקעלעך, און דאַפּקע גוטע קנישעס,
מלינצעס מיט וואַרטוטן? בין איך דען נישט אַזאַ ייִד, ווי זיי?
וואָלט דען נישט געווען קיין יוישער, כ׳לעבן, אַז טעוויע זאָל
זיך אָוועקזעצן כאָטש איין זומער אַף א דאַטשע? אײַ, ווו
וועט מען נעמען קעז און פּוטער? ווער וועט מעלקן די בע-
היימעס? טאַקע זיי, די יעהופּעצער סטיקראַטן מיין איך... און
איך צעלאַך מיך אַליין פון אַזאַ מעשוגענעם געדאַנק, ווי זאָגט
די וועלט א ווערטל: אַז גאָט זאָל האָרכן די נאַראָנים, וואָלט

די וועלט געהאט אנ אנדער פאָנעם...— „א גוטנ אָוונט, רעב טעוויע!" — הער איכ עמעצער רופט מיכ אָנ באמ נאָמענ. איכ דריי מיכ ארומ, איכ טו א קוק — א באקאנטער: מאָטל קאמזויל, א שנײַדער-יונג פונ אנאטעווקע. — באָרוכ-האבאָ, זאָג איכ, סקאָצל קומט, מע זאָל דערמאָנענ מאָשיִעכנ. זיצ, מאָטל, אפ גאָטס ערד, זאָג איכ, ווי קומסטו פלוצעמ אהער? — „ווי איכ קומ? מיט די פיס". — מאכט ער צו מיר אונ זעצט זיכ אוועק נעבנ מיר אפנ גראָז אונ קוקט אהינ, ווו מײַנע מיידלעכ דרייענ זיכ ארומ מיט די טעפלעכ אונ מיט די קריגלעכ. — „איכ קלײַב מיכ שוינ לאנג צו אײַכ, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, נאָר איכ האָב אלצ קיינ צײַט ניט; איינ שטיקל ארבעט ארויסגעלאָזט, דאָס אנדערע גענומענ. איכ בינ מיר הײַנט אליינ פאר זיכ א שנײַדער. ארבעט איז פאראנ, באָרעכ-האשעמ, גענוג, אלע שנײַדערס זײַנענ פארוואָרפנ מיט ארבעט. ס'איז בא אונדז מעשעכ א זומער פונ כאסענעס: בערל פאָנ-פאטש מאכט כאסענע; יאָסל שייגעצ מאכט כאסענע; מענדל זאיִקע מאכט כאסענע, יאנקל פיסקאטש מאכט כאסענע; מוישע גאָרגל מאכט כאסענע; מייער קראָפע-ווע מאכט כאסענע; כאיִמ לאָשעק מאכט כאסענע; אונ אפילע טריהובעכע די אלמאָנע מאכט אויכ כאסענע!" — די גאנצע וועלט, זאָג איכ, מאכט כאסענע, נאָר איכ איינער האלט נאָכ נישט דערבײַ; מיסטאמע בינ איכ נישט ווערט בא גאָט... — „ניינ, מאכט ער צו מיר אונ קוקט אהינ, ווו די מיידלעכ זײַנענ, איר האָט א טאָעס, רעב טעוויע; איר זאָלט וועלנ, וואָלט איר אויכ געהאלטנ איצט בא כאסענע מאכנ, עס ווענדט זיכ נאָר אָנ אײַכ"... — דעהײַנע, זאָג איכ, ווי-ארומ? עפשער מײַנסטו א שידעכ פאר מײַנ צײַטלענ? — „ווי געמאָסטנ!" — מאכט ער צו מיר. — כאָטש עפעס א רעכטנ שידעכ? — זאָג איכ אונ טראכט מיר בעשאס-מײַסע: עס וועט זײַנ שיינ, טאָמער מיינט ער לייזער-וואָלפ דעמ קאצעוו!.. „טשאקנדיק אונ קנאקנדיק!" — ענטפערט ער מיר אפ שנײַדער-לאָשנ אונ קוקט אלצ אהינ, ווו די מיידלעכ זײַנענ. — פונוואנענ, לעמאָשל, איז דער שידעכ דײַנער, פרעג איכ אימ, פונ וואָסערע קאנטנ? אויב ער שמעקט מיט יאטקע, זאָג איכ, וויל איכ גאָר ניט הערנ, ניט זענ! — „כאס-וועכאָלילע, זאָגט ער,

ער הייבט נישט אָן שמעקן מיט יאַטקע; איר קענט אים, רעב טעוויע, זייער גוט!"... איז דאָס כאַטש, זאָג איך, עפּעס א גלײַכע זאַך? — „נאָך א מין גלײַך, זאָגט ער, גלײַך צו גלײַך איז נישט גלײַך; ס'איז, ווי מע זאָגט, אָגיל וועסמאַך — צוגעשניטן און אופגענייט!"... ווער זשע איז דער שידעך, זאָג איך, לאָמיר האָרכן? — „ווער דער שידעך איז? — מאַכט ער און קוקט אַלץ אַהין, — דער שידעך איז, פאַרשטייט איר מיך, רעב טעוויע, טאַקע איך אַליין"... — ווי ער האָט דאָס מיר נאָר אויסגערעדט, אַזוי בין איך אונטערגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער, פון דער ערד, און ער נאָך מיר. און אַזוי זײַנען מיר געבליבן שטיין איינער אַקעגן אַנדערן אָנגעדראָדלט, ווי די האָנען. צי דו ביסט מעשוגע געוואָרן, זאָג איך צו אים, צי דו ביסט גלאַט אַזוי אַראָפּ פונעם זינען? ביסט אַליין דער שאַדכן, אַליין דער מעכוטן און אַליין דער כאָסן, דאָס הייסט, אַן אייגענע כאַסענע מיט אייגענע קלעזמער! איך האָב נאָך, זאָג איך, אַזעלכעס נישט געהערט אין ערגעץ, אַז א באָכער זאָל זיך אַליין רעדן א שידעך! — „דאָס, וואָס איר זאָגט, רעב טעוויע, מאַכט ער צו מיר, אַז איך בין מעשוגע, לאָזן אונדזערע סאָנים מעשוגע ווערן; איך בין נאָך, מעגט איר מיר גלייבן, בײַ אַלע געדאַנקען; מע באַדאַרף גאָר ניט זײַן, זאָגט ער, מעשוגע, אַז מע זאָל ווערן אײַער צייטלען; א סימען האָט איר, אַז לייזער-וואָלף, וואָס איז דער גרעסטער נאָגיד בײַ אונדז אין שטאָט, האָט זי געוואָלט נעמען ווי זי שטייט און גייט... איר מיינט, ס'איז א סאָד? דאָס גאַנצע שטעטל ווייסט שוין!.. און דאָס, וואָס איר זאָגט אַליין, אָן א שאַדכן, איז מיר א כידעש, זאָגט ער, אַפּ אײַך; איר זײַט דאָך, רעב טעוויע, עפּעס יאָ א ייִד, וואָס קאַטאָרי קיין פינגער אין מויל באַדאַרף מען אײַך נישט אַרײַנלייגן, איר וועט אָפּבײַסן... נאָר וואָס טויג לאַנגע שמועסן? די מײַסע פון דער געשיכטע, זאָגט ער, איז אַזוי: איך און אײַער טאָכטער צייטל האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט שוין לאַנג, שוין העכער א יאָר, אַז מיר זאָלן זיך נעמען"... א מעסער אין האַרצן, ווען עמעצער זעצט מיר אַרײַן, וואָלט מיר געווען א סאַך מער ניכע, ווי די דאָזיקע ווערטער: ערשטנס, ווי קומט ער, מאָטל שנײַדער, צו טעוויען פאַר אַן איידעם? וועהאַשייניס, וואָס איז דאָס פאַר דיבורים: זיי

האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט, אז זיי זאָלן זיך נעמען? — נו, און ווּ בין איך? — רופ איך מיך אָן צו אים. — עפּעס האָב איך אויך א שטיקל דייע צו זאָגן אפ מײַן קינד, צי מיך פרעגט מען שוין גאָר נישט? — „כאס וועכאָלילע, מאכט ער, דערופ בין איך דאָך טאקע געקומען צו אײַך אײַבערײדן, אזויווי איך האָב דערהערט, אז לייזער-וואָלף שאדכנט זיך צו אײַער טאָכטער, וואָס קאטאָרי שוין העכער א יאָר, אז איך האָב זי ליב”... — ס'א מאָשל, זאָג איך, אז טעוויע האָט א טאָכטער צייטל, און דו הייסט מאָטל קאמזויל און ביסט א שנײַדער, הײַנט וואָס האָסטו צו איר, דו זאָלסט זי פײַנט האָבן?.. — „ניין, מאכט ער, נישט דאָס מיין איך, איך מיין גאָר עפּעס אנדערש, איך האָב אײַך געוואָלט דערציילן, אז איך האָב ליב אײַער טאָכטער, און אײַער טאָכטער האָט מיך ליב, שוין העכער א יאָר, זיך געגעבן דאָס וואָרט, מיר זאָלן זיך נעמען, האָב איך, זאָגט ער, עטלעכע מאָל געוואָלט זײַן בא אײַך איבערײדן, נאָר אלץ אָפּגעלייגט אפ שפּעטער, ביז איך וועל מיר צונויפשלאָגן עטלעכע קערבלעך אפ א מאשין, און נאָכדעם ערשט אויסקלײדן זיך, ווי עס געהער צו זײַן, וואָרעם א ליאדע באָכערל הײַנטיקע צײַטן האָט צוויי קאָסטיומען מיט עטלעכע קאמזוילן”... — טפו זאָלט איר ווערן, מאך איך צו אים, מיט אײַער קינדערשן סייכל! און וואָס וועט איר טאָן נאָך דער כאסענע — פארוואַרפן די ציין אפ די בענטאנעס, צי דו וועסט האָדעווען דײַן ווײַב מיט קאמזוילן?.. — „ע, מאכט ער צו מיר, אפ אײַך איז מיר, רעב טעוויע, א כידעש, איר זאָלט אזעלכעס זאָגן! איך מיין, אז איר האָט כאסענע געהאט, האָט איר, דאכט מיר, קיין אייגענעם מויער נאָך נישט געהאט, פונדעסטוועגן זעט איר דאָך... מימאָנעפּשעך, וואָס עס וועט זײַן מיט קאָל ייִסראָעל וועט זײַן מיט רעב ייִסראָעל... הײַנט בין איך דאָך א שטיקל באלמעלאָכע אויך”...

בעקיצער, וואָס זאָל איך אײַך דאָ לאנג מײַריך זײַן? ער האָט מיך איבערגערעדט, וואָרעם — לעמײַ זאָלן מיר זיך נארן, וויאזוי האָבן אלע ייִדישע קינדער כאסענע? אז מע זאָל וועלן קוקן אפ די זאכן, וואָלט אונדזער גראַד קיינמאָל נישט באדארפט כאסענע האָבן... איינ זאך האָט מיר נאָר פארדראָסן און האָב דאָס נישט געקאָנט פארשטיין בעשום-אויפן: וואָס הייסט: זיי אליין



אונ דאַס פּאָרפאָלק, באָרעכ־האשעמ, לעבט זיכ גאנצ צופרידנ...

צו זײַט 68

האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט? וואָס איז דאָס פאר א וועלט געוואָרן? א באָכער באגעגנט זיך מיט א מיידל און זאָגט צו איר: לאָמיר זיך געבן דאָס וואָרט, אז מיר זאָלן זיך נעמען... עפּעס גלאט העפקער-ציבעלעס!.. נאָר אז איך האָב א קוק געטאָן אפ מייַן מאָטלען, ווי ער שטייט זיך אזוי, דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט, ווי א זינדיקער מענטש, מיינט דאָס גאנץ ערנסט, אָן שום כאָכמעס דערבייַ צו האָבן, האָב איך מיך מעיאשעוו געווען: לאָמיר זיך נאָר גוט באַרעכענען טאקע דאָס אייגענע ווידער צוריק. וואָס ברעקל איך מיך אזוי און וואָס מאך איך דאָ אָנשטעלן? דער גרויסער מעיוכעס וואָס איך בין, רעב צאָצעלעס אן אייניקל, צי די גוזמעס נאדן, וואָס איך גיב מייַן טאָכטער, צי די האלבאָשע אירע, מישטיינסגעזאָגט?.. מאָטל קאמזויל איז טאקע א שנייַדער, ער איז אָבער א גאנץ פייַן באָכערל, אן ארבעטס-יונג, קאָן געבן א ווייַב ברויט און דערצו נאָך אן ערלעכ יינגל אויך, הייַנט וואָס האָב איך צו אים?— טעוויע, זאָג איך צו מיר אליין, מאך נישט קיין פוילע טנועס און זאָג באָם, ווי אין פּאָסעק שטייט: סאָלאכטי קידוואָרעכאָ — לאָז זייַן מיט גליקו.. יאָ, וואָס טוט מען אָבער מיט מייַן אלטער? איך וועל דאָך פון איר האָבן, ווי זאָגט ער, באסוסים אוּוויגמאלים — אפ שיסל און אפ טעלער! וויִאזוי פירט מען זי ארופ, אז עס זאָל בא איר ווערן רעכט?.. ווייסטו גאָר וואָס, מאָטל? — רופ איך מיך אָן צו מייַן כאָסן. — דו גיי דיר אהיים, איך וועל מיר דאָ דערווייַל צורעכט מאכן אלץ, וואָס מע באדארף, איבערשמועסן מיט דעם, מיט יענעם, ווי אין דער מעגילע שטייט: וועהאשס׳אָ קאדאָס — אלצדינג דארף זייַן באטראכט און אימירצעשעם מאָרגן, אויב דו וועסט ביז דעמלט קיין כאראָטע נישט האָבן, וועלן מיר זיך מיסטאמע זען... — „כאראָטע? — מאכט ער צו מיר. — איך וועל האָבן כאראָטע? איך זאָל ניט דערלעבן אוועקגיין פון דעם אָרט, עס זאָל פון מיר ווערן, זאָגט ער, א שטיין, א ביין!"... — צו וואָס טויג דיר נאָך דאָס שווערן זיך, וואָס דו שווערסט זיך, זאָג איך אים, אז איך גלייב דיר אָן א שבוּעה? גיי געזונט, זאָג איך, און א גוטע נאכט, און לאָזן זיך דיר כאָלעמען גוטע כאלוימעס... און אליין לייג איך מיך אויך שלאָפן, נאָר עס נעמט מיך ניט קיין שלאָף: דער קאָפּ ווערט מיר שיִר ניט צעפּאלן אפ שטיקלעך, טראכ-

טנדיק אזא פלאן, און אזא פלאן, ביז איך בין געפאלן אפ דעם רעכטן פלאן. וואָס זשע איז דער פלאן? אָט וועט איר הערן, וויאזוי טעוויע פאלט אפ א גליַיכס!

בעקיצער, ארום האלבע נאכט, די גאנצע שטוב שלאָפט געשמאק, דער כראָפּעט, דער פּיַיפּט, בין איך מיך מעיאשעוו און הייב אָן צו שריַיען נישט מיט מיַין קאָל: גוואלד! גוואלד! גוואלד!.. סע פארשטייט זיך, אז אפ מיַין גוואלד האָט זיך די גאנצע שטוב אופגעכאפּט, און פריִער פון אלעמען גאָלדע. „גאָט איז מיט דיר, טעוויע, מאכט זי צו מיר און טרייסלט מיך, שטיי אופ, וואָס איז דיר אזעלכס, וואָס גוואלדעוועסטו?"... איך עפן אופ די אויגן, קוק מיך ארום קלוימערשט אפ אלע זיַיטן און רופ זיך אָן מיט א ציטערניש: — ווו איז זי ערגעץ? — „ווער איז? וועמען זוכסטו?" — פרומע־סאָרען, זאָג איך, פרומע-סאָרע לייזער-וואָלפס איז דאָ נאָרוואָס געשטאנען... — „דו רעדסט פון היץ, מאכט צו מיר מיַין וויַיב, גאָט איז מיט דיר, טעוויע! פרומע-סאָרע לייזער-וואָלפס, זאָל זיַין אָפּגעשיידט, איז שוין לאנג אפ דער עמעסער וועלט". — איך וויים, זאָג איך, אז זי איז געשטאָרבן, נאָר זי איז אָבער פאָרט געווען נאָרוואָס, אָט דאָ בא מיַין בעט גערעדט מיט מיר, זי האָט מיך אָנגענומען, זאָג איך, באם גאָרגל, מיך געוואָלט ווארגן!.. — „גאָט איז מיט דיר, טעוויע, וואָס פלאפּלסטו? — מאכט צו מיר מיַין וויַיב. — עס האָט זיך דיר גע-קערט כאָלעמען א כאָלעמ, שפּיַי אויס דריַי מאָל און דערצייל מיר, וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט, וועל איך דיר אויסלייגן צו גוטן". — לאנג לעבן זאָלסטו, גאָלדע, מאך איך צו איר, וואָס דו האָסט מיך אופגעמונטערט, ווען ניט, וואָלט איך פאר שרעק געקלאפּירט אפּנ אָרט. גיב מיר, זאָג איך, א טרונק וואַ-סער, וועל איך דיר דערציילן דעם כאָלעם, וואָס האָט זיך מיר געכאָלעמט. נאָר בעטן וועל איך דיך, גאָלדע, זאָלסט זיך נישט שרעקן און נישט איבערקלערן, כאָלילע, גאָט וויַיסט וואָס, וואָרעם אין די הייליקע ספאָרים בא אונדז שטייט געשריבן, אז נאָר דריַי כאלאָקים פון א כאָלעמ קאָן אמאָל מעקויעם ווערן, און דאָס איבעריקע איז בלאָטע, שקאָרים אוכזאָווים, נישט גע-שטויגן, נישט געפלויגן... קוידעמקאָל, זאָג איך, האָט זיך מיר גע-כאָלעמט, אז ס'איז בא אונדז א סימכע; איך וויים ניט, צי א קנאָסמאָל, צי א כאסענע. מענטשן א סאך, יידן און וויַיבער,

דער ראָוו און דער שוּיכעט, היינט קלעזמער... דערווײַל עפנט
זיך די טיר און עס קומט אַרײַן דײַן באָבע צייטל, אָלעוו-האַשאָלעם...
מײַן ווײַב האָט דערהערט די באָבע צײַטל, איז זי שוין געוואָרן
טויט ווי די וואַנט און רופט זיך אָן צו מיר: „וויִאַזוי איז זי
אַפּן פּאָנעם און וואָס איז זי געגאַנגען אָנגעטאָן?״ — אַ
פּאָנעם האָט זי, זאָג איך, אַפּ אַלע אונדזערע סאָנים, געל אַזוי
ווי וואַקס, און אָנגעטאָן, געוויינטלעך, אין ווײַסן, אין טאַכרי-
כים... „מאַזלטאָוו! — מאַכט צו מיר די באָבע צייטל. — איך האָב
נאַכעס, וואָס איר האָט אויסגעקליבן פאַר אײַער צייטלען, וואָס
זי טראָגט מײַן נאָמען, אַזאַ פײַנעם כאָסן, אַ לײַטישן; ער הייסט
מאָטל קאַמזויל, נאָך מײַן פעטער מאָרדכע, און כאָטש ער איז
אַ שנײַדער, פונדעסטוועגן איז ער זייער אַן ערלעך קינד״... —
„פונוואַנען, רופט זיך אָן גאָלדע, האָט זיך צו אונדז גענו-
מען אַ שנײַדער? אין אונדזער מישפּאָכע, זאָגט זי, זײַנען פאַ-
ראַן מעלאַמדים, כאַזאָנים, שאַמאָסים, קוואָרעס-ייִדן, און גלאַט אַזוי
אָרעמעלײַט, נאָר נישט, כאָלילע, קיין שנײַדערס און נישט
קיין שוסטערס״... — שלאָג זשע מיך נישט איבער, גאָלדע, זאָג
איך צו איר, מיסטאַמע ווייסט דײַן באָבע צײַטל בעסער פון דיר...
אַז איך האָב דערהערט פון דער באָבע צייטל אַזאַ מין מאַזל-
טאָוו, רופּ איך מיך אָן צו איר: וואָס זאָגט איר עפּעס, באָבעניו,
אַז צייטלס כאָסן הייסט מאָטל און ער איז אַ שנײַדער, אַז בע-
סאַכאַקל הייסט ער לייזער-וואָלף און ער איז גאָר אַ קאַצעוו?..
„ניין, רופט זיך אָן די באָבע צייטל נאָכאַמאָל, ניין, טעוויע,
דײַן צייטלס כאָסן הייסט טאַקע נאָר מאָטל, ער איז אַ שנײַ-
דער, און מיט אים וועט זי זיך עלטערן, אימירצעשעם, אין
אוישער און אין קאָוועד״... רעכט, באָבעניו, זאָג איך צו איר נאָ-
כאַמאָל, וואָס זשע טוט מען מיט לייזער-וואָלפן? סטײַטש, איך
האָב דאָך אים ערשט נעכטן געגעבן דאָס וואָרט!.. — איך האָב נאָר
אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, איך טו אַ קוק — נישטאָ די באָ-
בע צייטל! אַפּ איר אָרט איז אויסגעוואַקסן פרומע-סאָרע
לייזער-וואָלפס און מאַכט צו מיר קעהײַ לישנע: „רעב טעוויע!
איך האָב אײַך געהאַלטן טאָמיד פאַר אַן ערלעכן, פאַר אַ ייִדן
מיט טוירע, סטײַטש, ווי קומט דאָס, איר זאָלט טאָן אַזאַ זאַך,
איר זאָלט וועלן, אַז אײַער טאָכטער זאָל מיך יאַרשענען, זיצן
אין מײַן שטוב, האַלטן מײַנע שליסל, אָנטאָן מײַן מאַנטל,

טראָגנ מײַנע צירונג, מײַנע פּערל?״... וואָס בינ איכ שולדיק, מאַכ איכ צו איר, אײַער לײזער-וואָלף האָט אזוי געוואָלט... „לײזער-וואָלף? — מאכט זי צו מיר. — לײזער-וואָלף וועט האָבנ א וויכטנ סאָפ, אונ אײַער צײטל... א ראכמאָנעט נעבעכ, רעב טעוויע, אפ אײַער טאָכטער; מער ווי דרײַ וואָכנ וועט זי מיט אים נישט לעבנ; אונ אז עס וועט אויסגײנ די דרײַ וואָכנ, וועל איכ קומענ צו איר באנאכט אונ וועל זי אָנעמענ באַם האלדז אָט אזוי-אָ״... אונ מיט די ווערטער, זאָג איכ, האָט מיכ פרומע-סאָרע אָנגענומענ באַם גאָרגל אונ האָט מיכ אָנגעהויבנ צו ווארגנ אזוי, אז ווענ ניט דו זאָלסט מיכ געווענ אופּוועקנ, וואָלט איכ שוינ איצטער אָנגעשפּארט וויַיט-וויַיט!.. — „טפּו-טפּו-טפּו! — מאכט צו מיר מײַנ ווײַב אונ שפּײַט אויס דרײַ מאָל דרײַ. — אינ טײַכ זאָל דאָס פאלנ, אינ דער ערד זאָל דאָס זינקענ, אפ בוידעמס זאָל דאָס קלעטערנ, אינ וואלד זאָל דאָס רוענ, נאָר אונדז אונ אונדזערע קינדער זאָל דאָס ניט שאטנ! א בײזער, א וויסטער, א פינצטערער כאָלעמ אפ דעמ קאצעווס קאָפּ אונ אפ זײַנע הענט אונ פיס! לאָז ער זײַנ די קאפּאָרע פאר מאָטל קאמזוילס מינדסטנ נאָגל, כאָטש ער איז א שנײַדער, וואָרעמ אז ער הײסט נאָכ מײַנ פעטער מאָרדכע, איז ער געוויס נישט קײנ געבאָרענער שנײַדער אונ מיסטאמע אז די באָבע אָלעוו-האשאָלעמ איז זיכ מאטריעכ פונ יענער וועלט קומענ אהער צו אָפּגעבנ מאזלטאָוו, באדארפנ מיר זאָגנ, סע זאָל זײַנ אינ א גוטער שאָ א מאזלדיקער, אָמײנ סעלאָ!״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בעקיצער, וואָס זאָל איכ אײַכ לאנג מײַריכ זײַנ? איכ בינ געוועננ שטארקער פונ אײַזנ, אז איכ האָב יענע נאכט אויסגעהאלטנ אונ בינ נישט צעזעצט אונ צעשפּרונגענ געוואָרנ, ליגנדיק אונטער דער קאָלדרע, פאר געלעכטער... באָרוכ שעלוי אָסאני אישאָ — א ײדענע בלײַבט א ײדענע... סע פארשטײט זיכ, אז אפ מאָרגנ איז געוועננ בא אונדז דאָס קנאסמאָל, אונ טאקע באלד נאָכדעמ די כאסענע, אפ געמאָרע-לאָשנ: האָ גאוורע וועהאָ טראסקע, אונ דאָס פּאָרפאָלק, באָרעכ-האשעמ, לעבט זיכ גאנצ צופרידנ: ער איז זיכ א שנײַדער, גײט ארומ אינ בויבעריק פונ אײנ דאטשע אינ דער אנדערער אָנעמענ ארבעט,

און זי טאָג ווי נאכט אין דער יאָך, קאָכט און באקט און וואשט און שמירט און טראָגט וואסער, קוים-קוים דאָס שטיקל ברויט אין שטוב; איך זאָל איר ניט ברענגען אמאָל א ביסל מילכיקס, אמאָל עטלעכע גראָשנס, וואָלט געווען גאָר נישט גוט — און רעד מיט איר, זאָגט זי, אז ס'איז איר, קיין איינהאָרע, גוט ווי די וועלט, אבי, זאָגט זי, איר מאָטל זאָל איר זיין געזונט. — נו, גייט טיינעט מיט היינטיקע קינדער! עס קומט אויס, ווי איך האָב אייך געזאָגט פונעם אָנהייב: באָנים גידאלטי ווערוימאמטי — האָרעווע פון קינדערסוועגן, שלאָג זיך קאָפּ אין וואנט, וועהיים פּאָשו בי — זאָגן זיי, אז זיי פארשטייען בעסער. ניין, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, היינטיקע קינדער זיינען צו קלוג! נאָר מיר דאכט, אז איך האָב אייך היינט אָנגעדולט א קאָפּ מער ווי אלעמאָל. האָט מיר קיין פאריבל ניט, זייט מיר געזונט און האָט אייך א גוטן טאָמיד!

געשריבן אין יאָר 1899

# האָדל

— איר כידעשט זיך, פאני שאָלעם-אלייכעם, אפּ טעוויען, וואָס מע זעט אים נישט? ער האָט זיך, זאָגט איר, שטארק א רוק געטאָן, מיטאמאָל, זאָגט איר, גרוי געוואָרן? עך-עך-עך! ווען איר זאָלט וויסן, מיט וואָס פאר צאָרעס, מיט וואָס פאר ווייטעקן אָט דער טעוויע טראָגט זיך ארום! וויאזוי שטייט דאָרט בא אונדז געשריבן: אָדאָם יעסוידוי מייאָפאָר וועסויפוי לעאָפאָר — א מענטש איז שוואכער פון א פליג און שטארקער פון אייזן... טאקע נאָר א באשרייבונג מיט מיר! ווו ערגעץ א שלאק, א צאָרע, אן אָנשיקעניש — מיך אויסמיידן טאָר עס נישט. פונוואנען נעמט זיך עס, ווייסט איר ניט? עפשער דערפון, וואָס בעטעווע בין איך א פעסי יימין, וואָס גלייבט איטלעכן אפּ נעמאָנעס? טעוויע פארגעסט, וואָס אונדזערע כאכאָמים האָבן אונדז אָנגעזאָגט טויזנט מאָל: קאבדייהו וועכאשדייהו; בעלאָשן אשקענאז הייסט עס: „נע וויר סאָבאקי"... נאָר וואָס זאָל איך טאָן, פרעג איך אייך, אז ס'איז בא מיר פאָרט אזא טעווע? איך בין, ווי איר ווייסט, א גרויסער באל-ביטאָכן און האָב צו דעם וואָס לעבט אייביק קיינמאָל קיין טייִנעס נישט. וויאזוי ער פירט, אזוי איז גוט. וואָרעם פרווט זיך, אדעראבע, פארקערט, האָט יאָ טייִנעס, וועט זיך אייך עפּעס העלפן? אז וויבאלד מיר זאָגן אין די סליכעס: האנעשאָמאָ לאָך וועהאגופ שעלאָך — הייִנט וואָס ווייסט א מענטש און וואָס האָט ער פאר א ווערדע? שטענדיק טייִנע איך אָבער מיט איר, מיט מייִנער הייסט דאָס: „גאָלדע, זאָג איך, דו זינדיקסט! פאראן זאָג איך, בא אונדז א מעדרעש"... „וואָס מיר מעדרעש, זאָגט זי, מיר האָבן, זאָגט זי, א טאָכטער אפּ כאסענע צו מאכן, און נאָך דער טאָכטער, קיין אייִנהאָרע, גייען נאָך צוויי טעכטער; און נאָך

די צוויי — נאָך דרײַ, קיין בייז אויג זאָל ניט שאטנ!"..—עט, זאָג איכ, ס'איז בלאָטע, גאָלדע! אונדזערע כאכאָמימ, זאָג איכ, האָבנ דאָס אויכ באוואָרנט; ס'איז פאראנ, זאָג איכ, דערופ אויכ א מעדרעש..." לאָזט זי זיכ ניט רעדנ: "טעכטער, זאָגט זי, דערוואקסענע, זײַנענ אליינ א גוטער מעדרעש"... אונ גייט טײַנעט מיט א יידענע!

אקיצער, פונ דעמ זעט איר ארויס, אז ס'איז פאראנ, ס'איז דאָ, קיינ אײַנהאָרע, בא מיר סכוירע אפ אויסצוקלײַבנ, אונ דאפקע פײַנע סכוירע, ניט צו פארזינדיקנ, איינע שענער פונ דער אנדערער. ס'איז ניט שײַעכ, אז איכ אליינ זאָל לויבנ מײַנע קינדער, נאָר איכ הער, וואָס די וועלט זאָגט: "קראסאוויצעס!" אונ וועאל קולאָמ די עלטערע, האָדל רופט מענ זי, די אנדערע פ'נ צייטלענ, די, וואָס האָט זיכ פארקאָכט, אויב איר געדענקט, אינעמ כײַעט; איז זי שיינ, זאָג איכ אײַכ, די אנדערע טאָכטער מײַנע, האָדל מיינ איכ, וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ? טאקע ווי אינ דער הייליקער מעגילע שטייט געשריבנ: קי טויוואס מארע הי — שײַנט ווי א שטיק גאָלד! אונ צו די צאָרעס באדארפ זי נאָכ האָבנ א קאָפּ אויכ, שרײַבט אונ לייענט יידיש אונ רוסיש, אונ ביכלעכ — ביכלעכ שלינגט זי, ווי האלעשקעס. ווערט איר דאָכ פרעגנ א קאשע: וואָס פאר א מעכוטנ איז טעוויעס טאָכטער מיט ביכלעכ, אז דער טאטע אירער האנדלט גאָר מיט קעז אונ מיט פוטער? הערסטו, אָט דאָס פרעג איכ דאָכ בא זיי, בא די פײַנע באָכערימ הייסט עס, וואָס קיינ הויזנ, איכ בעט איבער אײַער קאָוועד, איז נישטאָ, אונ שטודירנ גלוסט זיכ זיי, ווי מיר זאָגנ אינ דער האגאָדע: קולאָנו כאכאָמימ — אלע ווילנ לערנענ, קולאָנו נעווונימ — אלע ווילנ שטודירנ. פרעגט זיי: וואָס שטודירנ? ווער שטודירנ? זאָלנ אזוי ציגנ וויסנ אינ פרעמדע גערטנער שפּרינגענ! אז בעסאכאקל לאָזט מענ זיי דאָכ גאָר ניט צו, ווי זאָגט ער: אל טישלאכ יאָדכאָ — אקאָטע פונ דער פוטער!.. זאָלט איר זענ פונדעסטוועגנ, ווי מע לערנט! אונ ווער? באלמעלאָכישע קינדער, פונ שנײַדערס, פונ שוסטערס, גאָט זאָל מיר אזוי העלפנ בעכאָל אשער עפנע! מע לאָזט זיכ אוועק קיינ יעהופּעצ, אָדער קיינ אָדעס, מע וואלגערט זיכ אויס אפ אלע בוידעמס, עסנ עסט מענ מאקעס מיט בכוירעס, אונ פארבײַסט מענ

מיט קאדאָכעס, גאנצע כאדאָשים דורכאנאנד קוקט מען נישט אָן קיין שטיקל פלייש אין די אויגן, מע לייגט זיך צונויף זעקס פארשווינדלעכ אפ איין בולקע מיט א הערינג און וועסאָמאכטאָ בעכאגעכאָ — הוליע קאפּצן!..

בעקיצער, האָט זיך איינער פון דער „כעוורע“ פארהאקט אין אונדזער ווינקל, עפּעס א שלימאזל, נישט ווײַט פונדאנען, איך האָב געקענט דעם טאטן זײַנעם, ער איז געווען א פאפּיראָסניק און א קאפּצן, לאָז ער מיר מוחל זײַן, אין זיבן פּאָלעס. מיילע, בין איך אײַך דערופ נישט אויסן, ווארעם אז דעם טאטנס רעב יויכאָנען האסאנדלער איז אָנגעשטאנען צו נייען שטיוול, מעג אים שוין, דאכט זיך, אָנשטיין צו האָבן א טאטן, וואָס דרייט פאפּיראָסן. פארדריסן פארדריסט מיך נאָר איין זאך: לעמײַ זאָל זיך א קאפּצן גלוסטן לערנען, שטודירן? פּראווד'א, דער גוטעריאָר האָט אים נישט גענומען, ער האָט א גוט קעפּל, גאָר א גוט קעפּל. פּערטשיק הייסט ער, דער שלימאזל, האָבן מיר איבערגעלייגט אפ ייִדיש: פּעפּערל. ער זעט טאקע אויס ווי א פּעפּערל. איר זאָלט אָנקוקן — א ווערוויקל, א קליינס, א שווארצס, א פארזעעניש, נאָר ס'איז פול, מאָלע וועגאָדוש, און א מויל — אייש-לעהאָווע, שוועבל און פּעך.

ווײַהי האיוים, טרעפט זיך א מײַסע, איך פאָר איינמאָל אהיים פון בויבעריק, אָפּגעזעצט דאָס ביסל סכוירע, א גאנצן טראנספּאָרט, קעז און פּוטער און סמעטענע און שאָר-יעראָקעס. זיץ איך פארטראכט, ווי דער שטייגער איז, אין הימל-זאכן, פון דעם, פון יענעם, פון די יעהופּעצער געגידים, וואָס עס גייט זיי, קיין אײַנהאָרע, אזוי גוט, און פון טעוויען דעם שלימאזל מיט זײַן פערדל, וואָס ווערן קאָל-יאָמאָוו פארשווארצט, אוקעדוימע נאָכ אזעלכע איניאָנים. זומער, די זון באקט, די פליגן בײַסן, און די וועלט ארום און ארום איז מעכײַע, גרויס, אָפן, כאָטש הייב זיך אופ און פלי, כאָטש ציִ זיך אויס און שווים!..

דערווײַל, איך טו א קוק — א באָכערל שפּאנט זיך מיט די ראגלאַיִם איבערן זאמד, האלט א פּעקל אונטערן אָרעם און שוויצט, פּאָכט מיט דער נעשאָמע. „יאאמויד האכאָסן רעב יאָקל בען פלעקל! — זאָג איך צו אים. — זעץ דיך אופ, הער נאָר, וועל איך דיך א ביסל אונטערפירן, איך פאָר בעמיילע ליידיק.

ווי שטייט דאָרטן, זאָג איך, בא אונדז געשריבן: „דײַן כאווערס אייזל אז דו באגעגנסט, איז אָ ז ו י ו ו ט א א ז ו י ו ו — דארפסט אים נישט פארלאָזן. הײַנט לוי-קאָל-שקיין א מענטש"... לאכט ער, דער שלימאזל, און לאָזט זיך דאפקע לאנג נישט בעטן און קריכט אין וועגעלע ארײַן. „פונוואנען, זאָג איך, שפאנט דאָס, לעמאָשל, א באָכערל?" „פון יעהופעצ". „וואָס האָט, זאָג איך, אזא באָכערל, ווי דו, צו טאָן אין יעהופעצ?" „אזא באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, גיט אָפּ אקזאמענט". „אפּ וואָס, זאָג איך, שטודירט אזא באָכערל, ווי דו?" „אזא באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, ווייסט נאָך אליין ניט, אפּ וואָס ער שטודירט". „אים-קיין, זאָג איך, וואָס זשע דולט זיך אזא באָכערל, ווי דו, אומזיסט דעם קאָפּ?" „זאָרגט זיך נישט, רעב טעוויע, אזא באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, ווייסט שוין, וואָס ער האָט צו טאָן." „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, וויבאלד, אז איך בין דיר שוין יאָ בא-קאנט, טאָ ווער ביסטו, לעמאָשל?" „ווער איך בין? איך בין, זאָגט ער, א מענטש." „איך זע, זאָג איך, אז נישט קיין פערד; איך מיין וו ע מ ע נ ס ביסטו?" „וועמענס, זאָגט ער, זאָל איך זײַן? איך בין גאָטס". „איך ווייס, זאָג איך, אז גאָטס; עס שטייט, זאָג איך, בא אונדז געשריבן: ק אָ ל ה א כ ײַ ע ו ו ע כ אָ ל ה א-ב ע ה י י מ ע. איך מיין, זאָג איך, פונוואנען שטאמססו, צי ביסטו א אונדזעריקער, צי עפשער פון דער ליטע?" „שטאמען, זאָגט ער, שטאם איך פון אָדאָם האָרישענען, און אליין בין איך, זאָגט ער, א היגער, איר קענט מיך". „ווער זשע, זאָג איך, איז דער טאטע דײַנער? לאָמיר שוין הערן!" מײַן טאטע, זאָגט ער, האָט געהייסן פערטשיק." „טפו זאָלסטו ווערן! האָסטו, זאָג איך, באדארפט אזוי לאנג מוטשען? ביסטו, הייסט דאָס, פערטשיק דעם פאפיראָסניקס א זונדל?" „בין איך, זאָגט ער, פערטשיק דעם פאפיראָסניקס א זונדל". „און שטודירסט, זאָג איך, אין די קלאסן?" „און שטודיר, זאָגט ער, אין די קלאסן", „נו־נו, מאכעטייסע, זאָג איך, אָדאָם א מענטש, ציפּויר א פויגל, קא-טשקע רוק זיך. זאָג זשע מיר, זאָג איך, טאכשיט מײַנער, פון וואָס, לעמאָשל, לעבסטו, אשטייגער?" „פון דעם, זאָגט ער, וואָס איך עס". „אהא, זאָג איך, גאנצ גוט; וואָס זשע, זאָג איך, עסטו?" „אלצדינג, זאָגט ער, וואָס מע גיט מיר." „איך פארשטיי, זאָג איך, ביסט נישט קיין איבערקלײַבער: אז ס'איז

דאָ וואָס צו עסן, עסטו, און אז ס'איז נישטאָ וואָס צו עסן, פאַרבײַסטו מיט א ליפּ און לייגסט זיך שלאָפן א ניכטערער. נאָר וואָס דען, זאָג איך, ס'איז אלצדינג קעדײַ, אבי שטודירן אין די קלאסן, זאָג איך; גלײַכסט זיך, זאָג איך, צו די יעהו־פעצער נעגידים, ווי אין פּאָסעק שטייט: קולאָם אהוווים, קולאָם ברורים״... אזוי זאָג איך צו אים מיט א פּאָסעק און מיט א מעדרעש, ווי טעוויע קאָן. מיינט איר דאָך, אז ער שווײַגט מיר אָפּ, פערטשיק הייסט עס? „ניט דערלעבן, זאָגט ער, וועלן די נעגידים, אז איך זאָל זיך צו זיי גלײַכן! איך האָב זיי, זאָגט ער, אין דער ערד!״ „ביסט מיר עפּעס שטארק, זאָג איך, אופגעטראָגן, זאָג איך, אף די נעגידים? איך האָב מוירע, זאָג איך, אויב זיי האָבן זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט דײַן טאטנס יערושע״. „זאָלט איר טאקע וויסן, זאָגט ער, אז איך און איר און מיר אלע, קאָן זײַן, האָבן א גרויסן כיילעק בא זיי אין דער יערושע״... „ווייסטו וואָס, זאָג איך, לאָזן שוין דײַנע סאָנים ריידן פאר דיר. איך זע ארויס, זאָג איך, נאָר איין זאך, אז דו ביסט א יינגל נישט קיין פאַרפאלענער און די צונג באדארף מען דיר נישט פּיקן; אויב דו ווילסט, זאָג איך, האָבן צײַט, קאָנסטו זיך ארײַנכאפּן צו מיר הײַנט אפדער־נאכט, וועלן מיר א ביסל שמועסן, און טאקע, בעדערעך הא־ליכע, כאפּן מיט אונדז א וועטשערע״...

אוואדע האָט זיך מײַנער נישט געלאָזט איבערכאזערן די ווערטער און איז געקומען צוגאסט, געטראָפן אקוראט צום סמי־טשיק, בעשאס דער באָרשט איז געשטאנען אפן טיש און די מילכיקע קנישעס אין אויוון האָבן זיך נאָך געפּרעגלט. „דו האָסט, זאָג איך צו אים, א לעבעדיקע שוויגער, קאָנסט זיך, זאָג איך, גיין וואשן, און אז ניט, קאָנסטו, זאָג איך, עסן אומגעוואשן, איך בין ניט גאָטס סטראַפּטשע, זאָג איך, מיך וועט מען אפ יענער וועלט פאר דיר ניט שמײַסן״. אזוי שמועס איך מיך אויס מיט אים, און פיל, אז עס ציט מיך עפּעס צו דעם דאָ־זיקן מענטשל, וואָס — ווייס איך אליין ניט, נאָר עס ציט; איך האָב ליב, פארשטייט איר, א מענטשן, וואָס מע קאָן מיט אים רעדן א וואָרט; אמאָל א פּאָסעק, אמאָל א מעדרעש, אמאָל א שטיקל כקירע אין הימל־זאכן, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע, אָט אזא מענטש איז טעוויע. פון יענער צײַט אָן

האָט מײַן באָכער אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו מיר קימאַט אַלע טאָג. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די „שטונדן", פּלעגט ער קומען צו מיר זיך אָפּרוען און אַ ביסל פאַרברענגען. מאָלט אײַך, אַז אָך און ווײ איז געווען צו אים מיט זײַנע שטונדן אינײַנעם, אַז בעסאַכאַקל, דאַרפט איר וויסן, באַ אונדז דער גרעסטער נאָגיד איז געווינט צו צאָלן גאַנצע כּײַ גילדוינים, אי דאָס, זאָל דער לערער אים העלפן לײענען דעפעשן, שרײַבן אַדרײכים און טאַקע פּאָלגן אַ גאַנג אויך, פאַרוואָס נישט? אַ בעפּײרעשער פּאָסעק: בעכאָל לעוואָווכאָ אובעכאָל נאַפּשעכאָ — עסטו ברויט, דאַרפסטו וויסן פאַרוואָס. אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס געגעסן האָט ער, אײגנטלעך, באַ מיר, און דערפאַר האָט ער אונטערגעקנעלט מיט מײַנע טעכטער, ווי זאָגט ער: אײַין טאַכאַס אײַין — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש. און אָט אַזוי איז ער געוואָרן באַ אונדז אין שטוב אַ גאַנצער בען-באַיס, די קינדער האָבן אים אונטערגעטראָגן אַ גלעזל מילך, און מײַן אַלטע האָט אַכטונג געגעבן, ער זאָל האָבן אַ העמד אויפן לײַב מיט אַ פּאָר זאָקן גאַנצע — און טאַקע דעמאָלט האָבן מיר דאָס אים געקרוינט מיטן נאָמען „פּעפּערל", איבערגעמאַכט, הייסט דאָס, אויף יידיש פון פערטשיק, און מע קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן אים אַלע ליב געקריגן עפּעס גאָר ווי אַן אײגענעם, מאַכמעס בעטעווע איז ער, דאַרפט איר וויסן, דאַפקע נישקאָשע פון אַ מענטשל, אַ פּאָשעטער, אַ פּראָסטער כּײַ-וועקײַעם הייסט דאָס, שעלי שעלאָך, שעלאָך שעלי, בײַנס דײַנס — העפקער ציבעלעס...

פאַר איין זאַך נאָר האָב איך אים פײַנט געהאַט: פאַר זײַן פאַרפאַלן ווערן. פּלוצעם פּלעגט ער זיך אויפהייבן, אוועק-גיין, און וועהאיעלעד אײנענו — נישטאָ פּעפּערל! „ווּ ביסטו געווען, מײַן טײַערער שפּיל-כּויגל?" שווײַגט ווי אַ פיש... איך וויים נישט, וויאַזוי איר — איך האָב פײַנט אַ מענטשן מיט סוידעס, איך האָב ליב, ווי זאָגט ער: וואיעדאַבער — גערעדט און וואיוימער — געזאָגט. דערפאַר האָט ער אָבער אַ מײַלע: צע-רעדט ער זיך שוין, איז מי באָייש אומי באַמאַימ — פאַר פײַער און פאַר וואַסער. אַ פּיסק — ניט געדאַכט זאָל ער ווערן! רעדט אַל אַדוינוי וועאַל מעשיכוי און אויף „נענאַטקאָ"... און דערי-קער טאַקע — אויף „נענאַטקאָ"... מיט פּלאַנען אַלץ אַזעלכע ווילדע, קרומע, מעשוגענע געגנ, עפּעס אַלצדינג לאַקירדע,

פּאָפּעריק, מיט די פּיס ארופ, לעמאָשל, א נאָגיד, קומט אויס, נאָכ זײַנ מעשוגענעמ, פארקערטנ סייכל, איז אָפּגעפּרעגט, אונ א קאפּצנ איז, פארקערט, א גאנצער צימעס, אונ ווער שמועסט א באלמעלאָכע — דער איז גאָר דאָס אייבערשטע פונעמ שטויסל, טײַערער פונ כארויסעס, מאכמעס יעגיִא קאפּעכאָ זאָגט ער, דאָס איז דער איקער. פונדעסטוועגנ, זאָג איכ, צו געלט, זאָג איכ, קומט דאָס נישט?" ווערט ער מאָלע-קאס אונ וויל מיר אײַנדרינגענ, אז געלט איז א שכיטע פאר דער וועלט; פונ געלט, זאָגט ער, נעמענ זיכ אלע פאלשקײַטנ אפ דער וועלט, אונ אלצדינג, זאָגט ער, וואָס עס טוט זיכ אפ דער וועלט, טוט זיכ עס נישט אלפּי-יוישער. אונ ער ברענגט מיר צענ טויזנט רײַעס אונ מעשאָלימ, וואָס קלעפּנ זיכ גא מיר, ווי אנ ארבעס צו דער וואנט... „קומט אויס, נאָכ דײַנ מעשוגענעמ סייכל, זאָג איכ, אז דאָס, וואָס מײַנ בעהיימע מעלקט זיכ, אונ דאָס, וואָס מײַנ פערדל פאָרט, איז אויכ נישט אלפּי-יוישער?"... אוקעדוימע נאָכ אזעלכע קלאָצ-קאשעס פרעג איכ אימ אונ שטעל אימ אָפּ, ווי זאָגט ער, אל קאָל דיוורי שירויס וועסיש-באָכויס — אפ יעדנ טריט, ווי טעוויע קאָנ! מײַנ פּעפּערל אָבער קאָנ אויכ, נאָכ א מינ קאָנענ! האלעווײַ וואָלט ער אזוי נישט קאָנענ, ווי ער קאָנ! אונ האָט ער עפּעס אפנ הארצנ, אזוי זאָגט ער דאָס ארויס! איינמאָל זיצנ מיר אזוי פארנאכט בא מיר אפ דער פּריזבע אונ כקירענ אלצ מיקויעכ די דאָזיקע איניאָנימ, פילאָזאָפיע הייסט עס. דופּט ער זיכ אָנ צו מיר, פּעפּערל הייסט עס: „איר ווייסט, רעב טעוויע? איר האָט טעכטער, רעב טעוויע, זייער געראָטענע". „טאקע בעעמעס? — זאָג איכ. — א דאנק דיר פאר דער בסורע; זיי האָבנ, זאָג איכ, אינ וועמענ געראָטנ צו זײַנ". „איינע, זאָגט ער צו מיר ווײַטער, די עלטערע, די איז גאָר, זאָגט ער, א באר-דאס, א פּאָלנע מענטש", „איכ ווייס עס אָנ דיר, זאָג איכ, דאָס עפּעלע, זאָג איכ, פאלט נישט ווײַט פונעמ ביימעלע". אזוי זאָג איכ צו אימ, אונ דאָס הארצ, געוויינטלעכ, וואקסט פאר טײַנעג, וואָרעמ וואָסער פּאָטער, איכ בעט אײַכ, האָט נישט ליב, אז מע לויבט אימ זײַנע קינדער? גיי זײַ א נאָווי, אז פונ אזא מינ לויבעניש וועט גאָר ארויסשפּרינגענ א פארקאָכעניש, זאָל גאָט שוימער אומאצל זײַנ! איר מעגט דאָס האָרכנ.

בעקיצער, ווײַהי ערעוו ווײַהי וואָקער — געווען איז דאָס צווישן טאָג און נאַכט, אין בויבעריק טאַקע, פֿאָר איך מיר אַזוי מיט מײַן וועגעלע איבער די דאַטשעס, שטעלט מיך עמעצער אָפּ. איך טו אַ קוק — ס'איז עפֿראַיִם דער שאַדכן. עפֿראַיִם דער שאַדכן, דאַרפֿט איר וויסן, איז זיך אַ ייִד אַ שאַדכן, ווי אַלע שאַדכאָנים, פֿאַרנעמט זיך, הייסט דאָס, מיט שידוכים. דערזעט ער מיך, עפֿראַיִם הייסט עס, אין בויבעריק און שטעלט מיך אָפּ: „זײַט זשע מויכל, רעב טעוויע, איך דאַרף אײַך עפּעס", זאָגט ער, זאָגג". „מאַכעטייסע, אַבי אַ גוטס", זאָג איך און שטעל אָפּ דאָס פֿערדל. „איר האָט, זאָגט ער, רעב טעוויע, אַ טאָכטער!" „איך האָב, זאָג איך, זיבן, זאָלן געזונט זײַן". „איך ווייס, זאָגט ער, אַז איר האָט זיבן, איך האָב אויך זיבן". „האָבן מיר, זאָג איך, איינינעם אַזוי גרויס ווי פֿערצן". „בעקי-צער, ווערטלעך אָפּ אַ זײַט, זאָגט ער; די מײַסע, רעב טעוויע, דערפֿון, זאָגט ער, איז אַזוי: איך בין דאָך, ווי אײַך איז יע-דוע, אַ ייִד אַ שאַדכן, האָב איך, זאָגט ער, פֿאַר אײַך אַ כאָסן. נאָר אַ כאָסן — פֿון כאָסנלאַנד אַ כאָסן, טאַקע פֿערווע שעבעפֿערווע!" „דעהײַנע, זאָג איך, וואָס ווערט אָנגערופֿן בײַ אײַך אַ כאָסן פֿון כאָסנלאַנד, פֿערווע שעבעפֿערווע? אויב, זאָג איך, אַ כײַעט, אָדער אַ סאַנדלער, אָדער אַ מעלאַמעד, מעג ער, זאָג איך, זיצן דאָרט, און איך, זאָג איך, ר ע ו ו א כ ו ע ה א-צ אָ ל אָ י א א מ ו י ד — מײַן גלײַכן וועל איך מיר געפֿינען, מ י-מ אָ ק ו י מ א כ י״ ר, ווי דער מעדרעש, זאָג איך, זאָגט"... „ע, זאָגט ער, רעב טעוויע, איר הייבט שוין אָן מיט אײַערע מעדראָשים? מיט אײַך, זאָגט ער, רעדן, באַדאַרף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען! איר פֿאַרשיט, זאָגט ער, די וועלט מיט מעדראָשים. איר הערט בעסער אויס, זאָגט ער, וואָס פֿאַר אַ מין שידעך עפֿראַיִם דער שאַדכן איז אַ באַלן אײַך פֿאָרצולייגן; איר זאָלט, זאָגט ער, נאָר האָרכן און שווײַגן". אַזוי מאַכט ער צו מיר, עפֿראַיִם הייסט דאָס, און נעמט און לייענט מיר אויס אַ צעטל — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? טאַקע עפּעס קאַפּריסן. רייִשים, איז דאָס אָרט זייער אַ שיינס אָרט, אַ טאַטנס אַ קינד, זאָגט ער, ניט קיין „כאַץ-דאַרגע". און דאָס, דאַרפֿט איר וויסן, איז בײַ מיר דער איקער. וואָרעם איך בין אַליין אויך ניט אַבי ווער; בײַ מיר אין דער מישפּאָכע זײַנען פֿאַראַן אַלערליי, ווי זאָגט ער:

אקודים, נעקודים אוּוורודים — פאראַן פּראָסטע מענטשן, פאראַן באַלמעלאָכעס און פאראַן באַלעבאַטים. היינט איז ער א יעדייע-נאַגן, וואָס פארשטייט אין די קליינע אויסיִעס. און דאָס איז בא מיר אוואַדע נישט פון די קליינע זאַכן, וואָרעם א גראָבן יונג האָב איך דאָך פיינט, ווי כאַזער! בא מיר אַן אמהאָרעץ איז ערגער טויזנט מאָל פון א הולטיי; איר מעגט אייך גיין אָן א היטל, און אפילע מיטן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף, אַבי איר ווייסט, וואָס ראַשע מאַכט, זייט איר שוין פון מיינע לייט. אָט אַזאַ ייִד איז טעוויע... היינט איז ער, זאָגט ער, רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, פאָרט ארויס, זאָגט ער, מיט א קאַרעטע, מיט א פּאָר ברענענדיקע סוסים, עס גייט אַזש א רויך!.. נו, מאַכעטייסע, טראַכט איך מיר, דאָס איז אויך נישט פון די גרויסע כעסרוינעס. אייד'ער א קאַפּצן, איז שוין גלייכער א נאָגיד, ווי זאָגט ער: יאָע אַניִוסאָ לעייִסראָעל — גאָט אַליין האָט אויך פיינט א קאַפּצן. א סימען האָט איר, אַז גאָט זאָל ליב האָבן א קאַפּצן, וואָלט א קאַפּצן קיין קאַפּצן נישט געווען. „נו, לאָמיר הערן ווייטער“, זאָג איך. „ווייטער, זאָגט ער, וויל ער מיט אייך א שידעך טאָן, ער גייט אויס, ער כאַלעשט, זאָגט ער, דאָס הייסט נישט נאָך אייך — נאָך אייער טאָכטער כאַלעשט ער, ער וויל א שיינע וויל ער“...

„אַזוי? — זאָג איך. — לאָז ער זיין פאַר איר די קאַפּאָרע. ווער, זאָג איך, איז ער, דער אַנטיק אייערער: א באָכער? אַן אַלמען? א גאָרושׂ? א שוואַרצ־יאָר?“ „ער איז א באָכער, זאָגט ער, א באָכער אפילע אין די יאָרן שוין, נאָר א באָכער“. „וויִאַזוי זשע, זאָג איך, איז דער הייליקער נאָמען זיינער?“ וויל ער מיר נישט זאָגן, כאָטש בראָט אים. „ברענגט זי, זאָגט ער, צו פירן קיין בויבעריק, וועל איך אייך נאָכדעם, זאָגט ער, זאָגן“. „וואָס הייסט, זאָג איך, איך זאָל זי ברענגען צו פירן? ברענגען, זאָג איך, ברענגט מען צו פירן א פערד, זאָג איך, אַפן יאַריד, אָדער א בעהיימע צו פאַרקויפן“...

בעקיצער, די שאַדכאָנים, ווייסט איר דאָך, קאָנען איבעריידן א וואַנט. ס'איז געבליבן, אַז אימירצעשעם נאָך שאַבעס ברענג איך זי צו פירן קיין בויבעריק. און אַלעריליי גוטע, זיסע מאַכשאָ־ וועס קומען מיר אַפ די געדאַנקען, און איך שטעל מיר שוין פּאָר מיין האָדלען, ווי זי פאָרט אין א קאַרעטע מיט א פּאָר ברענגען־

דיקע כוסים, און די וועלט איז מיר מעקאנע, ניט אזוי אפ דער קארעטע מיט די סוסים, ווי אפ די טויוועס, וואָס איך טו דער וועלט דורך מײַנ טאָכטער די נעגידעס, העלפ אויס די געפּא־לענע מיט א גמילעס־כעסעד, וועמענ א כאָפּ־הייער, וועמענ א פּופּציקער און וועמענ א הונדערטער, ווי זאָגט איר, יענער האָט אויך א נעשאָמע... אזוי טראכט איך מיר, פאָרנדיק פארנאכטלעך, צוריקוועגס אהיים, און שמײַס דאָס פערדל און שמועס מיך דורך מיט דעמ אפ פערדיש לאָשנ: לעסוסאָסי, זאָג איך צו דעמ, וויאָ! אנו, מאכ נאָר, זאָג איך, מיט די ראגלאַימ א ביסעלע גיכער, באקומסטו דײַנ פּאָרציע האָבער, וואָרעמ איינ קעמאכ איינ טוירע — שטייט בא אונדז געשריבנ — אז מע שמירט ניט, פאָרט מענ ניט"...

און ווי איך רעד מיר דאָ אזוי מיט מײַנ פערדל, זע איך, פונ וואלד ארויס שנײַדט זיך א פּאָרל, צוויי מענטשנ, ניקער, א זאָכער מיט א נעקייווע. גיינ גייענ זיי נאָענט, הארט איינער צום אנדערנ, און מע רעדט עפּעס זייער געשמאק. ווער קאָנ דאָס זײַנ פּלוצעמ אינמיטנ־דערינענ? — קלער איך מיר און קוק מיך אײַנ דורכ די פײַעריקע ריטער פונ דער זונ. — איך וואָלט געמעגט שווערנ, אז ס'איז פעפערל! מיט וועמענ זשע גייט ער דאָס, דער שלימאזל, אזוי שפּעט? איך פארשטעל מיך מיט דער האנט פונ דער זונ, און קוק מיך אײַנ נאָכ שטארקער: ווער איז די נעקייווע? אוי! דאכט זיך, האָדל? יאָ, ס'איז זי, ווי איך בינ א ייִד. ס'איז זי!.. אזוי? אָט דאָס האָט מענ אזוי געשמאק געלערנט גראמאטיקעס, געלייענט ביכלעך?! אוי, טעוויע, ביסטו א בעהיימע! — אזוי טראכט איך מיר, און שטעל אָפּ דאָס פערדל, און רופ זיך אָנ צו מײַנע לײַט: „א גוטנ אָוונט אײַך, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּעס מיקויעכ מילכאָמע? ווי קומט איר, זאָג איך, פּלוצעמ גאָר אהער? אפ וועמענ קוקט איר דאָ ארויס? אפנ נעכטיקנ טאָג?"... דערהערט אזא מינ באָרעכ־האבע, איז מײַנ פּאָרל געבליבנ שטיינ, ווי זאָגט ער, לוי באשאָמאַימ וועלוי באָאָרעצ, דאָס הייכט: נישט אהינ, נישט אהער, מעכילע צעדרייט און רויטלעך אפנ פּאָנעמ... געשטאנענ אזוי א פּאָר מינוט אָנ ווערטער, לאָזט מענ אראָפּ די אויגנ, נאָכדעמ הייבט מענ אָנ קוקנ אפ מיר, איך אפ זיי, זיי ביידע איינס אפ דאָס אנדערע.

„נו? — זאָג איך. — עפּעס באַטראַכט איר מיך, זאָג איך, גלײַך אַזוי ווי איר האָט מיך שוין לאַנג נישט געזען. איך בין, דאַכט מיר, דער אייגענער טעוויע, זאָג איך, וואָס געווען, נישט געמינערט אַ האָר". אַזוי מאַך איך צו זיי האַלב פֿאַרדראָסיק און האַלב אַף קאַטאָוועס. רופֿט זיך אָן צו מיר די טאָכטער מײַנע, האָדל הייסט דאָס, און ווערט נאָך רויטער ווי פֿרײַער: „טאַטע, אונדז קומט מאַזלטאָוו"... „מאַזלטאָוו אײַך, זאָג איך, מיט מאַזל זאָלט איר לעבן. וואָס איז די מעשׂה? איר האָט געפֿונען, זאָג איך, אַן אוצער אין וואַלד? צי איר זײַט נאָרוואָס ניצל געוואָרן, זאָג איך, פֿון אַ גרויסער סאַקאָנע?" „אונדז קומט, זאָגט ער, מאַזלטאָוו, מיר זײַנען כאָסן-קאַלע". „וואָס הייסט, זאָג איך, איר זײַט כאָסן-קאַלע?" „כאָסן-קאַלע, זאָגט ער, ווייסט איר נישט וואָס הייסט? כאָסן-קאַלע הייסט, זאָגט ער, איך בין איר כאָסן, זי איז מײַן קאַלע". אַזוי מאַכט ער צו מיר, פֿעפֿערל הייסט דאָס, און קוקט מיר דאַפֿקע גלײַך אין די אויגן אַרײַן. איך קוק אים אָבער אויך גלײַך אין די אויגן אַרײַן און מאַך צו אים: „ווען איז געווען בײַ אײַך, זאָג איך, דאָס קנאַסמאָל? און פֿאַרוואָס האָט איר נישט גערופֿן מיך אויך אַף דער סימכע? איך קער מיך, דאַכט זיך, אָן דאָ אַ שטיקל מעכוטן צי ניין?"... איר פֿאַרשטייט, איך לאַך, און ווערעם עסן מיך, טאָטשען מײַן לײַב, נאָר גאָרנישט, טעוויע איז נישט קיין יִדענע, טעוויע האָט ליב אויסהאָרכן ביזן סאָף... דרוף איך מיך אָן צו זיי: „איך פֿאַרשטיי ניט — אַ שידעך אָן אַ שאַדכן, אָן טנאָיִם?" „וואָס דאַרפֿן מיר, מאַכט ער, פֿעפֿערל הייסט דאָס, שאַדכאָנים? מיר זײַנען שוין לאַנג, זאָגט ער, כאָסן-קאַלע". „אַזוי? גאָטס ניסים! וואָס זשע האָט איר, זאָג איך, געשוויגן ביז אַהער?" „וואָס זאָלן מיר, זאָגט ער, שרײַען? מיר וואָלטן אײַך הײַנט אויך נישט דערציילט, נאָר אַזויווי מיר האַלטן אינגיכן בײַ צעשיידן זיך, איז בעסער אונדז געבליבן, מיר זאָלן שטעלן פֿרײַערט אַ כופּע"... דאָס האָט מיך שוין פֿאַרדראָסן, ווי זאָגט איר: באָו מאַיִם אַד נאָפֿעש — דערלאַנגט אין ביינער אַרײַן! מיילע, וואָס ער זאָגט: כאָסן-קאַלע — איז נאָך צו דערלײַדן, ווי שטייט דאָרטן געשריבן: אָהאַוואָטי — ער וויל זי, זי וויל אים. אָבער כופּע? וואָס איז דאָס פֿאַר ווערטער: שטעלן אַ כופּע? עפּעס טאַרגום-לאָשן!... ווײַזן ווײַזט אויס, אַז מײַן כאָסן האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין פֿון דער מעשׂה אַ ביסל מעטושטעש;



...א פאָר שאָ נאָכ דער שיינער כופּע שפּאַנ איכ אײַנ דאָס פערד־אונ־וועגעלע,
אונ מיר זעצנ זיכ אופ זאלבעדריט... אונ האָלאָכ מ ו י ש ע־מ אָ ר ד כ ע
מאַרש צומ באנ קיינ בויבעריק.

צו זײט 82.



···איכ קומ צו פאָרנ איינמאָל אהיימ··· באגעגנ איכ דעמ שרייבער כוועדקע
שטייט אונ דרויסנ מיט מיינ כאווע···

צו זייט 93·

רופּט ער זיכ אָנ צו מיר: „פאַרשטייט איר, רעב טעוויע, די מײַסע דערפּונ איז אזוי: איכ האלט בא אָפּפּאָרנ פּונדאנענ". „וועג פּאָרסטו?" „אינג־כנ". „ווהינ, אשטייגער?" „דאָס קאָנ איכ אײַכ, מאכט ער, נישט זאָגנ, ס'איז, זאָגט ער, א סאָד"... איר הערט? ס'איז א סאָד! ווי געפעלט דאָס אײַכ, אשטייגער? קומט צו גיינ א פּעפּערל, א קליינס, א שוואַרצס, א פּאַרזעעניש, פאַרשטעלט זיכ פאַר א כאָסנ, וויל שטעלנ א כופּע, האלט בא אוועקפּאָרנ אונ זאָגט ניט ווהינ! קאָנ ניט צעזעצט ווערנ די גאַל? „מיילע, זאָג איכ צו אים, א סאָד איז א סאָד; בא דיר איז גאָלע סוידעס... גיב מיר אָבער צו פאַרשטיינ, ברודערל, אָט דאָס: דו ביסט דאָכ א מענטש, זאָג איכ, פּונ סאמע יוישער אונ ביסט אײַנגעטונקענ אינ מענטשלעכקײַט פּונ אויבנ ביז אראָפּ, — ווי קומט דאָס, זאָג איכ, צו דיר, אז דו זאָלסט פּלוצעמ אינמיטנ-דערינענ צונעמענ בא טעוויענ א טאָכטער אונ מאכנ זי פאַר אנ אגונע? אָט דאָס הייסט בא דיר יוישער? מענטשלעכקײַט? א שטיקל גליק, זאָג איכ, וואָס דו האָסט מיכ נישט באגאנוועט, אָדער אונטערגעצונדנ"... „טאטע! — זאָגט זי צו מיר, האָדל הייסט דאָס, — דו ווייסט גאָר ניט, ווי גליקלעכ מיר זײַנענ, איכ אונ ער, וואָס מיר האָבנ דיר אויסגעזאָגט פּונעמ סאָד. ס'איז בא אונדז, זאָגט זי, אראָפּ א שטיינ פּונעמ הארצנ. קומ אהער, לאָמיר זיכ צעקושנ". אונ נישט לאנג געטראכט, כאפּנ זיי מיכ ארומ ביידע, זי פּונ איינ זײַט, ער פּונ דער אנדערער זײַט, אונ מע הייבט מיכ אָנ קושנ אונ האלדזנ, זי מיכ אונ איכ זיי, אונ פּונ גרויס אימפּעט, אפּאָנעמ, זיי ביידע צווישנ זיכ דאוויַ קושנ זיכ! א באשרײַבונג, זאָג איכ אײַכ, א טעיאטער מיט זיי! „טאָמער וואָלט שוינ געווענ, זאָג איכ, גענוג קושנ זיכ? צײַט עפּעס רעדנ מיקויעכ טאכלעס". „מיקויעכ וואָסער טאכלעס?" זאָגנ זיי. „מיקויעכ נאדנ, זאָג איכ, מאלבושימ, הויצאָעס האכאָסענע, דאָס, יענצ, לאָקש, בוידעמ, ציבעלע"... „מיר דארפּנ נישט, זאָגנ זיי, גאָרנישט ניט, נישט קיינ לאָקשנ, נישט קיינ בוידעמ, נישט קיינ ציבעלעס". „וואָס זשע דענ, זאָג איכ, דארפט איר יאָ?" „מיר דארפנ, זאָגנ זיי, נאָר כופּע אוקדושנ"... איר הערט ווערטער?..

בעקיצער, איכ וועל אײַכ ניט מײַריכ זײַנ, עס האָט מיר געהאָלפּנ, ווי דער פאראיאָריקער שניי — מע האָט געשטעלט א

כופּע. אַלץ הייסט א כופּע! אוואַדע, וואָס וואָלט איר קלערן, נישט אזא כופּע ווי טעוויען שטייט אָן. אויך מיר א כופּע!.. א שטילע כאַסענע... אָך און וויי!.. און דערצו איז נאָך פאַראַן א ווײַב, ווי זאָגט איר: אַפּ א מאַקע א בלאָטער. מוטשעט זי, איך זאָל איר נאָר זאָגן, וואָס איז דאָס עפּעס אַזוי כאַפּ-לאַפּ, בעכיפּאָזנדיק? נו, גייט גיט צו פאַרשטיין א ייִדענע, אַז סע ברענט! וואָס טויג אײַך, איך האָב איר געמוזט אָפּטאָקן פון דערעכ-שאָלעם ווענגן א ליגן האַגאָדל האַגיבער ווענהאַנוראָ, א מײַסע מיט א יערושע, א רײַכע מומע פון יעהופּעץ, נעכטיקע טעג — אבי זי זאָל מיך לאָזן צורו. און טאַקע בעויסוי האַיוים, דאָס הייסט א פּאָר שאָ נאָך דער שיינער כופּע, שפּאַן איך אײַן דאָס פערד-און-וועגעלע, און מיר זעצן זיך אויף זאַלבעדריט, דאָס הייסט: איך און זי און ער, דער געניידעם מײַנער, און האָלאַכ מוישע-מאָרדכע מאַרש צום באַן קיין בויבעריק. זיצנדיק אַזוי מיט מײַן פּאָרפאָלק אין וועגעלע, כאַפּ איך מיר א קוק מין האַצאַד אַפּן דאָזיקן פּאָרל און טראַכט מיר: וואָס פאַר א גרויסן גאָט מיר האָבן און ווי מאָדנע שייַן ער פירט זײַן וועלטל! און וואָס פאַר א מיניי מעשונע נעפאַשעס, ווילדע ברויִם עס געפינען זיך בא אים! אָט האָט איר אײַך א פּאָרפאָלק נאָרוואָס פון דער נאָדל אַרויס: פאָרט ער אוועק, דער גוטער-יאָר ווייסט אים וווּהין, און זי בלײַבט איבער דאָ — און מע זאָל דאָס לאָזן אַפילע א טרער, כאָטש פון יויצע וועגן! נאָר גאָרנישט, טעוויע איז נישט קיין ייִדענע, טעוויע האָט צײַט, קוקט און שווײַגט, וואָס וועט דאָ זײַן... זע איך עפּעס א פּאָר יונגעלײַטלעך, גוטע קאַסריליקעס, מיט אויסגעטראָטענע שטיוול, זײַנען אַרויסגעקומען אַפּן באַן זיך געזעגענען מיט מײַן שפּיל-פויגל. איינער פון זיי איז געגאַנגען עפּעס ווי א שייגעץ, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, מיטן העמדל איבער די הויזן, און האָט עפּעס גע-שושקעט זיך מיט מײַנעם שטילערהייט. „זע נאָר, טעוויע, טראַכט איך מיר, צי האָסטו זיך ניט אַרײַנגעכאַפּט דאָ צווישן כעוורע פערד-גאַנאָווים, בײַטל-שנײַדערס, שלעסער-ברעכער אָדער פאַלשע מאָנעטשיקעס?"...

פאָרנדיק צוריק מיט מײַן האָדלענע פון בויבעריק אהיים, קאָן איך מיך נישט אײַנהאַלטן און זאָג איר אַרויס דעם דאָזיקן גע-דאַנק גאַנץ אָפּנטלעך. צעלאַכט זי זיך און וויל מיך אײַנרעדן, אַז ס'איז לויטער פײַנע מענטשלעך, ערלעכע, לעצט-ערלעכע

לײַט, װאָס זײער גאַנצ לעבנ איז נאָר פונ יענעמס װעגנ, זיכ האָבנ זײ נישט איב זינענ אפילע אינ דער לינקער פיאטע... „אָט־אָ יענער, זאָגט זי, װאָס מיטנ העמדל, דער איז גאָר א טאַטנס א קינד; ער האָט, זאָגט זי, אװעקגעװאָרפנ רײַכע טאַטע־מאַמע אינ יעהופעצ, װײל נישט נעמענ בא זײ קײנ צעבראָכענעם גראָשנ". „אזױ? גאָטס װוּנדער! — זאָג איכ. — טאַקע זײער א פײַנ באָכערל, כ׳לעבנ! צום העמדל, װאָס ער גײט איבער די הױזנ, מיט די לאַנגע האָר, װענ גאָט העלפט אים נאָכ א האַרמאָניע, אָדער א הונט זאָל אים נאָכלױפנ פונ הינטנ, דעמלט האָט דאָס שױנ גאָר דעם זיבעטנ כײנ!"... אָט אזױ רעכנ איכ זיכ אָפּ מיט איר שױנ פאַר אים אױכ אונ לאָז אױס מײַנ גאַנצ ביטער הארצ, הײסט דאָס, צו איר נעבעכ... אונ זי? גאָרנישט! אײנ עסטער מאַ־געדעס — מאַכט זיכ טאַמעװאַטע. איכ איר: „פעפערל", אונ זי מיר: טױװאס־האַקלאַל, ארבעטער, נעכטיקע טעג"... „װאָס טױג מיר, זאָג איכ, אײַער טױװאס־האַקלאַל מיט אײַער ארבעטנ, אז עס גײט צו בא אײַכ בעסאָד? פאַראנ, זאָג איכ, א שפּריכ־װאָרט: װוּ א סאָד, דאָרט איז א גנײװע... אמער זאָג מיר גלײַכ, װאָס איז ער געפאָרנ, פעפערל, אונ װוּהינ?"... „אלצדינג יאָ, זאָגט זי, נאָר דאָס נישט. פרעג זיכ, זאָגט זי, בעסער נישט נאָכ; גלײב מיר, זאָגט זי, װעסט מיט דער צײַט אלײנ אלצדינג װיסנ. װעסט, אימירצעשעם, הערנ, אונ עפּשער אינ־גיכנ, פיל נײַעס, פיל גוטס!"... „אָמײנ, האַלעװײַ, זאָג איכ, פונ דײַנ מױל איב גאָטס אױערנ. נאָר אונדזערע סאָנים, זאָג איכ, זאָלנ אזױ װיסנ פונ זײער געזונט, װי איכ הײב אָנ צו פאַרשטײנ, װאָס דאָ טוט זיכ בא אײַכ אונ װאָס באַדײַט די שפּילן!"... „אָט דאָס איז טאַקע, זאָגט זי, דער אומגליק, װאָס דו װעסט דאָס ניט פאַרשטײנ". „װאָס זשע, ס׳איז אזױ טיפ? מיר דאַכט, זאָג איכ, אז איכ פאַרשטײ, מיט גאָטס הילפ, גרעסערע זאַכנ"... „דאָס לאָזט זיכ ניט, זאָגט זי, פאַר־שטײנ מיטנ סײכל אלײנ, דאָס דאַרפ מענ, זאָגט זי, פילנ, פילנ מיטנ הארצנ"... אזױ זאָגט זי צו מיר, האָדל הײסט דאָס, אונ דאָס פּאָנעם בא איר בעשאַס־מײַסע פלאַמט, אונ די אױגנ ברענענ. ניט געדאַכט זאָלנ זײ װערנ, די טעכטער מײַנע! פאַרקאָכנ זײ זיכ אינ עפּעס, איז מיטנ הארצנ, אונ מיט לײַב־אונ־לעבנ, אונ מיטנ גופ, אונ מיט דער נעשאָמע!

בעקיצער וועל איך אײַך דערציילן, עס גייט אוועק א וואָך און צוויי און דרײַ און פיר און פינף און זעקס און זיבן — א ײ נ קאָל וו ע ײ נ ק ע ס ע פ — נישטאָ ניט קיין בריוו, ניט קיין ידיעה. „פארפאלן, זאָג איך, פעפערל!" — און כאפ א קוק אף מײַן האָדלען. נעבעך קיין טראָפּן בלוט נישטאָ אין פּאָנעם, זוכט אוף אלעמאָל אן אנדער שטיקל ארבעט אין שטוב, וויל, ווײַזט אויס, פארגעסן דורך דעם די גרויסע צאָרעס אירע, נאָר, איר זאָלט זאָגן, זי זאָל דאָס אים אפילע דערמאָנען! שא, שטיל, גלײַך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין פעפערל אף דער וועלט! נאָר איינמאָל טרעפט זיך א מײַסע, איך קום צו פאָרן אהיים, איך זע — מײַן האָדל איז פארוויינט, גייט ארום מיט אָנגעשוואָלענע אויגן. הייב איך מיך אָן צו דערפרעגן, ווער איך געוואָר, אז דאָ איז נישט לאנג געווען עפּעס איינער א שלימאזל מיט לאנגע האָר און געסוידעט זיך עפּעס מיט איר, מיט האָדלען הייסט עס. „אהא! — טראכט איך מיר. — דאָס איז יענער כעוורעמאן, וואָס האָט אוועקגעוואָרפן רײַכע טאטע-מאמע און האָט ארומגעלאָזט דאָס העמדל איבער די הויזן"... און נישט לאנג געטראכט, רוף איך ארויס מײַן האָדלען פון שטוב אין הויף ארויס און טו זי א כאפּ גלײַך אף דער ווענטקע: „זאָג מיר נאָר, טאָכטער, האָסט שוין פון אים א גרוס?" „יאָ". „ווו איז ער ערגעץ, דײַן באשערטער?" „ער איז, זאָגט זי, ווײַט". „וואָס טוט ער?" „ער זיצט!" „ער זיצט?" „ער זיצט"... „ווו זיצט ער? פארוואָס זיצט ער?" — שווײַגט זי, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן ארײַן און שווײַגט. „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, טאָכטער מײַנע, ווערליך איך פארשטיי, זיצט ער נישט פאר קיין גנייווע; פארשטיי איך ניט דעם סייכל, אז וויבאלד קיין גאנעוו ניט און קיין שווינדלער ניט, הײַנט פארוואָס זשע זיצט ער, פאר וואָסערע מײַסים-טויווים?".. שווײַגט זי — איין עסטער מאגעדעס... האָב איך מיך מעיאשעוו געווען: זאָגסט ניט, דארפ מען ניט; ער איז דאָך דײַן שלימאזל, ניט מײַנער. א שיינע ריינע קאפּאָרע! נאָר אינווייניק אין הארצן טראָג איך א ווייטעק, איך בין פאָרט א פאָטער, ווי מיר זאָגן אינעם דאווענען: ק ע ר א כ י י מ אָ וו א ל ב אָ נ י מ — א פאָטער בלײַבט א פאָטער.

בעקיצער, געווען איז דאָס הוישאנע-ראבע אף דער נאכט. יאָמטעוו איז בא מיר א מינהעג, איך רו מיך אָפּ, און אויך

דאָס פערדל רוט זיך בא מיר אויס, ווי אין דער טוירע שטייט געשריבן: א ט אָ — ד ו, ו ע ש ו י ר כ אָ — און דײַן ווײַב, ו ו א כ א- מ ו י ר כ אָ — און דײַן פערדל... און אגעוו איז שוין אין בויבעריק קימאט נישטאָ וואָס צו טאָן: טוט מען א בלאָז מיטן שויפער, אזוי צעלויפן זיך אלע דאטשניקעס, ווי די מײַז אין א הונגער, און בויבעריק ווערט א פוסטקע. דעמלט האָב איך ליב צו זיצן אין דער היים, בא זיך אפן דער פריזבע. פאר מיר איז עס דאָס בעסטע שטיקל צײַט. די טעג זײַנען געשענקטע. די זון באקט שוין ניט, ווי א קאלכ-אויוון, נאָר זי גלעט מיט א מין ווייכ- קײַט, מעכײַע-נעפאָשעס. דער וואלד איז אלץ נאָך גרין, די סאָסנעס הערן ניט אוף צו שמעקן מיט סמאָלע, און עס דאכט זיך מיר, אז דער וואלד קוקט יאָמטעווודיק, ווי גאָטס א סוקע, א סוקע פון גאָט. אָט דאָ, טראכט איך מיר, האלט גאָט סוקעס; דאָ, ניט אין שטאָט, ווו סע טארעראמט, און מענטשן לויפן הין און הער, פינען מיט דער נעשאָמע, יאָגן זיך נאָכן שטיקל ברויט, און מע הערט נאָר געלט און געלט און געלט!.. און ווער שמועסט אפ דער נאכט, הוישאנע-ראבע, לעמאָשל, — איז דאָך גאָר א גאניידן: דעמלט איז דער הימל בלוי, די שטערן פינקלען, שעמערירן, בײַטן זיך, פינטלען ווי, לעהאווּדל, א מענטש מיט די אויגן; און אמאָל, מאכט זיך, פליט דורך א שטערן פײַל אויסן בויגן, לאָזט איבער נאָך זיך אפ א רעגעלע א גרינעם פאס — דאָס האָט זיך אראָפגעלאָזט א שטערנדל, געפאלן עמעצנס מאזל. וואָרעם וויפל שטערן, אזויפיל מאזאָלעס... ייִדישע מאזאָלעס... „עס זאָל כאָטש ניט זײַן מײַן פינצטער מאזל", — טראכט איך מיר, און עס קומט מיר אפן געדאנק האָדל. שוין פון עטלעכע טעג, אז זי איז עפעס ווי אופגעמונטערט, לעבע- דיקער געוואָרן, גאָר אן אנדער פאָנעם באקומען. עמעצער האָט איר געבראכט א בריוול, אפאָנעם, פון אים טאקע, פון איר שלימאזל. ווילן ווילט זיך מיר זייער וויסן, וואָס ער שרײַבט איר, נאָר פרעגן וויל איך נישט; זי שווײַגט, שווײַג איך אויך, פאסעך שין שא! טעוויע איז נישט קיין ייִדענע; טעוויע האָט צײַט.

דערווײַל, אזויווי איך טראכט פון האָדלען, קומט זי אָן, האָדל הייסט עס, זעצט זיך צו נעבן מיר אפ דער פריזבע, קוקט זיך ארום אפ אלע זײַטן און רופט זיך אָן צו מיר

שטילערהייט: „הערסטו, טאטע? איך דארף דיר עפּעס זאָגן: הײַנט געזעגנען מיר זיך אָפּ מיט דיר... אָפּ שטענדיק"...

אזוי זאָגט זי צו מיר שטיל, קוים וואָס מע הערט, און קוקט אויף מיר מיט א מאָדנעם מין קוק, מיט אזא קוק, וואָס איך וועל אים אייביק נישט פארגעסן. און בעשאס-מײַסע פליט מיר דורך א מאכשאָווע אין קאָפּ: „זי וויל זיך טרינקען"... וואָס איז מיר אײַנגעפאלן טרינקען? ווײַל עס האָט זיך געטראָפן, ניט דאָ געדאכט, א מײַסע: א מיידל נישט ווײַט פון אונדז האָט זיך פארקאָכט אין א דאָרף-שייגעץ און האָט זיך צוליב דעם דאָרף-שייגעץ... איר ווייסט דאָך שוין וואָס. איז די מאמע פאר צאָרעס קראנק געוואָרן און איז געשטאָרבן, און דער טאטע האָט זיך אויסגעבראָכט, געוואָרן א קאפצן. און דער דאָרף-שייגעץ האָט זיך מעיאשעוו געווען און האָט כאסליערע געהאט פאר אן אנדערע. איז זי אוועקגעגאנגען צום טײַך, דאָס מיידל הייסט דאָס, און האָט זיך ארײַנגעוואָרפן אין וואסער ארײַן און האָט זיך דערטרונקען...

„וואָס הייסט, זאָג איך, דו געזעגנסט זיך אָפּ מיט מיר אָפּ שטענדיק?" — אזוי מאך איך צו איר און קוק אראָפּ, זי זאָל ניט זען, ווי איך בין טויט. „דאָס הייסט, זאָגט זי, איך פאָר, זאָגט זי, אוועק מאָרגן, זאָגט זי, גאנץ פרי, מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען... קיינמאָל ניט"...

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, איז מיר געוואָרן א ביסל גרינגער אויף דער נעשאָמע. דאנקען גאָט כאָטש דערפאר, טראכט איך מיר, ווי זאָגט ער: גאם זו לעטויווא — עס קאָן זײַן ערגער, בעסער האָט קיין שיר ניט... „וווהין, לעמאָשל, פאָרסטו, אויב איך האָב, זאָג איך, די זכיע צו וויסן?" „איך פאָר, זאָגט זי, צו אים". „צו אים? — זאָג איך. — ווו איז ער דען אצינדערט?" „לעסאטע, זאָגט זי, זיצט ער נאָך; נאָר אינגיכן שיקט מען אים אוועק". „פאָרסטו, הייסט דאָס, זיך געזעגענען מיט אים?" — אזוי זאָג איך צו איר און מאך זיך טאמעוואטע. „ניין, זאָגט זי, איך גיי אים נאָך גלײַך אהין". „אהין? — זאָג איך. — ווער איז געווען דער אהין? וויאזוי הייסט דאָס אָרט?" „מע ווייסט נאָך נישט אקוראט, זאָגט זי, וויאזוי דאָס אָרט הייסט. נאָר ווײַט איז דאָס זייער, זאָגט זי, ווײַט מיט סאקאָנעס-נפאָשעס".

אזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל הייסט עס, און עס מאָלט זיך מיר אויסעט, אז זי רעדט דאָס מיט גאדלעס, מיט גרויסקייט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אזעלכס, וואָס סע קומט אים דערפאר א מעדאל פון א פוד אייזן!.. וואָס ענטפערט מען איר, לעמאָשל, אף אזא זאך? פאר אזא זאך נעמט א פאָ־טער און בייזערט זיך אויס אף א קינד, שענקט א פּאָר פעטש, אָדער ער בייטלט אויס אלע בייזע ווּיסטע כאלוימעס. טעוויע איז אָבער ניט קיין יידענע. איך גיי מיט דעם גאנג, אז קאס איז אווידעזאָרע. רוף איך מיך אָן צו איר מיט א פּאָסעק, ווי געוויינטלעך: „איך זע ארויס, זאָג איך, טאָכטער מיינע, אז דו ביכט מעקיים, ווי אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן: אלקיין יאזויוו — ווארפסט אוועק, זאָג איך, צוליב א פעפערל, טאטע־מאמע, זאָג איך, און לאָזט זיך אוועק אין אן אָרט, וואָס מע ווייסט ניט ווו, ערגעץ אין די מידבאָריעס, אפּאָנעם, אפן פארגליוורטן יאם, דאָרט, ווו אלעקסאנדער מוקדן, זאָג איך, איז געפאָרן אפן אָקרענט און פארבלאָנדזעט אף א ווייטער ווּיסטע, זאָג איך, צווישן ווילדע מענטשן, ווי איך האָב געלייענט, זאָג איך, אמאָל אין א מייסע־ביכל"...

אזוי זאָג איך צו איר האלב אף קאטאָוועס און האלב מיט קאס, און דאָס הארץ בעשאס־מייסע וויינט. נאָר טעוויע איז נישט קיין יידענע. טעוויע האלט זיך איין. און זי, האָדל הייסט עס, פאלט נישט אראָפּ בא זיך; ענטפערט מיר אָפּ אל רישן רישן, און שטיל, נישט געכאפּט, און באטראכט. טעוויעס טעכטער קאָנען ריידן...

און כאָטש איך האלט דעם קאָפּ אראָפּ און די אויגן צו, פונ־דעסטוועגן דאכט זיך מיר, אז איך זע זי, האָדלען הייסט דאָס, איך זע — איר פּאָנעם איז פונקט אזוי ווי די לעוואָנע, בלאס און מאט, און דאָס קאָל אירס, מאָלט זיך מיר אויס, איז עפּעס ווי פארדומפּן, ציטערט... זאָל איך איר, אשטייגער, פאלן אפן האלדז, בעטן, כאלעשן פאר איר, זי זאָל נישט פאָרן? ווייס איך, אז ס'איז ארויסגעוואָרפן. יימאכ שמאָם זאָלן זיי ווערן, טאקע די טעכטער מיינע, — פארקאָכן זיי זיך אין עמעצן, איז מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע און מיטן הארצן און מיט לייב־און־לעבן!

בעקיצער, מיר זיינען אָפּגעזעסן אזוי אף דער פּריזבע א

היפשע שטיק צייט, לאָז זיך איך דאַכטן, קימאַט די גאַנצע נאַכט. מער געשוויגן ווי גערעדט, און דאָס, וואָס מיר האָבן גערעדט, איז אויך געווען קימאַט ווי נישט גערעדט, האַלבע ווערטער... זי האָט גערעדט, און איך האָב גערעדט. איך פרעג זי נאָר איין זאַך: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַ מיידל זאָל נעמען און כאַסענע האָבן פאַר אַ באָכער צוליב דעם, זי זאָל אים קאָ־נען נאָכגיין ערגעץ אין אַלדי שווארצע יאָר? ענטפערט זי מיר: „מיט אים איז אַלציינס, אַפילע אין אַלדי שווארצע יאָר"... גיב איך איר, געוויינטלעך, צו פאַרשטיין מיט סייכל, ווי נאַריש דאָס איז. גיט זי מיר צו פאַרשטיין מיט איר סייכל, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרשטיין. ברענג איך איר אַ מאָשל מיט אַ הון אַ קוואָ־קע, וואָס האָט אויסגעזעסן קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך האָבן זיך נאָר אויפגעכאַפּט אַף די פיסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט אַפן וואַסער, און די קוואָקע נעבעך קוואָקעט. „וואָס, זאָג איך, וועסטו זאָגן, זאָג איך, דערויף, טאָכטער לעבן?" „וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערויף זאָגן? ס'איז אַוואַדע אַ ראַכמאָנעס, זאָגט זי, אַף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, „זאָלן די קאַטשקעלעך ניט שווימען?"... איר פאַרשטייט דיבורים? טעוויעס טאָכטער רעדט נישט גלאַט...

און דערווייל די צייט שטייט נישט. עס הייבט שוין אָן צו שאַריִען אַפן טאָג. די אַלטע אין שטוב וואָרטשעט. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט זאָגן, אַז ס'איז שוין צייט מאַכן נאַכט, אַזוי געזען, אַז עס העלפט זיך נישט, האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און מאַכט צו מיר, מיט אַ שיינעם יעוואָרעכעכאָ, געוויינטלעך: „טעוויע! וואָס טראַכטסטו זיך?" „לאָז זיין שטיל, זאָג איך, גאָלדע, ווי אין פּאָסעק שטייט: לאָמאָ ראָג־שו? האָסט פאַרגעסן, אַפּאָנעם, אַז ס'איז הייַנט הוישאַנע־ראַבע? הוישאַנע־ראַבע, זאָג איך, ווערט אונדז אָנגעכאַסמעט דאָס גוטע קוויטל, הוישאַנע־ראַבע דאַרף מען זיין אויף. פאָלג מיך, גאָלדע, זאָג איך, דו נעם, זיי מויכל, צעבלאָז נאָר דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, און לאָז זיין טיי, און איך וועל גיין דערווייל שפּאַנען דאָס וועג־געלע. מירן פאָרן מיט האָדלען צום באַן". און ווי דער שטייגער איז, טאָק איך איר אָפּ אַ שפּאָגל־נייַעם ליגן, אַז האָדל פאָרט אַוועק קיין יעהופּעץ, און פון דאָרטן נאָך ווייטער, אַלץ מיקויעך יענעם אייסעק, מיקויעך דער יערושע, הייסט דאָס,

און עס קען געמאָלט זײַן, זאָג איך, אז זי זאָל שוין דאָרטן בלײַבן איבערן גאנצן ווינטער, און עפשער איבערן ווינטער מיטן זומער מיט נאָך א ווינטער; לאָכיין דארף מען איר, זאָג איך, מיטגעבן צײַדאָ לאַדערעך, א ביסל גרעט, א קליידל, א פּאָר קישנס, ציכלעך, דאָס, יענץ און שאָר-יעראָקעס.

אזוי קאָמאנדעווע איך און זאָג אָן, ס׳זאָל נישט זײַן קיין געוויינען, ס׳איז הוישאנע-ראבע אָפ דער וועלט. „הוישאנע-ראבע, זאָג איך, טאָר מען ניט וויינען, ס׳איז א בעפיירעשער דין!" הערט מען דאָך מיך מיטן דין מיסטאמע, ווי די קאַץ, און מע ווײנט דאפקע יאָ, און אז סע קומט צום געזעגענען זיך, ווערט א יעלאָלע, אלע וויינען — די מאמע, די קינדער, און טאקע זי אליין, האָדל הייסט דאָס, און וועאלקולאָם, אז ס׳איז געקומען צו דער עלטערער טאָכטער מײַנע, צײטל מיין איך (אָפ יאָמטעוו קומט זי צו מיר מיט איר באשערטן, מיט מאָטל קאמזויל), האָבן זיך ביידע שוועסטער א וואָרף געטאָן איינע דער אנדערער אָפן האלדז — מע האָט זיי קוים אָפּגעריסן...

נאָר איך איינער האָב מיך געהאלטן שטאָל און אײַזן, דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אזוי — שטאָל און אײַזן; אין-ווייניק קאָכט, ווי א סאמאָוואר, נאָר יענעם ארויסבאווײַזן — פע! טעוויע איז דאָך נישט קיין ייִדענע... דעם גאנצן וועג קיין בויבעריק שווײַגט מען, און אז מיר האלטן שוין נישט ווײַט פון דער באן, רוף איך מיך אָן צו איר, זי זאָל מיר זאָגן דאָס לעצטע מאָל, וואָס פאַרט האָט ער געטאָן אזעלכס, פע-פערל הייסט דאָס?.. „איטלעכע זאך, זאָג איך, באדארף דאָך האָבן עפּעס א טאם"... ווערט זי אָנגעצונדן און שווערט מיר מיט קאָל האשוועס שעבאָרילעם, אז ער איז ריין, ווי גינגאָלד. „ער איז, זאָגט זי, א מענטש, וואָס קאָטאָרי פאַר זיך ארט אים נישט, דאָס גאנצע טועכץ זײַנס איז נאָר, זאָגט זי, יענעמס טויווע, דער וועלטס טויווע — און דעריקער פאר יעגיִע-קאפּאיִמניקעס, די באלמעלאָכעס" — און גייט זײַט א כאָכעם און טרעפט, וואָס דאָס הייסט! „זאָרגט ער זיך, זאָג איך צו איר, הייסט דאָס, פאר דער וועלט? לעמײַ זשע, זאָג איך, זאָרגט זיך נישט די וועלט פאר אים, אז ער איז יאָ אזא ווילער באָכער? זאָלסט אים כאָטש לאָזן גריסן, זאָג איך, דעם אלעקסאנדער מוקדן דײַנעם, זאָלסט אים זאָגן, זאָג איך, אז איך פארלאָז מיך אָפ זײַן

יוישער, ער איז דאָך א מענטש פונ סאמע יוישער, זאָג איך, אז ער וועט מײַנ טאָכטער מיסטאמע נישט פארפירנ, אונ שרײַבנ אמאָל, זאָג איך, א בריוול דעם אלטנ טאטנ"...

אונ אזויווי איך רעד, פאלט זי מיר נישט פלוצעמ אפנ האלדז אונ הייבט נישט אָנ צו וויינענ? „לאָמיר זיך, זאָגט זי, געזעגענ. זײַ געזונט, טאטע, גאָט ווייסט, זאָגט זי, ווענ מיר וועלנ זיך זענ!?"... אנ עק! אָט דאָ האָב איך מיך שוינ נישט געקאָנט אײַנהאלטנ... עס איז מיר געקומענ אפנ געדאנק, פארשטייט איר, טאקע די אייגענע האָדל, בעשאס זי איז נאָך געווענ א ברעקל... א קינד הייסט דאָס... זי געהאלטנ אפ די הענט... אפ די הענט געהאלטנ... האָט קיינ פאריבל נישט, פאני, וואָס איך האָב מיך... מײַסע יידענע... איר זאָלט וויסנ, הערט איר, וואָס דאָס איז פאר א האָדל, דאָס איז!.. איר זאָלט זענ די בריוולעך, וואָס זי שרײַבט... ס'איז א האָדל פונ גאָט!.. זי איז בא מיר אָט-אָ דאָ-אָ איז זי בא מיר... טיפ, טיפ... איך קאָנ עס אײַך אזויפיל נישט ארויסגעבנ... . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווייסט איר וואָס, פאני שאָלעמ-אלייכעמ? לאָמיר בעסער ריידנ פונ עפעס פריילעכס: וואָס הערט זיך עפעס מיקויעכ דער כאָליערע אינ אָדעס?..

געשריבנ אינ יאָר 1904

# כאַווע

— הוידו לאַדוינוי קי טויוו — וויִאַזוי גאָט פירט, אַזוי איז גוט. דאָס הייסט, עס באַדאַרף זייַן גוט, וואָרעם פּרוּווט זייַט אַ כאָכעם אוּנ מאַכט בעסער! אָט האָב איך געוואָלט זייַן אַ קלוגער, געדרייט דעם פּאָסעק אַהער, געדרייט דעם פּאָסעק אַהינ, געזוענ, עס העלפט נישט, האָב איך צוגענוּמענ די האַנט פונעם האַרצנ אוּנ האָב געזאָגט צו זיך אַליינ: טעוויע, ביסט אַ נאַר! דו וועסט די וועלט נישט איבערמאַכנ. דער אייבערשטער האָט אונדז געגעבנ צאַר-גידל-באָנים, איז די טייַטש: פונ קינדער האָט מענ צאָרעס אוּנ מע מוז דאָס אָנעמענ פאַר ליב. אָט, לעמאָשל, האָט זיך מייַנ עלטערע טאָכטער, צייטל הייסט עס, פאַרקאָכט אינעם כייַעט מאָטל קאַמזויל, האָב איך עפּעס צו אים? עמעס, ער איז טאַקע אַ פּראָסטער נעפעש, פאַרשטייט נישט אַזוי שטאַרק דריבנישקע, די קליינע אויסיִעס, הייסט עס, נאָר וואָס קאָנ מענ טאָנ? די גאַנצע וועלט, ווי זאָגט איר, קאָנ דאָך ניט זייַנ געבילדעט! דערפאַר איז ער אַנ ערלעכ מענטשל אוּנ האָרעוועט נעבעכ מיטנ בלוטיקנ שווייס. זי האָט שוינ מיט אים, איר זאָלט אָנקוקנ, קיינ אייַנהאָרע, אַ פולע שטוב מיט פּוּפּקעס, אוּנ ביידע ווערנ זיי פאַרשוואַרצט אינ אוישער אוּנ אינ קאָוועד — אוּנ רעדט מיט איר, זאָגט זי, אַז ס'איז איר קיינ אייַנהאָרע, גוט ווי די וועלט, עס קאָנ גאָר. זאָגט זי, ניט זייַנ בעסער. אייַנ שטיקל כיסאָרנ נאָר, וואָס ס'איז קיינ ברויט נישטאָ... אַד קאַנ האַקאָפּאָ אַ' — דאָס האָט איר אייַך נומער איינס. נו, אוּנ פונ דער צווייטער טאָכטער, פונ האָדלענ הייסט עס, באַדאַרף איך אייַך ניט דערציילנ, איר ווייסט שוינ. זי האָב איך פאַרשפּילט, פאַרלאָרנ אַפ אייביק! גאָט ווייסט, אויב מייַנע אויגנ וועלנ זי אַמאָל זענ, סייַדנ אַפ יענער וועלט שוינ, איבער הונדערט אוּנ צוואַנציק יאָר... רעד איך פונ איר, פונ האָדלענ הייסט עס, קאָנ איך

נאָכ אדאיאָמ נישט קומענ צו זיכ, ס'איז אנ עק פונ מײַנ לעבנ! פארגעסנ, זאָגט איר? ווי קאָנ מענ פארגעסנ א לעבעדיקנ מענטשנ? אוביפראט אזא קינד, ווי האָדל? איר זאָלט זענ די בריוולעכ, וואָס זי שרײַבט צו מיר, קאָנ מענ צעגיינ. עס גייט זיי, שרײַבט זי מיר, דאָרטנ זייער גוט. ער זיצט, אונ זי פארדינט. זי וואשט גרעט אונ לייענט ביכלעכ אונ זעט זיכ מיט אימ אלע וואָכ, אונ האָט, זאָגט זי, א האָפענונג, אז עס וועט זיכ דאָ, בא אונדז, איבערקאָכנ, עס וועט אופגיינ די זונ אונ עס וועט ווערנ ליכטיק, וועט מענ אימ אומקערנ צוריק מיט נאָכ א סאכ אזעלכע, ווי ער, אונ דעמלט וועלנ זיי זיכ ערשט, זאָגט זי, נעמענ צו דער רעכטער ארבעט אונ איבערקערנ די וועלט מיטנ קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארופ. נו? ווי געפעלט דאָס אײַכ? גוט? הא? וואָס זשע טוט אָבער דער ריבוינע-שעל-אוילעמ? ער איז דאָכ, ווי זאָגט איר, אנ אייל ראכומ וועכאנונ, זאָגט ער, צו מיר: „וואַרט אויס, טעוויע, אָט מאכ איכ אזוי, אז דו וועסט פארגעסנ אָנ אלע דײַנע צאָרעס!"... אונ קאכאווע, איר מעגט דאָס האָרכנ. קיינ אנדערנ וואָלט איכ עס ניט דערציילט, וואָ־רעמ דער ווייטעק איז גרויס אונ דער ביזאָיענ איז נאָכ גרעסער! נאָר, ווי שטייט דאָרט בא אונדז געשריבנ: האמעכאסע אני מעאוורעהאָמ — פאר אײַכ איז דענ פאראנ בא מיר א סאָד? וואָס איכ האָב — דערצייל איכ אײַכ. נאָר וואָס דענ? איינ זאכ וועל איכ אײַכ בעטנ: צווישנ אונדז זאָל דאָס בלײַבנ. איכ זאָג אײַכ נאָכאמאָל: דער ווייטעק איז גרויס נאָר דער ביזאָיענ, דער ביזאָיענ איז נאָכ גרעסער!

בעקיצער, וויִאזוי שטייט דאָרט אינ פיירעק: ראָצאָ האָ־קאָדויש באָרוכ הו לעזאקויס — גאָט האָט געוואָלט א טוי־זוע טאָנ טעוויענ, גייט ער אונ בענטשט אימ מיט זיבנ קינדער בעקייוועס, טעכטער הייסט עס, אלע אויסגעשפּילטע, געראָטענע, קלוגע אונ שיינע, פרישע, געזונטע, איכ זאָג אײַכ — סאָסנעס! אוי, האלעוויַ וואָלטנ זיי בעסער געווענ מיִעסע פאסקודניצעס, וואָלט עפשער געווענ בעסער פאר זיי אונ געזינטער פאר מיר. וואָרעמ וואָס קומט ארויס, איכ בעט אײַכ, פונ א גוט פערדל, אז סע שטייט אינ שטאל? וואָס קומט ארויס פונ שיינע טעכ־טער, אז מע ליגט פארשטעקט מיט זיי אינ א העק אונ מע קוקט נישט אָנ קיינ לעבעדיקנ מענטשנ, אכוץ אנטאָנ פּאָפּערי־

לע, דעם גויִישן ראָש־האקאָהאָל פון דאָרף, און דעם שרײַבער כוועדקע גאלאגאן, א הויכער גאָיעץ מיט א פאטלע און מיט לאנגע שטיוול, און דעם גאלעכ, ייִמאכ שמוי וועזיכרוי. איכ קאָנ נישט הערנ דעם נאָמענ זײַנעם, נישט מאכמעס דעם, וואָס איכ בינ א ייִד און ער איז א גאלעכ; אדעראבעֿ, מיר זײַנענ זייער גוט באקאנט צווישנ זיכ שוינ א שאָק מיט יאָרנ, דאָס הייסט, אפ קיינ סימכעס איינס צום אנדערנ גייט מענ ניט, און גוט־יאָמטעוו בעטנ אוואדע ניט; גאָרנישט, מאכעטייסע, מע באגעגנט זיכ, גוט־מאָרגנ, גוט־יאָר, וואָס הערט זיכ עפעס אפ דער וועלט? ארײַנלאָזנ זיכ מיט אים אינ ווײַטע דראָכים האָב איכ פײַנט, וואָרעם באלד עפעס, הייבט זיכ אָנ א סעדרע: אײַער גאָט, אונדזער גאָט. לאָז איכ מיכ ניט און שלאָג אים איבער מיט א גלײַכווערטל און זאָג אים, אז ס'איז פאראנ בא אונדז א פאָסעק; שלאָגט ער מיכ איבער מיסטאמע און זאָגט, אז א פאָסעק וויסט ער גלײַכ מיט מיר. און עפשער נאָכ בעסער. און הייבט אָנ צו זעצנ אפ אויסוויי־ניק אונדזער כומעש, ווי געוויינטלעכ, א גוי: „בערעשיט בארא אלאָקים״ — אלעמאָל, אלעמאָל דאָס אייגענע. שלאָג איכ אים איבער מיסטאמע און זאָג אים, אז ס'איז פאראנ בא אונדז א מעדרעש. „א מעדרעש, זאָגט ער, ווערט שוינ אָנגערופנ טאל־מוד, און טאל־מוד האָט ער פײַנט, ווײַל טאל־מוד איז, זאָגט ער, לויטער שווינדל״... ווער איכ דאָכ מיסטאמע רעכט אינ קאס און הייב אים אָנ אויסצוליימערנ, וואָס עס קומט מיר אפ דער צונג. מיינט איר, אז עס ארט אים עפעס? גאָרנישט; קוקט אפ מיר און לאכט, און קעמט זיכ בעשאס־מײַסע די באָרד. נישטאָ, הערט איר, קיינ ערגערס אפ דער וועלט, ווי אז איר זידלט א מענטשנ, מאכט אים מיט דער בלאָטע גלײַכ, און ער שווײַגט. אינ אײַכ ווערט די גאל צעפיקעט, און יענער זיצט און שמייכלט: דעמלט האָב איכ דאָס ניט פארשטאנענ, נאָר אצינד וויים איכ, וואָס דאָס שמייכל האָט באדײַט...

בעקיצער, איכ קום צו פאָרנ איינמאָל אהיים, ארום פארנאכטלעכ שוינ, באגעגנ איכ דעם שרײַבער כוועדקע שטייט אינ דרויסנ מיט מײַנ כאווע, די דריטע טאָכטער מײַנע, די צווייטע פונ האָדלענ, הייסט עס. מיכ דערזענ, האָט זיכ מײַנ באָכער געגעבנ א דריי אויס, אראָפּגענומענ פאר מיר דאָס היטל און אוועק. רופ איכ מיכ אָנ צו מײַנ כאווענ: „וואָס האָט

דאָ געטאָן כוועדקע?" זאָגט זי: „גאָרניט"... זאָג איך: „וואָס הייסט גאָרניט?"... זאָגט זי: „מיר האָבן געשמועסט"... זאָג איך: „וואָס פאר א מעכוטן ביסטו מיט כוועדקען?"... זאָגט זי: „מיר זײַנען באַקאַנט שוין פון לאַנג"... זאָג איך: „מאַזלטאָוו דיר מיט דײַן באַקאַנטשאַפט! א שיינער כאַווער כוועדקע!"... זאָגט זי צו מיר: „דו קענסט אים דען? דו ווייסט דען ווער ער איז?"... זאָג איך צו איר: „ווער ער איז, ווייס איך ניט, כ'האָב זײַן ייִכעס-בריוו ניט געזען; נאָר פאַרשטיי איך, אַז ער דאַרף שטאַמען פון סאַמע גדוילים; דער טאַטע זײַנער, זאָג איך, האָט געמוזט זײַן אָדער א פאַסטעך, אָדער א סטרוזש, אָדער אַזוי א שיקער"... רופט זי זיך אָן צו מיר, כאַווע הייסט עס: „וואָס זײַן טאַטע איז געווען, ווייס איך ניט און וויל ניט וויסן, בא מיר זײַנען אַלע מענטשן גלײַך; נאָר אַז ער אַליין איז א מענטש ניט קיין געוויינלעכער — דאָס ווייס איך פאַר געוויס"... „דעהײַנע, זאָג איך, וואָס פאַר א מין סאָרט מענטש איז ער? לאָמיך הערן"... „איך וואָלט דיר, זאָגט זי, געזאָגט, וועסטו ניט פאַרשטיין. כוועדקע, זאָגט זי, דאָס איז דער צווייטער גאָרקי"... „דער צווייטער גאָרקי? — זאָג איך. — ווער זשע איז געווען, זאָג איך, דער ערשטער גאָרקי?"... „גאָרקי, זאָגט זי, דאָס איז הײַנט קימאַט דער ערשטער מענטש אַף דער וועלט"... ווו זיצט ער, זאָג איך, דער טאַנע דײַנער, וואָס איז זײַן געשעפט און וואָס פאַר א דרשע האָט ער געדאַרשנט?"... מאַכט זי צו מיר: „דער גאָרקי — דאָס איז א באַרימטער שרײַבער, א שריפטשטעלער, א מענטש, הייסט דאָס, וואָס מאַכט ביכער, און א טײַערער, א זעלטענער, אַן ערלעכער מענטש, שטאַמט אויך פון פּראָסטן שטאַנד, נישט געלערנט אין ערגעץ, נאָר פון זיך אַליין... אָט דאָס איז זײַן בילד"... אַזוי מאַכט זי צו מיר, כאַווע הייסט עס, און נעמט אַרויס פון קעשענע א פּאָרטרעטל און ווײַזט דאָס מיר. „אָט דאָס איז ער, זאָג איך, דער צאַדיק דײַנער, רעב גאָרקי? איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך האָב אים ערגעץ געזען, זאָג איך, אָדער בא דער באַן טראָגן זעק, אָדער אין וואַלד שלעפּן קלעצער"... „איז דאָס בא דיר, זאָגט זי, א כיסאָרן, זאָגט זי, אַז א מענטש האָרעוועט מיט זײַנע אייגענע הענט? דו אַליין האָרעוועסט דען ניט? און מיר האָרעווען ניט?" „יאָ, יאָ, זאָג איך, ביסט גערעכט, זאָג איך, ס'איז א

בעפיירעשער פּאָסעק בא אונדז: י ע ג ִ א ק א פּ ע כ אָ ק י ס ו י-
כ א ל — אז דו וועסט ניט האָרעווען, וועסטו ניט עסן... נאָר
פונדעסטוועגן, זאָג איך, פארשטיי איך ניט, וואָס האָט דאָ צו
טאָן כוועדקע? איך וואָלט בעסער, זאָג איך, געווען צופרידן, ווען דו
זאָלסט זײַן באקאנט מיט אים פונדערוויַיטן; דו באדארפסט ניט
פארגעסן, זאָג איך, מ י א ִ נ ב אָ ס אָ א ו ל ע אָ נ א ט אָ ה ו י-
ל י י כ — ווער ביסטו און ווער איז ער"... מאכט זי צו מיר:
„גאָט האָט באשאפן אלע מענטשן גלײַך"... „יאָ, יאָ, זאָג איך,
גאָט האָט באשאפן אָדאָם האָרישנען נאָך זײַן געשטאלט; מע טאָר
אָבער ניט פארגעסן, אז איטלעכער דארף זוכן זײַן גלײַכן, ווי איז
פּאָסעק שטייט בא אונדז געשריבן: א י ש ק ע מ א ט נ א ס י אָ ד ו י"...
„אן אנטיק! — זאָגט זי צו מיר. — אפ אלצדינג האָסטו א פּאָסעק!
עפשער געפינט זיך, זאָגט זי, בא דיר א פּאָסעק וועגן דעם,
וואָס מענטשן, זאָגט זי, האָבן גענומען און האָבן זיך אליין,
זאָגט זי, אײַנגעטיילט אפ יידן און גויִים, אפ באלעבאטים און
קנעכט, אפ פּריצים און בעטלערס?"... „טע-טע-טע! — זאָג איך —
ביסט מיר שוין, דאכט מיר, פארפאָרן, טאָכטער, אין עלעפ
האשישי ארײַן!" און איך גיב איר צו פארשטיין, אז אזוי פירט
זיך שוין אפ דער וועלט מישיישעס יעמיי בערײשיס. פרעגט זי
מיך: „לעמײַ זאָל זיך אזוי פירן אפ דער וועלט?"... זאָג איך:
„דערפאר, וואָס אזוי האָט גאָט באשאפן זײַן וועלט"... זאָגט
זי: „לעמײַ האָט גאָט אזוי באשאפן זײַן וועלט?"... זאָג איך:
„ע! אז מיר וועלן אָנהייבן פרעגן קאשעס — לעמײַ אזוי און
לעמײַ אזוי, איז א י י נ ל ע ד אָ ו ו אָ ר ס אָ פ — א מײַסע אָן אן
עק!"... זאָגט זי מיר: „דערופ האָט דאָך אונדז גאָט געגעבן א
פארשטאנד, אז מיר זאָלן פרעגן קאשעס"... זאָג איך: „בא
אונדז איז פאראן א מינהעג אזעלכער, אז א הון, זאָג איך,
הייבט אָן צו קרייען ווי א האָן, זאָל מען זי באלד טראָגן צום
שויכעט, ווי מיר זאָגן אין די בראָכעס: ה א נ ו י ס י י נ ל א ס ע כ ו ו י
ו י נ אָ — „טאָמער וואָלט עפשער גאָר געווען גענוג זיך צו
גאָרגלען דאָרטן? — רופט זיך אָן מײַן גאָלדע פון שטוב
ארויס. — דער באָרשט, זאָגט זי, שטייט אפן טיש שוין פון א
שאָ, און ער זינגט גאָר זמירעס!"... „אָט האָסטו דיר, זאָג איך,
די אנדערע טעג יאָמטעוו! ניט אומזיסט, זאָג איך, האָבן אונ-
דזערע כאכאָמים געזאָגט: ש י ו ו אָ ד ו ו אָ ר י מ ב ע ג ו ִ י ל אָ ם —

א ייִדענע האָט אינ זיך נײַנ מאָס רייד. מע רעדט טאָכ-זאכנ, איז זי דאָ מיט איר מילכיקנ באָרשט!"... רופט זיך אָנ צו מיר גאָלדע: „דער מילכיקער באָרשט, זאָגט זי, איז עפשער אזא טאָכ-זאכ, ווי אלע דײַנע טאָכ-זאכנ"... „מאזלטאָוו! האָט איר אײַך, זאָג איך, א נײַעם פילאָזאָף, גלײַך פונ אונטערנ אויוונ ארויס! קארג, זאָג איך, וואָס די טעכטער זײַנענ געוואָרנ אופגעקלערטע קעפּ, האָט שוינ טעוויעס ווײַב אויכ אָנגעהויבנ פליִענ דורכנ קוימענ אינ הימל ארײַנ!"... „אז ס'איז יאָ, זאָגט זי, געקומענ צו רעד הימל, טאָ ליג שוינ אינ דער ערד!"... ווי געפעלט אײַך, אשטייגער, אזא מינ באָרוכ-האבע אפנ ניכטערנ הארצנ?..

בעקיצער, לאָמיר, ווי זאָגט איר, איבערלאָזנ דעם בענמעלעך אונ זיך נעמענ צו דער באסמאלקע, איכ מיינ דעם גאלעך, יִמאכ שמוי וועזיכרוי! איינמאָל פארנאכט פאָר איך מיר אהיימ מיט די ליידיקע קריגלעך אונ האלט שוינ באמ ארײַנפאָרנ אינ דאָרפ ארײַנ, באגעגנ איכ אימ פאָרנ מיט זײַנ אײַזערנער געקאָוועטער בריטשקע, טרײַבט אָנ אליינ מיט זײַנ קאָוועד די פערדלעך, אונ די צעקעמטע באָרד זײַנע איז צעשמיסנ פונעמ ווינט. „צו דײַנ קאָפּ, טראכט איך מיר, א שיינ באגעגעניש!"... „א גוטנ אָוונט! — מאכט ער צו מיר, — האָסט מיך ניט דערקענט, זאָגט ער, צי וואָס? „ווערסט גיך רײַכ ווערנ, זאָג איך צו אימ אונ נעמ אראָפּ דאָס היטל אונ וויל פאָרנ ווײַטער. מאכט ער צו מיר: „שטיי א ווײַלע, טעוועל, וואָס האָסטו קיינ צײַט ניט? איך דארפ דיר עפּעס זאָגנ א צוויי ווערטער". „אָכ, זאָג איך, אבי נאָר עפּעס גוטס, איז מאכעטייסע, אונ אויב ניִשט, מעג דאָס, זאָג איך, בלײַבנ אפּ אנ אנדערש מאָל"... „וואָס הייסט, זאָגט ער, בא דיר אנ אנדערש מאָל?"... „אנ אנדערש מאָל, זאָג איך, הייסט בא מיר, ביז מאָשיִעכ וועט קומענ"... מאָשיִעכ, מאכט ער צו מיר, איז דאָכ שוינ געקומענ"... „דאָס האָב איך שוינ געהערט, זאָג איך, פונ דיר ניט איינ מאָל; דו זאָג מיר נאָר, פאָטערל, עפּעס נײַעס"... „אָט דאָס, זאָגט ער, מיינ איך טאקע דיר זאָגנ; איך וויל מיט דיר שמועסנ, זאָגט ער, טאקע פונ דיר אליינ, דאָס הייסט, פונ דײַנ טאָכטער"... דאָ האָט מיר באלד א טיאָכקע געטאָנ דאָס הארצ: וואָס פאר א מעכוטנ איז ער מיט מײַנ טאָכטער? אונ איך רופ מיך אָנ צו אימ: „מײַנע טעכטער, זאָג איך, זײַנענ כאָלילע ניִשט אזעלכע, וואָס מע זאָל



···איכ שיט דעמ אונטער א ביסל געהאקטע שטרוי אונ זאַג דעמ צו,
אימירצעשעמ, שאבעס ווײַזנ א היי אינ סידער···

צו זײַט 99·




און ס'איז אלעמענ פרײלעכ, אלעמענ גוט — א גוטער,
א פרײלעכער שוועב אפ אלעמענ.

צו זײט 115.

דארפֿן פֿאר זיי רעדן: זיי קאָנען שוין, זאָג איך, אליין באַ־
שטיין זייער שטעטל"... „דאָס איז אָבער, מאכט ער, אזא מין
איניען, וואָס זי אליין קאָן נישט רעדן, עס מוז רעדן אַן
אנדערער, מאכמעס דאָ האנדלט זיך וועגן א טאָכ־זאך, זאָגט ער,
טאַקע וועגן איר טאכלעס"... „ווען גייט עס אָן, זאָג איך,
דער טאכלעס פֿון מײַן קינד? מיר דאכט, זאָג איך, אז וויבאלד
מע שמועסט פֿון טאכלעס, בין איך מײַן קינד א פֿאָטער ביז
הונדערט צוואנציק יאָר, צי ניין?"... עמעס, זאָגט ער, דו ביסט
דײַן קינד א פֿאָטער; דו ביסט אָבער, זאָגט ער, אַף דײַן קינד
א בלינדער, דײַן קינד, זאָגט ער, רײַסט זיך אין אַן אנדער
וועלט ארײַן, און דו פֿארשטייסט זי ניט, אָדער דו ווילסט
זי ניט פֿארשטיין"... „אויב איך פֿארשטיי זי ניט, זאָג איך,
אָדער איך וויל זי ניט פֿארשטיין — דאָס איז אַן אנדער זאך;
וועגן דעם, זאָג איך, קאָנען מיר א ביסל שמועסן; נאָר וואָס
קער זיך דאָס אָן, פֿאָטערל, מיט דיר?"... „עס קער זיך, זאָגט
ער, מיט מיר אָן זייער שטארק, זאָגט ער, ווײַל זי איז איצ־
טער אין מײַן רעשוס"... „וואָס הייסט, זאָג איך, זי איז אין דײַן רע־
שוס?.." „דאָס הייסט, זי איז איצטער אונטער מײַן האזשגאָכע",
מאכט ער און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן ארײַן און צע־
קעמט זיך די שיינע צעלאָזטע זיקנע. טו איך מיסטאמע א שפּרונג
אונטער: „ווער? מײַן קינד איז אונטער דײַן האזשגאָכע?
מיט וואָס פֿאר א רעכט?" — זאָג איך און פֿיל, אז איך הייב אָן
ארײַן אין קאס. מאכט ער צו מיר גאנץ קאלטבלוטיק מיט א
שמייכעלע: „נאָר ניט געהיצט זיך, טעוועל! פּאוואָליע וועלן מיר,
זאָגט ער, די זאך זיך איבערלייגן. דו ווייסט, איך בין דיר, זאָגט
ער, כאָלילע קיין כוינע נישט, כאָטש דו ביסט א ייִד; דו ווייסט,
זאָגט ער, אז איך האלט פֿון ייִדן, און עס טוט מיר ווי דאָס
הארץ אַף זיי פֿאר זייער אקשאָנעס, וואָס זיי האָבן זיך אײַנ־
געשפּארט און ווילן ניט פֿארשטיין, אז מע מיינט דאָס פֿון
זייער טויווע וועגן"... „פֿון טויוועס, זאָג איך, זאָלסטו מיט מיר,
פֿאָטערל, איצטער נישט רעדן, מאכמעס איטלעכס וואָרט,
וואָס איך הער פֿון דיר אצינד, איז פֿאר מיר א טראָפּן סאמ־
האמאָוועס, זאָג איך, א פֿיכטויל אין הארצן ארײַן. אויב דו
ביסט מיר אזא גוטער פֿרײַנט, ווי דו זאָגסט, וועל איך פֿון
דיר בעטן נאָר איין טויווע: מײַן טאָכטער זאָלסטו לאָזן צורו"...

„ביסט א נארישער מענטש, מאכט ער צו מיר, עס וועט דײַנ טאָכטער, כאָלילע, קיינ שלעכטס ניט געשענ; עס שטייט איר איצ־טער פאָר א גליק, זאָגט ער, זי נעמט, זאָגט ער, א כאָסנ — אפ מיר אזא יאָר"... „אָמיינ! — זאָג איך קלוימערשט מיט א געלעכטערל, אונ' אינ הארצנ ברענט א גענעמ — ווער איז ער, לעמאָשל, דער כאָסנ, זאָג איך, אויב איך בינ זויכע, זאָג איך, צו וויסנ?"... „דו דארפסט אימ קענענ, זאָגט ער, ער איז זיי־ער א בראווער, אנ אָרנטלעכ מענטשל, אונ גאנצ פײַנ געביל־דעט, אפילע פונ זיכ אליינ, אונ איז פארקאָכט אינ דײַנ טאָכ־טער, אונ וויל מיט איר כאסענע האָבנ אונ קאָנ נישט, ווײַל ער איז נישט קיינ ייִד"... „כוועדקע!"... — טראכט איך מיר, אונ עס טוט מיר א זעצ אינ קאָפ ארײַנ א מאָדנע היצ, אונ עס באשלאָגט מיכ א קאלטער שווייס, קוימ וואָס איך זיצ אײַנ אפנ וועגעלע. נאָר ארויסבאווײַזנ דאָס פאר אימ — נישט דערלעבנ וועט ער דאָס! אונ איך נעמ דאָס פערדל פאר די לייצעס, טו דאָס א שמיצל פונ אונטנ ארופ, אונ האָלאכ מוישע־מאָרדכע — פאשאָל אָנ א זײַ געזונט אהיימ... איך קומ צו פאָרנ אהיימ, איי־איי־איי, אנ איבערקערעניש! די קינדער ליגנ מיט די פענעמער אינ די קישנס אונ וויינענ, מײַנ גאָלדע איז מער אפ יענער וועלט איידער אפ דער וועלט... איך זוכ כאווענ, ווו איז כאווע? — נישטאָ כאווע!.. פרעגנ, ווו איז כאווע, וויל איך נישט. איך פארשפאָר שוינ פרעגנ. אז אָכ אונ ווי איז מיר! אונ איך פיל דעמ טאמ פונ כיבוט־האקייווער, אונ עס ברענט אינ מיר א פײַער, איך ווייס ניט אפ וועמענ... איך וואָלט עפעס נאָר גע־נומענ אונ זיכ אליינ אויסגעפאטשט... אונ איך צעשרײַ מיכ אפ די קינדער אונ לאָז אויס מײַנ ביטער הארצ צומ ווײַב. איך קאָנ מיר קיינ אָרט נישט געפינענ. גיי איך ארויס אינ שטאל צומ פערד, דעמ געבנ עסנ, אונ טרעפ דאָס שטיינ אריבערגע־געפוצעוועט מיט איינ פוס אפ יענער זײַט קלאָצ, כאפ איך א שטעקנ אונ הייב דעמ אָנ אײַנטיילנ, שיילנ די פעל, ברעכנ די ביינער: „פארברענט זאָלסטו ווערנ, שלימאזל מײַנער! זאָלסטו אזוי לעבנ, ווי איך האָב פונ דײַנעטוועגנ א האָבערל אפילע! צאָרעס, אויב דו ווילסט, קאָנ איך דיר געבנ, שלעק, מיט אנגסטנ, מיט מאקעס, מיט בכוירעס!"...

אזוי רעד איך צומ פערדל אונ באטראכט מיכ אָבער באלד,

אז ס'איז א צאר-באלע-כאַים, גאָט די נעשאָמע שולדיק, וואָס האָב איך צו דעם? און איך שיט דעם אונטער א ביסל געהאקטע שטרוי און זאָג דעם צו, אימירצעשעם, שאבעס ווײַזנ א היי אינ סידער, און קום ארײַנ צוריק אינ שטיב ארײַנ, באגראָב זיך און ליג אינ געהאקטע ווונדנ, און דער קאָפּ — דער קאָפּ ווערט מיר שיר צעשפּרונגענ, טראכטנדיק און קלערנדיק און לערנענדיק דעם פּשאט, וואָס זאָל דאָס באטײַטנ? „מא פּישי אומע כאטאָסי — מיט וואָס האָב איך, טעוויע, פאַרזינדיקט מער פונ דער גאנצער וועלט, וואָס מע באשטראָפט מיך מער פונ אלע יידנ? אוי, ריבוינע-שעל-אוילעם, ריבוינע-שעל-אוילעם! מאָ אָנו אומע כאיעינו — ווער בינ איך אזוינס, וואָס דו טראָגסט מיך אפּנ קאָפּ קעסיידער, האָסט מיך אינ זינענ און לאָזט נישט אויס ווו ערגעצ א שלאק, א צאָרע, אנ אָנשיקעניש?!“...

און אזוי ווי איך טראכט מיר אזוי, ליגנדיק אף הייסע קוילנ, הער איך, ווי מײַנ ווײַב נעבעך קרעכצט, רײַסט אויס א שטיק הארצ. „גאָלדע, זאָג איך, דו שלאָפסט?“... „ניינ, זאָגט זי, וואָס איז דענ?“... „גאָרנישט, זאָג איך, מיר זײַנענ גוט אינ דער ערד; עפּשער ווייסטו, זאָג איך, אנ אייצע, וואָס טוט מענ?“... „פרעגסט בא מיר, זאָגט זי, אייצעס, אז אָך און וויי איז מיר? א קינד שטייט אוף, זאָגט זי, אינדערפרי, א געזונטע, א שטארקע, טוט זיך אָנ, זאָגט זי, פאלט מיך ארום קושנ און האלדזנ און וויינענ און זאָגט נישט וואָס; איך האָב געמיינט, זי איז, כאָלילע, פונעם זינענ! פרעג איך זי: „וואָס איז דיר, טאָכטער?“ זאָגט זי גאָרנישט און כאפּט זיך ארויס אף א ווײַלע צו די בעהיימעס און ווערט פארשווונדנ. איך ווארט א שאָ, איך ווארט צוויי, איך ווארט דרײַ — ווו איז כאווע? נישטאָ כאווע! רופ איך מיך אָנ צו די קינדער: „אנו, טוט נאָר א שפּרונג אפ א מינוטקעלע צום גאלעכ“... „פונוואַנענ זאָג איך, האָסטו געוווּסט, גאָלדע, אז זי איז באם גאלעכ?“... „פונוואנענ האָב איך געוווּסט? — זאָגט זי. — או אָך און וויי איז מיר! וואָס איז, זאָגט זי, איך האָב קיינ אויגנ ניט? צי איך בינ איר קיינ מאמע ניט?“... „אז דו האָסט אויגנ, זאָג איך, אז דו ביסט איר א מאמע, וואָס זשע האָסטו געשוויגנ און האָסט ניט געזאָגט מיר?“... „דיר זאָל איך זאָגנ?

ווען ביסטו אינ דער היימ? — זאָגט זי. — אונ אז איכ זאָג דיר, הערסטו מיכ דענ? דיר, אז מע זאָגט, זאָגט זי, ענטפערסטו באלד מיט א פּאָסעק; פּארהאקסט דעמ קאָפּ מיט פּסוקימ אונ דערמיט קומסטו אָפּ"...

אזוי מאכט זי צו מיר, גאָלדע הייסט עס, אונ איכ הער, ווי זי וויינט אינ דער פינצטער... א ביסל איז זי געדעכט, טראכט איכ מיר, וואָרעמ וואָס פארשטייט א יידענע? אונ עס טוט מיר וויי אפּ איר דאָס הארצ, איכ קאָנ נישט הערנ, ווי זי קרעכצט אונ ווי זי וויינט. רופ איכ מיכ אָנ צו איר: „זעסט, גאָלדע, ביסט בארויגעז, זאָג איכ, לעמיי איכ האָב אפּ אלצדינג א פּאָסעק; איכ מוז דיר דערופ אויכ ענטפערנ מיט א פּאָ-סעק; עס שטייט בא אונדז געשריבנ, זאָג איכ, ק ע ר א כ י י מ אָ ו א ל ב אָ נ י מ — א טאטע האָט ליב א קינד, פארוואָס שטייט ניט, זאָג איכ, ק ע ר א כ י י מ א י י מ א ל ב אָ נ י מ, אז א מאמע האָט ליב איר קינד? ווייל א מאמע איז ניט קיינ טאטע; א טאטע, זאָג איכ, קאָנ אנדערש רעדנ מיט א קינד. אָט וועסטו זענ, זאָג איכ, אימירצעשעמ, מאָרגנ זע איכ מיכ מיט איר"... „האלעוויי, זאָגט זי, זאָלסטו זיכ קאָנענ זענ מיט איר אונ מיט אימ אויכ. ער איז א מענטש, זאָגט זי, ניט קיינ שלעכטער, כאָטש א גאלעכ, נאָר אפּ א מענטשנ האָט ער, זאָגט זי ראכ-מאָנעס. דו וועסט אימ בעטנ, פאלנ צו די פיס, עפּשער וועט ער ראכמאָנעס האָבנ"... „ווער, זאָג איכ, דער קוימער, יי-מאכ שמוי?.. איכ זאָל מיכ בוקנ, זאָג איכ, צומ גאלעכ? ביסט מעשוגע, זאָג איכ, צי כאָסער-דייע? א ל ט י פּ ט א כ פּ ע ל ע-ס אָ ט נ, זאָג איכ, — ניט דערהארנ וועלנ דאָס מיינע סאָנימ!"... „אָ! זעסטו? עס הייבט זיכ אָנ, זאָגט זי, מיט דיר!"... „וואָס דענ, זאָג איכ, האָסטו געמיינט? איכ וועל מיכ לאָזנ פירנ פונ א יידענע? איכ וועל, זאָג איכ, לעבנ מיט דיינ ווייבערשנ סייכל?"... אָט אינ אזעלכע שמועסנ גייט אוועק בא אונדז די נאכט. קוימ דערלעבט דעמ ערשטנ קריי פונעמ האָנ, הייב איכ מיכ אופ, דאוונ אָפּ, נעמ מיט זיכ די בייטש אונ לאָז מיכ אוועק מיסטאמע גלייכ צומ גאלעכ אינ הויפ אריינ. ווי זאָגט איר, א יידענע איז טאקע א יידענע, נאָר וווּהינ דענ האָב איכ געזאָלט גיינ? אינ דער ערד אריינ?..

בעקיצער, געקומענ צו אימ אינ הויפ אריינ, באגעגענענ

מיך די קלאָווים זײַנע מיט א שײנעם גוט-מאָרגן און ווילן מיך צורעכט מאכן די קאַפּאָטע און פארזוכן די ליטקע פון מײַנע יידישע פּיס, צי זיי זײַנען עפּעס גוט פאר זייערע הינטישע ציינר?.. א גליק, וואָס כ׳האָב ביטגענומען די בײַטש, האָב איך זיי געגעבן צו פארשטיין דעם פּאָסעק לוי יעכראַץ קע־לעוו לעשויני — נעכײַ סאָבאקא דאראָם נע ברעשע, דאָס הייסט: לאָז א הונט ניט בילן אומזיסט... אפ זייער געשריי מיט מײַן געפילדער איז ארויסגעלאָפן דער גאַלעך מיט דער גאַלעכטע, קוים צעטריבן די פריילעכע כאַליאַסטרע און ארײַנ־גערופן מיך אין שטוב ארײַן, מיך אופגענומען פאר זייער א שיינעם גאַסט, געוואָלט שטעלן פון מײַנעטוועגן דעם סאַמאָוואַר. זאָג איך, אז דער סאַמאָוואַר איז לאָוו דאפּקע, איך האָב מיט אים עפּעס צו רעדן, זאָג איך, אונטער פיר אויגן. האָט זיך דער קוימער אָנגעשטויסן, וואָס איך מיין, האָט א ווונק געטאָן צו זײַן פּלוויניסטע, זי זאָל מויכל זײַן צומאכן די טיר פון יענער זײַט — און איך בין צוגעטראָטן צום איניען גלײַך, אָן שום האקדאָמעס, ער זאָל מיר זאָגן קוידעם, צי גלייבט ער אין גאָט?.. און נאָכדעם זאָל ער מיר זאָגן, אויב ער פילט דעם טאַם, וואָס הייסט צעשיידן א טאַטן מיט א קינד, וואָס מען האָט דאָס ליב?.. און ווידער זאָל ער מיר זאָגן, וועלכס הייסט נאָך זײַן סייכל א מיצווע און וועלכס הייסט אַן אַווײרע?.. און נאָך א זאך וואָלט איך וועלן, ער זאָל מיר קלאָר מאכן: וואָס כאַר א פּאָנעם האָט בא אים א מענטש, וואָס כאַפּט זיך ארײַן צו יענעם אין שטוב ארײַן און וויל מאכן אַן איבערקערעניש, אי־בערשטעלן די בענקלעך, מיט די טישלעך, מיט די בעטן?..

אוואדע בלײַבט ער זיצן געפּלעפט און מאכט צו מיר: „טעוועל, זאָגט ער, ביסט א קלוגער מענטש, זאָגט ער, און נעמסט און שטעלסט אוועק, זאָגט ער, מיטאמאָל אזויפיל שײַ־לעס און ווילסט, זאָגט ער, איך זאָל דיר ענטפערן אין איין קלאַפּ? האָב צײַט, זאָגט ער, איך וועל דיר ענטפערן אַל רישן ווע אַל אַכרוין אַכרוין“... „ניין, זאָג איך צו אים, דו וועסט מיר, פּאָטערל געטרײַער, נישט ענטפערן דערוף קיינמאָל נישט. ווייסטו פארוואָס? ווײַל אַלע דײַנע מאכשאָוועס ווייס איך פון פריִער. דו ענטפער מיר, זאָג איך, בעסער דערויף: איך האָב נאָך א האָפענונג צו זען

מײַן קינד צוריק אָדער נײן?״... כאַפּט ער זיך אוף: „וואָס הײסט — צוריק? דײַן טאָכטער וועט כּאַלילע גאָרנישט געשען, אדעראבעו!״... „איך ווײס, זאָג איך, איך ווײס, איר ווילט זי מאכן גליקלעכ! איך רעד נישט פון דעם, זאָג איך; איך וויל וויסן, ווו איז ערגעצ מײַן קינד, און צי קאָן איך זיך מיט איר זען?״... „אלצדינג יאָ, מאַכט ער צו מיר, נאָר דאָס נישט״... „אָט אזוי זשע רעד, זאָג איך, דוואָרים ברורים, קורצע דיבורים! זײַ געזונט, זאָג איך, און לאָז דיר גאָט באצאָלן, זאָג איך, בעקײפּל-קיפלאַיִם!״...

און איך קום צו גײן אהײם און טרעפ מײַן גאָלדע ליגט צונויפגעקוטשעבורעט, ווי א שווארצער קנויל, אין בעט און האָט שוין מער קײן טרערן נית אין די אויגן. דופּ איך מיך אָן צו איר: „שטײ אוף, מײַן ווײַב, טו אויס, זאָג איך, די שיך, און לאָמיר זיך אוועקזעצן שיווע, אזוי ווי גאָט האָט גע-באָטן, אדויני נאָסאן אדויני לאָקאך — מיר זײַנען נישט די ערשטע, מיר זײַנען נישט די לעצטע. עלעהײ, לאָז זיך אונדז אויסדאכטן, זאָג איך, אז מיר האָבן קײנמאָל נישט געהאט קײן כאווע, אָדער לאָז זיך אונדז דאכטן, זאָג איך, עלעהײ האָדל, וואָס איז אוועק פון אונדז הינטער די האָרע-כוישעך, גאָט ווײסט, אויב מיר וועלן זי אמאָל זען... גאָט, זאָג איך, איז אַן אײל ראכום וועכאַנון, ער ווײסט, וואָס ער טוט!״...

אזוי רעד איך מיר אויס דאָס הארצ און פיל, אז די טרערן שטיקן מיך, שטײען מיר, ווי א בײן אין האלדז. נאָר טעוויע איז נית קײן ייִדענע. טעוויע האלט זיך אײַן! מאָלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אזוי, וואָרעם, ערשטנס, דער ביזאָיען!.. וועהאשײנים, ווי קאָן איך זיך אײַנהאלטן, אז מע פאדלירט לעבעדיקערהײט אזא קינד, אזא בארליאַנט, וואָס איז אזוי אײַנ-געבאקן אין הארצן אי בא מיר, אי בא דער מוטער, קימאַט מער ווי אלע קינדער, איך ווײס נית פארוואָס? עפּשער דער-פאר, וואָס זי האָט קינדווײַז זײער א סאך געקרענקט, איבער-געטראָגן אפּ זיך קאָל האצאָרעס שעבאָוילאָם; מיר זײַנען אמאָל אויסגעזעסן איבער איר גאנצע נעכט, עטלעכע מאָל אָפּגעשריגן, פּאָשעט אָפּגעשריגן פונעם טויט, אָפּגעכײַעטשעט, ווי מע כײַ-עטשעט אָפּ א קלײן צעטראָטן הינדעלע, וואָרעם, אז גאָט וויל,

מאכט ער פונ טויט לעבעדיק, ווי מיר זאָגנ אינ האלעל: ל ו י אָ מ ו ס ק י ע כ י ע — אז ס׳איז ניט באשערט שטארבנ, שטארבט מענ ניט... אונ עפשער איז דאָס דערפאר, וואָס זי איז א גוט קינד, א געטריַיס, האָט אונדז פונ טאָמיד אָנ ליב געהאט בײדנ דאָס כיעס מיט דער נעשאָמע. איַי די קאשע: ווי קומט דאָס, זי זאָל אונדז אזעלכס טאָנ? איז, ערשכנס, אונדזער מאזל אזוי. איכ ווייס ניט, וויאזוי איר — איכ גלייב אינ האזשגאָכע. וועהאשייניס, איז דאָס א קליפּע, אנ אָפּגעטאָנענע זאכ, הערט איר, א מינ קישעף! איר מעגט איַיכ לאכנ פונ מיר, אונ איכ זאָג איַיכ, אז איכ בינ גאָר ניט אזא גראָבער נאר, איכ זאָל גלייבנ אינ שרעטעלעכ, לייצים, דאָמעוויקעס אוכעדוימע אזעלכע שטוסעריַיענ: נאָר אינ קישעף, זעט איר, גלייב איכ, ווארעמ וואָס דענ איז דאָס, אז ניט קיינ קישעף? אָט וועט איר האָרכנ וויַיטער, וועט איר אליינ אויכ זאָגנ דאָס אייגענע...

בעקיצער, אז די הייליקע ספאָרימ זאָגנ: ב ע א ל ק אָ ר כ א כ אָ א ט אָ כ יַ — א מענטש נעמט זיכ ניט אליינ דאָס לעבנ, איז דאָס נישט אומזיסט, ס׳איז גאָר נישטאָ די מאקע אפ דער וועלט, וואָס זאָל זיכ ניט פארהיילנ, אונ אזא צאָרע, וואָס מע זאָל זי נישט פארגעסנ. דאָס הייסט, פארגעסנ פארגעסט זיכ נישט, נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ? אָ ד אָ מ ק א ב ע ה יי מ אָ נ י ד מ ע — א מענטש באדארפ ארבעטנ, האָרעווענ, פארשווארצט אונ אויסגעריסנ ווערנ צוליב דעמ שטיקל ברויט. מיר האָבנ זיכ גענומענ, וואָס טויג איַיכ, אלע צו דער ארבעט: מיַינ וויַיב אונ קינדער צו די קריגלעכ, איכ צומ פערד-אונ-וועגעלע, אונ א ו י ל אָ מ ק ע מ י נ ה אָ ג ו י — די וועלט בליַיבט ניט שטיינ. אָנגעזאָגט האָב איכ אינ שטוב, אז כאווע לוי יִזאָכער וועלוי יִפּאָקעד — נישטאָ כאווע! אויסגעמעקט — אונ שוינ! אונ כ׳האָב מיר צונויפגעשלאָגנ א ביסל מילכיקס, פרישע סכוירע אונ האָב מיכ געלאָזט קיינ בויבעריק צו מיַינע קוינים.

געקומענ קיינ בויבעריק — א סימכע, א געדולע! וואָס מאכט א ייד רעב טעוויע? פארוואָס זעט מענ איַיכ ניט? „וואָס זאָל איכ מאכנ? — זאָג איכ. — ס׳איז כ א ד י י ש י אָ מ י י נ ו ק ע ק ע ד ע מ — דער אייגענער שלימאזל, וואָס פריער, א בעהיימעלע, זאָג איכ, איז בא מיר געפאלנ“... „וואָס איז די מיַיסע, זאָגנ זיי, וואָס מיט איַיכ טרעפנ זיכ אלע ניסימ?“ אונ דער אוי-

לעם פרעגט מיך אויס, איטלעכער באזונדער, וואָס פאר א בע־היימעלע איז בא מיר געפאלן? וויפל האָט דאָס מיך געקאָסט? און וויפל בעהיימעלעך איז מיר נאָך געבליבן? און מע לאכט, מען איז פריילעך, ווי, געוויינטלעך, נעגידים מאכן זיך לוסטיק איבער אן אָרעמאן, א שלימאזל, נאָכן עסן, אז ס׳איז גוט אפן הארצן און אין דרויסן איז שיין און הייס און גרין, און עס גלוסט זיך דרימלען... טעוויע איז אָבער א מענטש, וואָס לאָזט זיך טרייבן קאטאָוועס. א קרענק וועט בא מיר יענער וויכן, וואָס בא מיר אפן הארצן טוט זיך! און אָפּגעפּארטיקט זיך מיט אלע קוינים, לאָז איך מיר צוריק מיט די ליידיקע קריג־לעך אהיים, איבערן וואלד, לאָז אָפּ דאָס פערדל, ס׳זאָל זיך גיין פּאַוואָליע און כאפּן ביגנייווע א שטשיפּל גראָז, און אליין פארטיפּ איך מיך אין מיינע מאכשאָוועס און געדאנקען, טראכט איבער פון וואָס איר ווילט: פונעם לעבן און פונעם טויט, פון דער וועלט און פון יענער וועלט, און וואָס איז אזעלכס וועלט, און וואָס לעבט א מענטש, אוכעדוימע אזעלכע זאכן, ביכדיי איך זאָל מיר צעשלאָגן די ראַיוינעס, דאָס הייסט, איך זאָל נישט קלערן פון איר, פון כאוועס הייסט עס. און ווי אפּ צולאָכעס, קריכט מיר אין קאָפּ אריין דאפקע זי, כאווע הייסט עס. זי קומט מיר אקעגן מיט איר געשטאלט, הויך און שיין און פריש, ווי א סאָסנע, אָדער גאָר ווי זי איז נאָך געווען א קליינינטשקע, א קראנקיטשקע, א פּעגירעלע, ווי אן אייפעלע בא מיר אפּ די הענט, דאָס קעפּל ארופגעוואָרפן אפּ מיינע פּלייצעס: „וואָס ווילסטו, כאוועלע? געבן דיר א שטיקעלע פּאפּע? א ביסעלע מאָני?״... און איך פארגעס אפּ א ווײַלע, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, און עס ציט מיר צו איר דאָס האַרץ, און די נעשאָמע נאָגט, בענקט נאָך איר... נאָר דערמאָן איך מיך, און עס גייט מיר איבער דער קויעך־האדאם, און א פייער צינדט זיך אָן בא מיר אין הארצן אפּ איר און אפּ אים און אפּ דער גאנצער וועלט און אפּ זיך אליין, פארוואָס איך קאָן זיך נישט פארגעסן אפּ קיין מינוט; פארוואָס זאָל איך זי נישט קאָנען אויסמעקן, ארויסרייסן פונעם הארצן? זי האָט דאָס דען בא מיר נישט פארדינט? דערופּ טאקע דארפּ טעוויע זיין א ייִד שעבעיִד, קאָל־יאָמאָוו פארשווארצט ווערן, אקערן מיט דער נאָז די ערד, מעגאדל זיין קינדער, ביכדיי זיי זאָלן

נאָכדעם נעמען מיט איינמאָל און אָפּרײַסן זיך מיט גוואלד, אָפּפאלן, ווי א שישקע פונעם בויִם, און פארטראָגן ווערן מיטן ווינט און מיטן רויך?.. אָט, לעמאָשל, — אזוי קלער איך מיר, — וואקסט א בוים, א דעמב אין וואלד, קומט צו גיין א נעפעש מיט א האק, נעמט אָפּ א צווײַג און נאָך א צווײַג און נאָך א צווײַג — וואָס איז דער בוים אָן די צווײַגן, מישטיינס-געזאָגט? נעם שוין בעסער, דו בען-אָדאָם, און האק אונטער דעם בוים אינגאנצן — און אן עק לאָז דאָס האָבן. צו וואָס זאָל סטאר-טשען א נאקעטער דעמב אין וואלד?!..

און אזויווי איך טראכט מיר אזוי די דאָזיקע מאכשאָוועס, דערפיל איך פּלוצעם, אז מײַן פערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט — סטאָפּ! וואָס איז דאָס? איך הייב אוף די אויגן, איך טו א קוק — כאווע!.. די אייגענע כאווע, וואָס פריִער, נישט געמי-נערט א האָר, אפילע די מאלבושים נישט איבערגעביטן!.. דאָס ערשטע, וואָס קומט מיר אפ די געדאנקען — איז אראָפּשפּרינ-גען פון וואָגן און ארומכאפּן זי קושן... נאָר באלד טוט מיך צוריק א צי א געדאנק: „טעוויע? וואָס ביסטו, א ייִדענע?“ און איך טו א צי דאָס פערדל: „וויאָ, שלימאזל!“ — און נעם מיך רעכטס. איך טו א קוק — מײַנע אויך רעכטס, מאכט עפּעס צו מיר מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: „שטיי א ווײַלע, איך דארף דיר עפּעס זאָגן“... און עס טוט זיך מיר א ריס אָפּ אינעווייניק און א צופּ באַם הארצן, און איך לאָז אָפּ הענט און פיס; אָט-אָט טו איך א שפּרונג אראָפּ פונעם וואָגן! נאָר איך האלט מיך אײַן, טו א צי דאָס פערדל און נעם מיך לינקס — מײַנע אויך לינקס, קוקט אפּ מיר מעשונע-ווילד, דאָס פּאָנעם טויט... וואָס טוט מען? — טראכט איך מיר. — זאָל איך בלײַבן שטיין, צי איך זאָל פאָרן ווײַטער? און איידער איך קוק מיך נאָך ארום — אהא, זי האלט שוין דאָס פערדל באַם צוים און מאכט צו מיר: „טאטע! זאָל איך שטארבן, אויב דו וועסט זיך רירן פונעם אָרט! איך בעט דיך, הער מיך אויס פריִער, טאטע-פּאָטערל!“... „ע! — טראכט איך מיר. — ווילסט מיך נעמען מיט גוואלד? ניין, נעשאָמע מײַנע! וויבאלד אזוי, איז א סימען, אז דו קענסט ניט דעם טאטן דײַנעם“... — און דאווײַ שמײַסן דאָס פערדל אפּ וואָס די וועלט שטייט. און מײַן פערדל פּאָלגט, שפּרינגט, נאָר עס דרייט צוריק

דעמ קאָפּ, מאכט בעשאס-מײַסע מיט די אויערנ, „וויאָ, זאָג איכ צו דעמ, אל טיסטאקייל בעקאנקאנ — קוק נישט, כאָכעמ מײַנער, אהינ, ווו מע דארפ ניט"... אונ אליינ, מיינט איר, ווילט זיכ מיר ניט אויסדרייענ דעמ קאָפּ צוריק אונ א קוק טאָנ, כאָטש איינ קוק טאָנ אהינ, אפ יענעמ אָרט, ווו זי איז שטיינ געבליבנ?.. נאָר ניינ, טעוויע איז ניט קיינ יִדענע. טעוויע ווייסט, וויִאזוי מענ איז זיכ נויהענ מיטנ סאָטנ מעקאטרייג...

בעקיצער, איכ וויל אײַכ נישט מער, ווי זאָגט ער, מײַויכיאָמימ זײַנ, אנ אווײרע אײַער צײַט. אויב ס'איז מיר באשערט געוועג כיבוט-האקייווער, בינ איכ שוינ געווויס דערמיט אָפּגעקומענ, אונ דעמ טאמ פונ גענעמ מיט קאפּעקאל, מיט די אלע איבעריקע געברענטע ליידנ, וואָס ווערנ באשריבנ בא אונדז אינ די הייליקע ספאָרימ, פרעגט מיכ, וועל איכ אײַכ זאָגנ! דעמ גאנצנ וועג, וואָס איכ פאָר, ווײַזט מיר אויס, אז זי לויפט מיר נאָכנ וואָגנ אונ שרײַט: „הער מיכ אויס, טאטע-פאָטער!"... אונ עס פליט מיר דורכ א געדאנק: „טעוויע! דו שטעלסט אפּ זיכ צופילו! וואָס וועט דיכ ארנ, אז דו וועסט זיכ אָפּשטעלנ אפּ א ווײַלע, אויסהערנ, וואָס וויל זי? עפּשער האָט זי דיר צו זאָגנ אזעלכס, וואָס דו דארפסט דאָס וויסנ? עפּשער, א קאשע אפּ א מײַסע, האָט זי כאראָטע אונ וויל זיכ אומקערנ צוריק? עפּשער ליגט זי בא אימ אינ דער ערד אונ בעט בא דיר, דו זאָלסט איר העלפנ ארויס פונ גענעמ?.. עפּשער אונ עפּשער אונ נאָכ א סאכ אזעלכע עפּשערס פליִענ מיר דורכ אינ קאָפּ, אונ זי שטעלט זיכ מיר פאָר אלס א קינד, אונ איכ דערמאָנ מיכ אָנעמ פּאָסעק „קעראכיימ אָוו אל באָנימ" — נישטאָ קיינ שלעכט קינד בא א טאטנ, אונ איכ פּײַניק מיכ, אונ איכ זאָג אפּ זיכ אליינ, אז איכ בינ אָסער לעראכעמ — נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיכ! וואָס? וואָס קאָכסטו, דו מעשוגענער אקשנ? וואָס טאראבאנעסטו? נעמ, דו אכזער איינער, פארקערעווע דאָס וועגעלע צוריק אונ בעט זיכ מיט איר איבער, זי איז דײַנ קינד. נישט קיינעמס!.. אונ עס קריכנ מיר אינ קאָפּ ארײַנ מעשונעמאָדנע מאכשאָוועס אונ געדאנקענ: וואָס איז דאָס אזעלכס ייִד אונ וואָס איז ניט-ייִד?.. אונ פארוואָס האָט גאָט באשאפנ ייִדנ אונ ניט-ייִדנ?.. אונ אז גאָט האָט שוינ יאָ בא-

שאפן יידן און ניט-יידן פאַרוואָס זשע זאָלן זיי זײַן אַזוי אָפּגע-טיילט איינס פון דאָס אַנדערע, נישט קאָנען אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע, גלײַך ווי דער איז פון גאָט און יענער איז ניט פון גאָט?.. און עס פאַרדריסט מיך, לעמײַ איך בין נישט אַזוי קלאָר, ווי אַנדערע, אין ספאָרים און אין ביכער, איך זאָל קאָנען געפינען דערויף עפּעס אַ רעכטן טערעץ.. און ביכדיי זיך צעשלאָגן די ראַיונעס, הייב איך אָן אָפּ אַ ניגן: אשריי יויש-ווי ווייסעכאָ אויר יעהאַלעלוכאָ סעלאָ! איך דאַוון, הייסט דאָס, מינכע אָפּ אַ קאָל און מיט אַ ניגן, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָר וואָס קומט אַרויס פונעם דאַוונען און פונעם זאָגן, אַז אינווייניק אין האַרצן זינגט זיך אַן אַנדער ניגן: „כ אַ - וו ע! כ אַ - וו ע!"... און וואָס איך זינג העכער דעם „אשריי", זינגט זיך מיר „כאַווע" נאָך העכער, און וואָס מער איך וויל זי פאַר-געסן, אַזוי מער און אַזוי שאַרפער שטייט זי מיר פאַר די אויגן, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער איר קאָל, ווי זי רופט צו מיר: „הער מיך אויס, טאַטע-פּאָטער!"... און איך פאַרשטעל מיר די אויערן, איך זאָל זי ניט הערן, און איך מאַך צו די אויגן, איך זאָל זי ניט זען, און איך זאָג די שמונה-עשרה און הער ניט, וואָס איך זאָג, און שלאָג זיך אָשאַמנו און ווייס ניט פאַרוואָס, און מײַן לעבן איז צעדרודערט, און אַליין בין איך צעדרודערט, און זאָגן זאָג איך ניט קיינעם פון מײַן באַ-געגעניש, און רעד נישט מיט קיינעם פון איר, און פרעג זיך ניט נאָך אָפּ איר בײַ קיינעם, כאָטש איך ווייס, איך ווייס גאַנץ גוט, ווו זי איז, און ווו ער איז, און וואָס זיי טוען, נאָר אַ מאַקע וועט בײַ מיר עמעצער וויסן. ניט דערלעבן וועלן דאָס מײַנע סאָנים, אַז איך זאָל מיך פאַר עמעצן באַקלאָגן. אָט אַזאַ מענטש איז טעוויע!..

איך וואָלט אַ באַלן געוועגן וויסן, צי אַלע מאַנצבלעגן זײַ-נען אַזוי צי נאָר איך בין אַזאַ מעשוגענער? אַשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, אַמאָל טרעפט זיך... איר וועט ניט לאַכן פון מיר? איך האָב מוירע, איר וועט לאַכן פון מיר... אַמאָל טרעפט זיך, איך טו מיך אָן אין דער שאַבעסדיקער קאַפּאָטע, און לאָז מיך צו דער באַן, און בין שוין גרייט זיך אופזעצן פאָרן אַהין, צו זיי, איך ווייס, ווו זיי זיצן... איך גיי צום קאַסיר און הייס מיר געבן אַ בילעט. פרעגט ער מיך: וווהין?

זאָג איך: קיין יעהופּעץ... זאָגט ער: אזא שטאָט איז בא מיר
נישט פאראן... זאָג איך: בין איך ניט שולדיק.., און איך קער
מיך אום צוריק אהיים, טו אויס די שאבעסדיקע קאפּאָטע און
נעם מיך צוריק צו דער ארבעט, צום ביסל מילכיקס און צום
פעורד-און-וועגעלע, ווי שטייט דאָרטן: א י ש ל ע פּ אָ ל ו י ווע-
אָ ד אָ מ ל ע א ו ו ו י ד אָ ס ו י — דער שניידער צו דער שער און דער
שוסטער צום ווארשטאט... איאָ, איר לאכט פון מיר? וואָס
האָב איך אייך געזאָגט? איך ווייס אפילע, וואָס איר טראכט;
איר טראכט זיך: „אָט דער טעוויע איז טאקע עפּעס נאָר א כו-
שים!”... דערפאר רעכן איך, אז אד קאנ אוימרים ב ע-
ש א ב ע ס ה א ג אָ ד ל — ס׳זאָל זיין הייַנטיקס מאָל גענוג, הייסט
עס... זייט מיר געזונט און שטארק און שרייבט בריוולעך. נאָר,
לעמאן-האשעם, ניט פארגעסן, וואָס כ׳האָב אייך געבעטן: אז
ס׳זאָל זיין פּאסעך שין שא, איך מיין, איר זאָלט ניט מאכן
דערפון קיין ביכל. און אויב עס וועט אייך אויסקומען שרייבן,
זאָלט איר שוין שרייבן פון אן אנדערן, ניט פון מיר; אָן מיר
פארגעסט, ווי אין פּאָסעק שטייט: וו א ׃ ש ק אָ כ יי ה ו — אויס
טעוויע דער מילכיקער!..

געשריבן אין יאָר 1906

# שפּרינצע

— אײַך קומט א גרויסן, א ברייטן שאָלעם-אלייכעם, פּאני שאָלעם-אלייכעם, — אלייכעם וועאל בנייכעם! א שאָק מיט יאָרן, אז מיר האָבן זיך ניט געזען! ווײ-ווײ, וויפל וואַסערן עס זײַנען אָפּגעלאָפן! וויפל אנגסטן מיר ביידע און קאָל ייִסראָעל זײַנען אויסגעשטאנען אין די עטלעכע יאָר: א קעשעניעוו, א קאָנסטיטוציע, מיט פּאָגראָמען, מיט צאָרעס, מיט שלעק — אַכ טי ריבוינע-שעל-אוילעם, גאָטעניו נאש!.. מיר איז נאָר א כידעש אף אײַך, האָט קיין פּאריבל ניט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, איר זײַט דאָך נישט גערוקט אף א האָר, קיין אײַנהאָרע, קיין אײַנהאָרע! טוט אָבער א קוק אף מיר: האדיי אני קעוועס שיווים — איך בין נאָך ניט אלט קיין זעכציק, און זעט, ווי ווײַס טעוויע איז געוואָרן! ס'א ווערטעלע צאַר-גידל-באָנים, וואָס מע האָט פון קינדער! און ווער האָט נאָך אזויפיל צאַר-גידל-באָנים פון קינדער וויפל איך? מיך האָט געטראָפן א נײַער שלאק מיט מײַנע א טאָכטער שפּרינצע, וואָס גייט איבער אלע צאָרעס, וואָס איך האָב ווען איבערגעהאט ביז אהער. און זעט, פונדעסטוועגן, גאָרנישט, מע לעבט, ווי שטייט דאָרטן: בעאל קאָרכאכאָ אטאָ כײַ — כאָטש ווער צעזעצט, סאָנע-ציִען, זינגענדיק דאָס לידל:

> וואָס טויג מיר מײַן לעבן, וואָס טויג מיר מײַן וועלט,
> אז כ'האָב נישט קיין מאזל, אז כ'האָב נישט קיין געלט?..

בעקיצער, וויִאזוי שטייט דאָרט אין פּיירעק: ראָצאָ האַקאָדויש באָרוכ-הו לעזאקויס — גאָט האָט געוואָלט א טויווע טאָן זײַנע ייִדן, האָט מען אָנגעשיקט אף אונדז אַן אומגליק, א צאָרע, א קאָנסטיטוציע! אײַ, א קאָנסטיטוציע! עס איז געקומען מיטאמאָל א מעהומע אף אונדזערע נעגידים, א לויפעניש פון יעהופּעץ קיין אויסלאנד, קלוימערשט אין די

ווארעמע בעדער, נערווג, זאלצ-ביטלעכ, נעכטיקע טעג... אונ וויבאלד מע צעפּאָרט זיכ פונ יעהופּעצ, איז בויבעריק מיט איר לופט אונ מיט איר וואלד אונ מיט אירע דאטשעס טיפּ-טיפּ אינ דער ערד, ווי מיר זאָגנ אינ באָרוכ-שעאָמאר: ב א ָ - ד ו כ מ ע ר א כ ע מ א ל ה א ָ ר ע צ!.. נאָר וואָס דענ? ט'איז דאָכ אָבער דאָ א גרויסער גאָט אפ דער וועלט, וואָס גיט אכטונג אפ זײַנע אָרעמעלײַט נעבעכ, זיי זאָלנ זיכ נאָכ א ביסל מוטשענ אפ דער וועלט, האָבנ מיר געהאט א זומער — אײַ-אײַ-אײַ! איז מענ זיכ צונויפגעלאָפנ צו אונדז קיינ בויבעריק פונ אָדעס, אונ פונ ראָסטאָוו אונ פונ קאטערינעסלאוו, אונ פונ מאָלעוו, אונ פונ קעשעניעוו אלפיי-אלאָפים נעגידימ, גווירים אדירימ! אפּאָנעמ, אז דאָרט איז די „קאָסנעטוציע” נאָכ שטארקער, ווי בא אונדז אינ יעהופּעצ, וואָרעמ מע לויפט, מע הערט ניט אופ צו לויפנ. אײַ, די קאשע: וואָס לויפנ זיי עפּעס צו אונדז? איז דער טערעצ: לעמײַ אונדזערע לויפנ צו זיי? ס'איז שוינ בא אונדז געוואָרנ, באָרעכ-האשעמ, אזא מינהעג, אז עס קומט די צײַט, וואָס מע הייבט אָנ רעדנ פונ פּאָגראָמענ, הייבנ יידנ אָנ צו לויפנ פונ איינ שטאָט אינ דער אנדערער, ווי אינ פּאָסעק שטייט: וו א ָ ס ו וו א י א כ נ ו, וו א י א כ נ ו וו א ָ ס ו — איז די טײַטש: פּאָר דו צו מיר, וועל איכ פּאָרנ צו דיר... דערווײַל איז בויבעריק, וואָס ארט אײַכ, געוואָרנ א קראכ, אָנגעפּאקט מיט מענטשנ, ווײַבער אונ קינדער,. אונ ווו קינדער האָבנ ליב פּיקנ, אונ מילכיקס דארפ מענ, אונ ווו קריגט מענ מילכיקס, אז ניט בא טעוויענ? וואָס טויג אײַכ, טעוויע איז ארײַנ אינ דער מאָדע. פונ אלע זײַטנ: טעוויע אונ טעוויע! רעב טעוויע, אהער! רעב טעוויע, צו מיר! אז גאָט וויל, וואָס פרעגט איר?

ווײַהי האיומ, טרעפט זיכ א מײַסע, ערעוו-שוועס איז דאָס געווענ, קומ איכ צו פאָרנ מיט א ביסל מילכיקס צו אייער פונ מײַנע קוינעטעס, א יונגע אלמאָנע אונ א רײַכע פונ קאטערינעסלאוו, וואָס איז געקומענ צו פאָרנ מיט איר זונדל, אראָנטשיק הייסט ער, קיינ בויבעריק אפנ זומער; אונ דאָס פארשטייט איר דאָכ אליינ, אז דאָס ערשטע באקאנטשאפט אירס אינ בויבעריק איז געווענ מיסטאמע מיט מיר. „מע האָט מיר גערעקאָמענדירט, זאָגט זי, די אלמאָנע הייסט

דאָס, אז בא אײַך איז דאָס בעסטע מילכיקס". "ווי קאָן דאָס זײַן אנדערש? — זאָג איך צו איר, צו דער אלמאָנע, הייסט דאָס. — ניט אומזיסט, זאָג איך, זאָגט שלוימע האמעלעך, אז א גוטער נאָמען לאָזט זיך הערן, ווי א שויפער, איבער דער גאנצער וועלט, און אויב איר ווילט, זאָג איך, וועל איך אײַך דערציילן, וואָס עס זאָגט דערוף דער מעדרעש". שלאָגט זי מיך איבער, די אלמאָנע הייסט דאָס, און זאָגט צו מיר, אז זי איז אַן אלמאָנע, און איז אין די זאכן, זאָגט זי, נישט געניט. זי ווייסט ניט, מיט וואָס מען עסט דאָס... דער איקער, זאָגט זי, אז די פּוטער זאָל זײַן פריש, און דער קעז זאָל זײַן געשמאַק... נו, גייט רעדט מיט א נעקייווע!..

בעקיצער, איך האָב אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו דער קאַטע-רינעסלאַווער אלמאָנע, וואָס אַרט אײַך, צוויי מאָל אין דער וואָך; אלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, פּינקטלעך, ווי א לועך, אַראָפּגעטראָגן דאָס ביסל מילכיקס, גאָרנישט אָנגעפרעגט זיך, ציִ מע דאַרף, ציִ מע דאַרף ניט, געוואָרן בא איר א היימי-שער מענטש, ווי געוויינטלעך, אָנגעהויבן זיך צוקוקן, וויאַזוי עס פירט זיך בא איר, אַרײַנגעשמעקט אין קיך אַרײַן, געזאָגט א פּאָר מאָל, וואָס איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן, דאָס ערשטע מאָל, געוויינטלעך, געכאַפּט א פּסאָק פון דער דינסט, איך זאָל זיך ניט מישן, ניט אַרײַנקוקן אין פרעמדע טעפּ, דאָס אנדערע מאָל האָט מען זיך צו מײַנע ווערטער צוגעהערט און דאָס דריטע מאָל טאַקע געהאַלטן זיך מיט מיר אַן אייצע, וואָרעם זי האָט אַרויסגעזען, די אלמאָנע הייסט דאָס, ווער טעוויע איז. אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז זי האָט מיר אַנטפּלעקט איר צאָרע, איר קרענק, איר אומגליק — אַראָנטשיק! סטײַטש, ער איז שוין א באָכער פון עטלעכע און צוואנציק יאָר, זאָגט זי, און ווייסט נאָר פערדלעך, נאָר לאָסיפּעדן, נאָר כאַפּן פיש-לעך, און ווײַטער, זאָגט זי, ווייסט ער גאָרנישט! ער וויל נישט הערן, זאָגט זי, פון געשעפט, פון געלט; ס'איז אים גע-בליבן פון זײַן טאַטן, זאָגט זי, א שיינע ירושע, קימאַט א מיליאָן. ער זאָל דאָס אפילע, זאָגט זי, אַרײַנשמעקן! עס ווייסט נאָר אויסברענגען, זאָגט זי, אַן אָפענע האַנט בא אים! "ווו איז ער, זאָג איך, דער באָכער? איר גיט אים נאָר, זאָג איך, אהער צו מיר, איך וועל מיך מיט אים א ביסל, זאָג

איך, דורכשמועכנ, אימ זאָגנ א ביסל מוסער, א פּאָר פּסוקימ, ברענגענ א מעדרעש״... לאכט זי: „ווייס איך וואָס, זאָגט זי, איר ברענגט אימ בעסער א פערדל, ניט קיינ מעדרעש!״...

בעסויכ-קאכ, אזוי ווי מיר ריידנ אזוי, וואַיאָווי האַ-יעלעד — קומט אָנ דער באָכער, אראָנטשיק הייסט דאָס, א באָכערעצ א סאָסנע, א געזונטער יונגאטש, בלוט אונ מילכ, אונ א ברייטנ פּאס טראָגט ער, איכ בעט איבער אײַער קאָ-וועד, אפּ די הויזנ, מיט א זייגערל ארײַנגעשטעקט אָט דאָ אינ גארטל, מיט פארקאטשעטע ארבל אריבער די עלנבויגנס. „ווו ביסטו געוועג?״ פרעגט אימ די מוטער. „זיכ געשיפּט מיט א שיפל, זאָגט ער, געכאפּט פּיש״... „א שיינע אוודע, זאָג איכ, פּאר אזא באָכערל, ווי איר; דאָרט אינ דער היימ וועט מענ אײַכ צעטראָגנ, זאָג איכ, די ביינער, אונ איר דאָ וועט כאפּנ פּישלעכ!״ איכ טו א קוק אפּ מײַנ אלמאָנע — רויט ווי א צוויק, אלערליי פארבנ. זי האָט געוויס גערעכנט, אז איר בענ וועט מינאסטאמ אָנעמענ מיכ פארנ קאָלנער בעיאָד כא-זאָקאָ אכאס, אונ וועט מיר געבנ בעויסויס אוועמויפּסימ שטא-ימ — צוויי פּעטש הייסט עס, אונ וועט מיכ ארויסווארפנ קע-כערעס האנישבאָר. בלאָטע! טעוויע האָט פאר אזעלכע זאכנ קיינ מוירע ניט! איכ, אז איכ האָב עפּעס, זאָג איכ!

קאכאווע. מײַנ באָכער, אז ער האָט דערהערט פונ מיר אזעלכע דיבורימ, איז ער גאָר אָפּגעטראָטנ א ביכל, פארלייגט די הענט ארונטער, מיכ באטראכט פונ סאמע קאָפּ ביז צו די שפּיצ פיס, ארויסגעלאָזט עפּעס א מאָדנעמ פײַפ אונ האָט זיכ פּלוצעמ אזוי צעלאכט, אז מיר ביידע האָבנ מוירע געהאט, צי איז דער באָכער, כאָלילע, ניט מעשוגע געוואָרנ אפּ א מינוט? אונ וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ — מיר זײַנענ פונ דעמלט אָנ גע-וואָרנ מיט אימ כאווער, די בעכטע גוטע פרײַנט! איכ מוז אײַכ זאָגנ: מיר איז דער באָכער געפעלנ וואָס ווײַטער אלצ מעדער; אפילע א שארלאָט אונ אנ אויסברענגער, אונ א האנט שוינ צו אנ אָפּענע, אונ א שטיקל כושימ דערצו. לעמאָשל, באגעגענע אנ אָרעמאנ, ארײַנלייגנ די האנט אינ קעשענע, ארויסנעמענ אונ אוועקגעבנ, נישט געציילט. ווער טוט עס?.. אָדער אראָפּנעמענ פונ זיכ א גוטנ פּאליטאָ, א גאנצנ, א נײַעמ, אונ אוועקגעבנ יענעמ — אז מע שמועסט א כושעמדיקער!.. א גאָטס

דאכמאָנעס געווענ אפ דער מוטער! זי פּלעגט זיך מיר קלאָגנ: וואָס טוט מענ? אונ בעטנ מיך, ז'יך זאָל מיט אימ א ביסל שמועסנ. האָב איך איר צוליב געטאָנ: וואָס וועל איך איר זשאַלעווענ? עס קאָסט מיך געלט? אונ איך האָב מיך אוועקגעזעצט אונ איך האָב אימ דערציילט מײַסעס, געבראָקט מעשאָלימ, געריבנ פּסוקימ, געהאקט מעדראָשימ, אזוי ווי טעוויע קאָנ. אונ ער האָט דאפקע ליב געהאט מיך אויסהערנ, אויספרעגנ, וויאזוי איך לעב, וויאזוי איך פיר מיך אינ דער היימ? „איך וואָלט א באלנ געווענ, זאָגט ער, זײַנ בא אײַך אמאָל, רעב טעוויע!“... זאָג איך צו אימ: „אז מענ איז א באלנ זײַנ בא טעוויענ, נעמט מענ, זאָג איך, אונ מע פּאָרט זיך דורך אמאָל צו מיר אינ כוטאָר ארײַנ; איר האָט דאָך, זאָג איך, גענוג פערדלעך, מיט לאָסיפּעדנ. פאר נויט, זאָג איך, זײַט איר ניט קליינ זיך דורכגיינ מיט די ראגלאימ, ס'איז ניט ווײַט, זאָג איך, מע דארפ נאָר דורכשנײַדנ, זאָג איך, דעמ וואלד“... „ווענ, זאָגט ער, זײַט איר אינ דער היימ?“ „מיך קאָנ מענ טרעפנ, זאָג איך, אינ דער היימ נאָר שאבעס אָדער יאָמטעוו. שאט, זאָג איך, ווייסט איר וואָס? אָט האָבנ מיר, אימירצעשעמ, איבעראכטאָג פרײַטיק שוועס; אויב איר ווילט, זאָג איך, מאכנ א שפּאציר צו אונדז אינ כוטאָר ארײַנ, וועט אײַך מײַנ ווײַב, זאָג איך, מעכאבעד זײַנ מיט מילכיקע בלינצעס אזעלכע, אשער לוי בלינצו אווויסיינו בעמיצראימ!“ פרעגט ער מיך: „וואָס הייסט דאָס? איר ווייסט דאָך, זאָגט ער, אז איך בינ אפ פּסוקימ שוואך“... „איך ווייס, זאָג איך, אז איר זײַט שוואך; איר זאָלט געווענ, זאָג איך, לערנענ אינ כיידער, אזוי ווי איך, וואָלט איר, זאָג איך, אויך געוווּסט מא דעקאָאמרע רעבעצנ“... לאכט ער אונ מאכט צו מיר: „גוט, איר האָט מיך, זאָגט ער, פאר א גאסט; איך קומ, זאָגט ער, צו אײַך, רעב טעוויע, דעמ ערשטנ טאָג שוועס, מיט א פּאָר באקאנטע אפ בלינצעס, נאָר איר זאָלט זענ, זיי זאָלנ זײַנ, זאָגט ער, הייס!“ „אייש-לעהאָוואָ, זאָג איך, מײַנ האָסאָפאָ אולעכוצ — פונ דער סקאָווערדע גלײַך אינ מויל ארײַנ!“... אונ איך קומ צו פאָרנ אהײַמ אונ רופ מיך אָנ צו מײַנער: „גאָלדע, זאָג איך, מיר האָבנ געסט אפ שוועס!“ זאָגט זי: „מאזלטאָוו דיר, ווענ איז?“

זאָג איך: „דאָס וועסטו וויסן שפּעטער; דו גרייט נאָר צו אייער, זאָג איך, קעז און פּוטער איז דאָ, באָרעכ-האשעם, געגוג; וועסט מאכן בלינצעס, זאָג איך, פאר דרייַ פארשוינ, נאָר אזעלכע פארשוינען, זאָג איך, וואָס האלטן פון דער אכילע און הייבן נישט אָן צו וויסן, זאָג איך, וואָס ראשע מאכט"... „אוואדע, זאָגט זי, שוינ צוגעטשעפּעט זיך א שלי-מאזל פון הונגעריקן לאנד?" „ביסט א בעהיימע, זאָג איך, גאָלדע! ערשטנס, וואָלט נישט געווען, זאָג איך, אזא אומגליק, ווען מיר זאָלן, כאָלילע, אָנהאָדעווען, זאָג איך, אן אָרעמאנ מיט שוועסדיקע בלינצעס; וועהאשייניס, זאָג איך, זייַ וויסן, זוגאָסי האיעקאָראָ האצנואָ וועהאכאסידאָ מאָראס גאָלדע שע-טיכיע, אז איינער פון אונדזערע שוועסדיקע געסט וועט זייַנ דער אלמאָנעס זונדל, זאָג איך, אָט דער, וואָס מע רופט אים אראָנטשיק. איך האָב דיר דערציילט פון אים". „אויב אזוי, זאָגט זי, איז עפּעס אנדערש"... דער קויעכ פון מיליאָנען! אפילע מייַנ גאָלדע, אז זי דערשמעקט געלט, ווערט זי גאָר אנ אנדער מענטש. ס'איז אזא וועלט, וואָס זאָלט איר קלערנ? ווי שטייט דאָרטנ אינ האלעל: קעסעפ וועזאָהאָוו מאאסיי יעדיי אָדאָם — געלט באגראָבט א מענטשנ...

בעקיצער, ס'איז געקומענ דער ליכטיקער גרינער יאָמטעוו שוועס. ווי שיינ, ווי גרינ, ווי ליכטיק און ווארעם בא מיר אינ כוטאָר איז, אז עס קומט שוועס, באדארפ איך אייַך ניט דערציילנ. דער גרעסטער גוויר בא אייַך וואָלט זיך ווינטשנ האָבנ אזא בלויענ הימל, מיט אזא גרינעם וואלד, מיט אזעלכע שמעקנדיקע סאָסנעס, מיט אזא מעכייַעדיקנ גראָז, פּאשע פאר די בעהיימעלעכ, וואָס שטייענ און קייַענ און קוקנ אייַך אינ די אויגנ ארייַנ, ווי איינער רעדט: „גיט אונדז נאָר אלעמאָל אזא גראָז, קיינ מילכ וועלנ מיר אייַך ניט זשאלעווענ!"... ניינ, זאָגט אייַך, וואָס איר ווילט, גיט מיר די בעסטע פאר-נאָסע, איך זאָל ארויספאָרנ פון דאָרפ אינ שטאָט ארייַנ, וועל איך מיט אייַך ניט בייַטנ. וווּ האָט איר אינ שטאָט אזא הימל? ווי זאָגנ מיר אינ האלעל: האשאָמאַיִם שאָמאַיִם לאדויניי — ס'איז א הימל פון גאָט!.. אינ שטאָט, אז איר פארייַסט דעם קאָפּ, וואָס זעט איר? א מויער, א דאכ, א קוי-מענ, אָבער ווּו האָט איר דאָרט אזא בוים? און טאָמער האָט

זיך פארוואלגערט ערגעצ בא אײַך א ביימעלע, האָט איר דעם אָנגעטאָן פונ אויבנ א קאפּאָטע!.. אקלאל, זיי האָבנ זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּוואונדערנ, מײַנע געסט, אז זיי זײַנענ געקומענ צו מיר שוועס אינ כותאָר ארײַנ. אָנגעקומענ זײַנענ זיי אלע פיר באָכערים, רײַטנדיק אפּ פערדלעכ, סוסים איינס-אונ-איינס! אונ ווער שמועסט ארקאָנטשיק — איז געזעסנ אפּ א פערדל, זאָג איכ אײַכ, א סוס, אנ עמעסער מערינ! איר קויפט אימ ניט פאר קיינ דרײַ הונדערט קארבנ! „באָרעכ-האבאָ, געסט! — זאָג איכ צו זיי. — לעקאָוועד שוועס, זאָג איכ, זײַט איר דאָס געקומענ רײַטנדיק? נישקאָשע, זאָג איכ, טעוויע איז נישט פונ די גרויסע צאדיקימ, אונ אז מע וועט אײַכ זאָג, איכ, אימירצע-שעמ, שמײַסנ אפּ יענער וועלט, וועט מיר ניט וויי טאָנ... עי, גאָלדע! זע נאָר, עס זאָלנ זײַנ פארטיק די בלינצעס, אונ לאָז מענ, זאָג איכ, ארויסטראָגנ דעמ טיש אהערצו אינ דרויסנ ארויס, איכ האָב, זאָג איכ, אינ שטוב גאָרנישט וואָס צו ווײַזנ פאר די געסט... עי, שפרינצע! טײַבל!ביילקע! ווו זײַט איר דאָרט? רירט זיכ!“... אָט אזוי קאָמאנדעווע איכ מיט די קינדער, אונ עס ווערט ארויסגעטראָגנ א טיש, מיט בענק-לעכ, מיט א טישטעכ, מיט טעלער, לעפלענ, גאָפּלענ, זאלצ, — אונ טאקע באלד נאָכ דעמ קומט אָנ גאָלדע מיט די בלינצעס, הייסע, זודיקע, פונ דער סקאָווערדע, מעכײַעדיקע, פעטע, קע-צאפּיכיס בידוואָש! אונ מײַנע אָרכימ קאָנענ זיכ גאָר נישט אָפּלויבנ פונ די בלינצעס...

„וואָס שטייסטו, זאָג איכ צו גאָלדענ, נעמ, זאָג איכ, כא-זער איבער דעמ פּאָסעק נאָכאמאָל, ס'איז הײַנט, זאָג איכ, שוועס, דארפ מענ, זאָג איכ, זאָגנ צוויי מאָל „אוידכאָ“! אונ מײַנ גאָלדע פוילט זיכ ניט, פּילט אָנ דעמ פּאָלומעסעק נאָכאמאָל, אונ שפרינצע דערלאנגט די בלינצעס צומ טיש. פלוצעמ, איכ טו א קוק אפּ מײַנ ארקאָנטשיקנ, איכ זע, ער האָט זיכ פארקוקט אפּ מײַנ שפרינצענ — ער לאָזט נישט אראָפּ קיינ אויג פונ איר! וואָס האָט ער אפּ איר אזעלכס דערזענ?.. „עסט, זאָג איכ צו אימ, פארוואָס עסט איר נישט?“... מאכט ער צו מיר: „וואָס דענ טו איכ?“ „איר קוקט, זאָג איכ, אפּ מײַנ שפרינצענ“.. ווערט א געלעכטער, אלע לאכנ, אונ מײַנ שפרינ-צע לאכט אויכ. אונ ס'איז אלעמענ פריילעכ, אלעמענ גוט —

א גוטער, א פריילעכער שוועס אף אלעמען!.. גיי טרעף, אז פון דער פריילעכקייט וועט זיך אויסלאָזן א צאָרע, א שלאק, א יעלאָלע, א גאָטס שטראָף אף מיין קאָפּ, גאר היינט און פארפינצטערט בין איך געוואָרן!.. נאָר עט! א מענטש איז א נאר! א מענטש א בארדאס טאָר זיך ניט צולאָזן צום הארצן און דארף פארשטיין, אז אזוי ווי עס איז, אזוי באדארף צו זיין, וואָרעם ווען עס זאָל באדארפן זיין אנדערש, וואָלט דאָך עס ניט געווען אזוי ווי עס איז! זאָגן מיר דען ניט אין טילים: האשלייך אל אדוינוי — פארלאָז דיך נאָר אף גאָט, ער וועט שוין מאכן אזוי, אז דו זאָלסט ליגן טיף, ניין איילן אין דער ערד, און באקן בייגל, און נאָך זאָגן: גאם זו לעטויווא! הערט, וואָס עס קאָן זיך פארלויפן אף א וועלט, נאָר מיט קאָפּ, וואָרעם דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע מייסע.

ווייַהי ערעוו ווייַהי בויקער — איינמאָל פארנאכט קום איך צו פאָרן אהיים א צעבראָטענער פונעם טאָג און אן אויסגעמוטשעטער פונעם ארומלויפן איבער די דאטשעס אין בויבעריק, טרעף איך בא מיר אין דרויסן בא דער שטוב צוגעצוימט צו דער טיר א באקאנט פערד, איך וואָלט געמעגט שווערן, אז ס'איז אראָנטשיקס סוס, דער מערין, וואָס איך האָב אים דעמלט אָפּגעשאצט אין דריי הונדערט קארבן. גיי איך צו צום סוס און דערלאנג אים מיט איין האנט א פּליאסק פון הינטן און מיט דער אנדערער האנט א קראַץ פון פאָרנט אין האלדז און א טרייסל איבער דער גריווע. „יעדידי, זאָג איך צו אים, שיינער באָכער מיינער! וואָס טוסטו דאָ?" דרייט ער אויס צו מיר די כיינעווודיקע מאָרדע און טוט א קוק אף מיר מיט די קלוגע אויגן, ווי איינער רעדט: „וואָס פרעגט איר מיך? פרעגט מיין באלעבאָס"... און איך קום ארײַן אין שטוב און טו א נעם מיין ווייַב: „זאָג מיר נאָר, גאָלדע-קרוינ, וואָס טוט דאָ אראָנטשיק?" ענטפערט זי מיר: „פונוואנען זאָל איך וויסן? ער איז דאָך פון דיינע לייַט!" „ווו איז ער ערגעץ?" „ער איז, זאָגט זי, געגאנגען מיט די קינדער אין וועלדל אפּן שפּאציר"... „וואָס איז פּלוצעם גאָר פּאר א שפּאציר?" — זאָג איך צו מיין ווייַב און הייס מיר געבן עסן. אָפּגעגעסן, באטראכט איך מיך: „וואָס ביכטו, טעוויע, אזוי אופגעטראָגן?

אז א מענטש קומט צו דיר צוגאסט, באדארף מען זײַן אזוי
אָנגעדרודלט? אדעראבע"... און ווי איך טראכט מיר אזוי, איך
טו א קוק — מײַנע מיידלעך גייען מיטן כעוורעמאן, האלטן אָנ-
געריסענע קווייטן, פריִער גייען די צוויי ייִנגערע, טײַבל און
ביילקע, און הינטן — מײַן שפרינצע מיט אראָנטשיקן... „גוטן-
אָוונט!" „גוט-יאָר!" מײַן אראָנטשיק שטייט מיר אזוי עפּעס
מאָדנע, גלעט דאָס פערד, האלט א גרעזל אין מויל און רופט
זיך אָן צו מיר: „רעב טעוויע! איך וויל מיט אײַך מאכן א
געשעפט, לאָמיר זיך בײַטן מיט די פערדלעך". „איר האָט
נישט געפונען, זאָג איך, פון וועמען צו לאכן?" מאכט ער צו
מיר: „ניין, איך מיין דאָס ערנסט". „אזוי, זאָג איך, איר
מיינט דאָס ערנסט? וויפל, לעמאָשל, קאָסט אײַער סוס?" „אין
וויפל, זאָגט ער, שאצט איר אים?" „איך שאץ אים, זאָג איך,
איך האָב מוידע, אויב ניט דרײַ הונדערט קארבונים, און עפּ-
שער מיט א סמיטשיק". צעלאכט ער זיך און זאָגט, אז ער
קאָסט מער פון דרײַ מאָל אזויפיל, און רופט זיך אָן צו מיר:
„נו? מאכן מיר א בײַט?" מיר איז דער שמועס ניט געפעלן:
וואָס הייסט, ער וועט אויסבײַטן זײַן סוס אף מײַן שלימאזל!..
זאָג איך צו אים, אז ער זאָל אָפּלייגן דאָס געשעפט אף אן
אנדערשמאָל, און איך פרעג אים אין א שפּאס: צי איז
ער טאקע צוליב דעם געקומען? אויב אזוי, איז אן אווייִרע,
זאָג איך, די הויצאָעס... ענטפערט ער מיר גאנץ ערנסט: „גע-
קומען בין איך צו אײַך, אייגנטלעך, מיקויעך אן אנדער זאך;
זײַט זיך מאטריִעך, אויב איר ווילט, וועלן מיר א ביסל שפּא-
צירן". וואָס פאר א שפּאציר איז דאָס אף אים אָנגעקומען? —
טראכט איך מיר, און לאָז מיך גיין מיט אים צום וועלדל צו.
די זון האָט זיך לאנג געזעצט, דאָס גרינע וועלדל זעט שוין
אויס טונקל, די זשאבעס פון דער גרעבליע קראקען, און דאָס
גראָז שמעקט מעכײַע-נעפאָשעס! אראָנטשיק גייט, און איך גיי,
ער שווײַגט, און איך שווײַג. נאָכדעם שטעלט ער זיך אָפּ, טוט
א הוסט און מאכט צו מיר: „רעב טעוויע! ווי וואָלט איר,
אשטייגער, געזאָגט, ווען איך זאָל אײַך זאָגן, אז איך
האָב ליב אײַער שפּרינצע און אז איך וויל זי נעמען פאר
א קאלע?" „וואָס איך וואָלט געזאָגט? — זאָג איך. — איך
וואָלט געזאָגט, אז מע זאָל א מעשוגענעם אויסמעקן און

אײַכ אַרײַנשטעלנ"... קוקט ער מיכ אָנ אונ מאכט צו מיר:
„וואָס הײסט?" זאָג איכ: „אָט דאָס הײסט!"... זאָגט ער: „איכ
פארשטײ אײַכ ניט". זאָג איכ: „איז א סימענ, אז איר זײַט
ניט איבעריק קלוג, ווי איכ פּאָסעק, זאָג איכ, שטײט: כאָכאָמ
אײנאָוו בערוישוי, דאָס מײנט: א קלוגנ זאָגט מענ אפּנ
ווונק, א נאר גיט מענ מיטנ שטעקנ"... מאכט ער צו מיר ווי בא-
רויגעזלעכ: „איכ רעד צו אײַכ פּראָסט, אונ איר ענטפערט מיר
מיט כאָכמעס אונ מיט פּסוקימ!" זאָג איכ: „איטלעכער כאזנ
זינגט אזוי, ווי ער קאָנ, אונ יעדער באל-דארשנ דארשנט פונ
זײַנעטוועגנ; אויב איר ווילט וויסנ, וואָס פאר א באל-דארשנ
איר זײַט, רעדט איבער פריִער מיט אײַער מוטער, זי וועט אײַכ
שוינ, זאָג איכ, קלאָר מאכנ אקוראט"... „האלט איר מיכ, זאָגט
ער, אפּאָנעמ, פאר א ייִנגעלע, וואָס דארפ זיכ אָנפרעגנ בא
דער מאמע?"... געוויס, זאָג איכ, דארפט איר זיכ אָנפרעגנ בא
דער מאמע, אונ די מאמע וועט אײַכ געוויס זאָגנ, אז איר
זײַט א כושימ, אונ וועט זײַנ גערעכט"... „אונ וועט זײַנ גע-
רעכט?" — מאכט ער. „געוויס, זאָג איכ, וועט זי זײַנ גערעכט,
וואָרעמ וואָס פאר א כאָסנ זײַט איר, זאָג איכ, פאר שפּרינצענ?
וואָס פאר א גלײַכנ איז מײַנ שפּרינצע צו אײַכ? אונ דער אי-
קער, זאָג איכ, וואָס פאר א מעכוטנ בינ איכ מיט אײַער מו-
טער?"... „אויב אזוי, מאכט ער צו מיר, האָט איר שוינ, רעב
טעוויע, א גרויסנ טאָעס! איכ בינ נישט קײנ ייִנגעלע פונ אכצנ
יאָר, אונ זוכ נישט קײנ מעכוטאָנימ פאר מײַנ מוטער, אונ ווײס,
ווער איר זײַט, אונ ווער אײַער טאָכטער איז, אונ זי געפעלט
מיר, אונ אזוי וויל איכ, אונ אזוי וועט דאָס זײַנ!"... „האָט
קײנ פאריבל ניט, זאָג איכ, וואָס איכ שלאָג אײַכ איבער; איכ
זע, זאָג איכ, אז מיט אײנ צאד זײַט איר שוינ פארטיק; זײַט
איר, זאָג איכ, באוואָרנט אויכ מיטנ אנדערנ צאד?"... זאָגט ער
צו מיר: „איכ ווײס ניט, וואָס איר מײנט"... זאָג איכ: „איכ
מײנ דאָס די טאָכטער מײַנע, שפּרינצענ. מײנ איכ, צי האָט איר
שוינ, זאָג איכ, מיט איר עפּעס גערעדט, אונ וואָס, זאָג איכ,
זאָגט זי?"... ווערט ער אזוי ווי באליידיקט אונ מאכט צו מיר
מיט א שמײכל: „וואָס פאר א פראגע איז דאָס? געוויס האָב
איכ, זאָגט ער, מיט איר גערעדט, אונ ניט אײנ מאָל — עטלעכע
מאָל, איכ קומ, זאָגט ער, אהער אלע טאָג"... איר הערט? ער

קומט אהער אלע טאָג, און איך ווייס נישט!.. „בעהיימע בעצורעס מענטש! באדארף מען דאָך דיר געבן קיין שטרוי, טעוויע! אז דו וועסט זיך לאָזן אזוי פירן אין באָד אריין, וועט מען דאָך דיך קויפן און פארקויפן, דו פערדאטש איינער!"... אזוי טראכט איך מיר און גיי מיט אראָנטשיקן צוריק. און ער גע- זעגנט זיך אָפּ מיט מײַן כעוורע, כאפּט זיך ארויף אפן סוס, און האָלאָך מוישע-מאָרדכע — מארש קיין בויבעריק...

אצינד וועלן מיר, ווי זאָגט איר דאָס אין אײַערע ביכ- לעך, איבערלאָזן דעם בענמעלעך און זיך נעמען צו דער באס- מאלקע, צו שפרינצען הייסט עס... „זאָג מיר, טאָכטער, וואָס איך וועל דיך פרעגן, זאָג איך: דערצייל מיר נאָר, זאָג איך, וואָס דער אראָנטשיק האָט מיט דיר אָפּגעשמועסט מיקויעך אזא זאך, זאָג איך, גאָר אָן מײַן וויסן?"... ענטפערט עפּעס אָט דער בוים? אזוי ענטפערט זי! געוואָרן רויטלעך, אראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי א קאלע, אָנגענומען א פולן מויל מיט וואסער — און שא!.. בא! — טראכט איך מיר. — ווילסט ניט רעדן איצט, וועסטו רעדן שפּעטער א ביסל... טעוויע איז ניט קיין יידענע; ער האָט צײַט! און איך ווארט איבער א ווײַלע, ווי זאָגט מען, יאָווי יוימאָ, און טשא- טעווע אויס די מינוט, וואָס איך בלײַב מיט איר אליין, און רופ מיך אָן צו איר: „שפרינצע, זאָג מיר, וואָס איך וועל דיך פרעגן: קענסטו אים כאָטש, אָט דעם אראָנטשיקן?"... זאָגט זי: „געוויס קען איך אים"... „ווייסטו, זאָג איך, אז ער איז א סווישטשון?"... פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט דאָס א סווישטשון?" זאָג איך איר: „א פוסט ניסל, וואָס סע פײַפט"... זאָגט זי: „האָסט א טאָעס, ארנאָלד איז א גוטער מענטש"... „ער הייסט שוין, זאָג איך, בא דיר ארנאָלד, ניט אראָנטשיק דער שארלאטאן?" זאָגט זי: „ארנאָלד איז ניט קיין שארלאטאן, ארנאָלד האָט א גוט הארץ; ארנאָלד, זאָגט זי, געפינט זיך אין א שטוב פון פארדאָרבענע מענטשן, זאָגט זי, וואָס ווייסן נאָר געלט און געלט"... „אזוי, זאָג איך, ביסטו שוין, שפרינצע, אויך געוואָרן אן אופגעקלערטע פילאָזאָפקע און האָסט שוין אויך פײַנט געקריגן געלט?"...

בעקיצער, איך זע ארויס פון דעם שמועס, אז עס האלט שוין בא זיי ווײַטלעך, און כאפּן צוריק איז שוין א ביסל צו

שפּעט. וואָרעם איך קען מײַנע לײַט. טעוויעס טעכטער, האָב
איך אײַך געזאָגט שוין אַמאָל, ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, אַז
זיי קלעפּן זיך אײַן אין אַ מענטשן, איז מיטן גאַנצן לעבן,
מיטן כּיעס, מיט דער נשמה! און איך טראַכט מיר: „שויטע!
לעמײַ זאָלסטו וועלן זײַן, טעוויע, גער כאָכעם פון דער גאַנ-
צער וועלט? עפּשער איז דאָס אַ גאָטס זאַך? עפּשער איז דאָס
באַשערט, אַז דאַפֿקע דורך אָט דער שטילינקער שפּרינצע זאָלסטו
געהאָלפֿן ווערן, באַלוינט ווערן פֿאַר אַלע דײַנע קלעפּ און ווײַ-
טיקן, וואָס דו האָסט ביז אַהער איבערגעטראָגן, האָבן אַ גוטן
עלטער און וויסן אַמאָל פֿון אַ לעבן אויף דער וועלט?
עפּשער איז דיר באַשערט האָבן אַ טאָכטער אַ מיליאָנשטשיצע?
וואָס איז? סע שטייט דיר ניט אָן?.. ווו שטייט דאָס געשריבן,
אַז טעוויע דאַרף זײַן אייביק אַ קאַפּצן, אייביק אַרומשלעפּן
זיך מיטן פֿערדל און מיט קעז און פּוטער צוליב די יעהופּעצער
נגידים, זיי זאָלן האָבן וואָס צו פֿרעסן?.. ווער ווייסט, עפּשער
איז מיר אָנגעצייכנט געוואָרן פֿון אויבן, אַז איך זאָל אויף דער
עלטער עפּעס מעסאַקן זײַן אויף דער וועלט, ווערן אַ בעל-צדקה
און בעל-מאַכניס-אורחים און עפּשער גאָר אוועקזעצן זיך מיט
ייִדן לאַמדים און לערנען טוירע?”... אַזעלכע און אַזעלכע רײַכע,
גאָלדענע מאַכשאָוועס קריכן אין קאָפּ אַרײַן, ווי אין „יעהו
כוויד” שטייט געשריבן: ר ב ו ת מ ח ש ב ו ת ב ל ב
א י ש — זאָגט אַ גוי, לעהאַווידל: „דורענ דומקאָיו באָגאַטיעט!”...
און איך קום אַרײַן אין שטוב אַרײַן, און איך נעם אַוועק מײַן
אַלטע און מאַך מיט איר אַ שמועס: „וואָס וואָלט זײַן, קעדוימע
לעמאָשל, זאָג איך, ווען אונדזער שפּרינצע זאָל זײַן אַ מיליאָנ-
שטשיצע?”... פֿרעגט זי מיך: „וואָס הייסט דאָס אַ מיליאָנ-
שטשיצע?”... זאָג איך: „אַ מיליאָנשטשיצע הייסט אַ מיליאָנשטשיקס
אַ ווײַב”... פֿרעגט זי מיך: „וואָס הייסט אַ מיליאָנשטשיק?” זאָג
איך איר: „אַ מיליאָנשטשיק הייסט אַ מענטש, וואָס פֿאַרמאָגט
אַ מיליאָן”... פֿרעגט זי מיך: „וויפֿל איז דאָס אַ מיליאָן?”
זאָג איך: „אַז דו ביסט אַזאַ בהמה און ווייסט ניט, וויפֿל
איז אַ מיליאָן, הײַנט וואָס האָב איך מיט דיר צו רעדן?” זאָגט
זי: „ווער בעט דיך, זאָלסט רעדן?” — איז זי אויך גערעכט.
בקיצור, עס גייט אַוועק אַ טאָג, איך קום צו פֿאָרן
אַהיים: „געווען אָראַנטשיק?” — ניין, נישט געווען... עס גייט

אוועק נאָכ א טאָג. „געוועג דער באָכער?״ — ניינ, נישט געוועג... איכ זאָל ארײַנגיינ צו דער אלמאָנע מיט אנ אויסרייד, פאסט מיר ניט; איכ וויל ניט, אז זי זאָל מיינענ, אז טעוויע שלאָגט זיכ נאָכנ שידעכ... אונ אגעוו האָב איכ געפילט, אז איר באדארפ עס זײַנ קעשוישאנאָ בײַנ האכויכימ — ווי א פינפטער ראָד צומ וואָגנ. האגאמ איכ פארשטיי ניט פארוואָס? בײַשער איכ האָב ניט קיינ מיליאָנ? האָב איכ דאָכ איצטער א מעכוטענעסטע א מיליאָנשטשיצע! אונ זי וועמענ האָט פאר א מעכוטנ? — א יידנ אנ אָרעמאנ, א קאפצנ, א טעוויע דעמ מילכיקנ; הײַנט ווער איז מער ייכעס, איכ צי זי?.. איכ וועל אײַכ זאָגנ דעמ ריינעמ עמעס, איכ האָב אָנגעהויבנ וועלנ דעמ שידעכ, נישט אזוי צוליב דעמ שידעכ, ווי צוליב ניצאָכנ אליינ. „א רועכ אינ זייער פאָטער אונ מוטער ארײַנ, די יעהופעצער גווירימ, לאָזנ זיי וויסנ, ווער טעוויע איז!.. ביז אהער האָט מענ מער ניט געהערט נאָר בראָדסקי אונ בראָדסקי, גלײַכ ווי די איבעריקע זײַנעג גאָר קיינ מענטשנ ניט!״...

אזוי טראכט איכ מיר, פאָרנדיק אהיימ פונ בויבעריק, אונ קומ אהיימ, גייט מיר מײַנע אקעגנ מיט א געדולע: „א שאָליעכ, אנ אָרל איז נאָרוואָס געווענ פונ בויבעריק, פונ דער אלמאָנע, זאָלסט לעמאנ-האשעמ באלד קומענ צו פאָרנ אהינ, עס מעג זײַנ אפ דער נאכט, זאָלסטו שפאנענ דאָס פערדל אונ קומענ צו פאָרנ, מע דארפ דיכ דאָרט זייער נייטיק האָבנ!״... „וואָס האָט זיי, זאָג איכ, אזוי אָנגעשפארט? וואָס האָבנ זיי, זאָג איכ, אזוי קיינ צײַט ניט?״ אונ איכ כאפ א קוק אפ מײַנ שפרינצענ — זי שווײַגט, נאָר די אויגנ אירע רעדנ, אוי רעדנ זיי! קיינער פארשטייט ניט איר הארצ, אזוי ווי איכ... איכ האָב די גאנצע צײַט מוירע געהאט, א קאשע אפ א מײַסע, טאָמער לאָזט זיכ אויס דערפונ א בוידעמ, האָב איכ אפ אימ, אפ דעמ אראָנטשיקנ, אויסגערעדט, וואָס איכ האָב געקאָנט, אז ער איז אזוי, אונ ער איז אזוי — איכ האָב אָבער געזענ, אז ס׳איז אנ ארבעס אינ וואנט, מײַנ שפרינצע גייט אויס ווי א ליכט. האָב איכ אײַנגעשפאנט צוריק מײַנ פערד-אונ-וועגעלע אונ האָב מיכ געלאָזט שוינ פארנאכטלעכ קיינ בויבעריק. פאָרנדיק אזוי, טראכט איכ מיר: „וואָס קאָנענ זיי מיכ רופנ מיט אזא מינ אימפעט? ווענג א וואָרט? ווענג א קנאסמאָל? וואָלט ער דאָכ גע-

קאָנט קומען צו מיר, דאכט זיך, דערווייל בין איך דער אוי׳ האקאלע?״ און איך אליין צעלאך מיך פון דעם געדאנק: ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אז דער נאָגיד זאָל גיין צום קאפצן? סיידן ס׳זאָל שוין ווערן עק וועלט, מאָשיעכס צייטן, אזוי ווי די יונגעלייטלעך, די ווייסעכעוו־רעניקעס ווילן מיך איינריידן, אז באלד וועט קומען א צייט, וואָס דער נאָגיד מיטן קאפצן וועלן זיין גלייך, שעלי שעלאָך, שעלאָך שעלי, מיינס דיינס, דיינס מיינס, העפקער ציבעלעס! דאכט זיך, א קלוגע וועלט — און אזעלכע בעהיימעס! עך־עך־עך!..

מיט די דאָזיקע געדאנקען בין איך אָנגעקומען קיין בוי־בעריק און פארפאָרן גלייך אַפ דער דאטשע צו דער אלמאָנע, אוועקגעשטעלט דאָס פערדל, — ווו איז די אלמאָנע? נישטאָ קיין אלמאָנע! ווו איז דער באָכער? — נישטאָ קיין באָכער! ווער זשע האָט מיך גערופן? „איך האָב אייך גערופן!״ — אזוי מאכט צו מיר א קייַלעכיק געפאקט יידל מיט אן אויס־געפליקט בערדל און מיט א גראָבער גאָלדענער קייט אפן בייכל. „ווער זשע, זאָג איך, זייט איר?״ זאָגט ער: „איך בין דער אלמאָנעס א ברודער און אראָנטשיקס א פעטער... מע האָט מיך, זאָגט ער, ארויסגערופן מיט א דעפעשע פון קאטערינעס־לאוו, און איך בין נאָרוואָס געקומען צו פאָרן״... „וויבאלד אזוי, נאט זשע אייך אַפ שאָלעם״, — זאָג איך און זעצ מיך אוועק. דערזעען, אז איך האָב מיך אוועקגעזעצט, מאכט ער צו מיר: „זיצט״. זאָג איך: „א דאנק, איך זיץ שוין. וואָס זשע מאכט איר, זאָג איך, וויאזוי איז בא אייך, זאָג איך, די קאָ־סנעטוציע?״ ענטפערט ער מיר דערויף גאָרנישט ניט, צעלייגט זיך אַפ א וויגשטול, די הענט אין די קעשענעס, שטעלט ארויס די גאָלדענע קייט מיטן בייכל און מאכט צו מיר בעזע האלאָשן: „אייך רופט מען, דאכט זיך, טעוויע?״... „יאָ, זאָג איך, צו דער טוירע, אז מע רופט מיך אוף, רופט מען מיך אוף: „יאמויד רעב טעוויע, בערעב שנייער־זאלמען״... „הערט אויס, מאכט ער צו מיר, רעב טעוויע, וואָס איך וועל אייך זאָגן: וואָס טויג אונדז לאנגע דיבורים? לאָמיר, זאָגט ער, גיין גלייך צום איניען, געשעפט הייסט עס״... „מאכטייסע, זאָג איך, שלוימע האמעלעך האָט שוין לאנג געזאָגט: לאקויל זמאנ —

ווען מע דארף רעדן געשעפט, איז געשעפט... איך בין, זאָג איך, א געשעפטסמאַן"... „דאָס זעט מען, זאָגט ער, אז איר זײַט א געשעפטסמאַן, דערפאַר וויל איך טאקע מיט אײַך רעדן סאָכריש; איך וויל, איר זאָלט מיר זאָגן, אָבער אָפּן געשמועסט, וויפל וועט דאָס אונדז קאָסטן ארום און ארום?.. אָבער אָפּן געשמועסט!"... „אויב, זאָג איך, אָפּן געשמועסט, ווייס איך ניט, וואָס איר רעדט"... „רעב טעוויע! — מאכט ער צו מיר נאָכאמאָל און וויל נישט ארויסנעמען די הענט פון די קעשענעס. — איך פרעג אײַך, זאָגט ער, וויפל וועט אונדז קאָסטן ארום און ארום די כאַסענע?" „עס ווענדט זיך, זאָג איך, וואָס פאר א כאַסענע איר מיינט? אויב איר מיינט א גרויסארטיקע כאַסענע, ווי אײַך שטייט אָן, בין איך, זאָג איך, ניט אימשטאַנד"... שטעלט ער אָן אָפּ מיר א פּאָר אייגאַיִם און מאכט צו מיר אזוי: „אָדער איר מאכט זיך טאמעוואַטע, אָדער איר זײַט טאקע א טאם... כאָטש אפילע, זאָגט ער, איר זעט ניט אויס פון קיין טאם, ווארעם איר זאָלט זײַן, זאָגט ער, א טאם, וואָלט איר ניט אַרײַנגעשלעפּט, זאָגט ער, מײַן פלימעניק אין א בלאָטע, אים פארבעטן צו זיך קלוימערשט אָפּ שוועסדיקע בלינצעס, אים אונטערגעשטעלט דאָרט א שיין מיידל, צי יאָ א טאָכטער צי ניט קיין טאָכטער, איך גיי ניט אַרײַן, זאָגט ער, אזוי ווײַט, און זי האָט זיך אים פארליובעט, זאָגט ער, דאָס הייסט, זי איז אים געפעלן, נו, און ער איר אוואַדע, פון דעם, זאָגט ער, רעדט מען ניט, איך וועל אײַך ניט זאָגן, זאָגט ער, עס קאָן זײַן, זי איז אַן אָרנטלעכ קינד און מיינט דאָס נעבעך ערנסט, איך גיי נישט אזוי ווײַט... איר טאָרט אָבער ניט פארגעסן, זאָגט ער, ווער איר זײַט און ווער מיר זײַנען? איר זײַט דאָך, זאָגט ער, א ייִד א בארדאָס, ווי קאָנט איר, זאָגט ער, גאָר דערלאָזן אזעלכס, אז טעוויע דער מילכיקער, וואָס פירט אונדז קעז און פּוטער, זאָל ער זײַן אונדזער מעכוטן?.. אײַ, זיי האָבן זיך, זאָגט ער, געגעבן איינס דאָס אנדערע דאָס וואָרט? וועלן זיי דאָס נעמען צוריק! קיין גרויס אומגליק, זאָגט ער, שטייט ניט דערבײַ. טאָמער דארף עפּעס קאָסטן, זאָגט ער, זי זאָל אים ארויסלאָזן פון וואָרט, מאכעטייסע, מיר האָבן, זאָגט ער, גאָרנישט קעגן דעם. א מיידל איז נישט קיין באָכער, זאָגט ער, צי א טאָכטער צי ניט קיין טאָכטער, זאָגט ער,

איכ וויל גאָר אזוי ווײַט נישט ארײַנגײנ", זאָגט ער... „ריבוינע-שעל-אוילעמ! — טראכט איכ מיר — וואָס וויל דער ייִד?.. אונ ער הערט נישט אופ צו רעדנ איבער מײַנ קאָפּ: איכ זאָל גאָר ניט דענקענ, זאָגט ער, טאָמער וועט מיר געראָטנ מאכנ א סקאנדאל, אויספּויקנ אומעטומ, אז זײַנ פּלימעניק, זאָגט ער, האָט זיכ געשאדכנט צו טעוויע דעמ מילכיקנס טאָכטער... אונ איכ זאָל זיכ ארויסשלאָגנ פונעמ קאָפּ, זאָגט ער, אז זײַנ שוועסטער איז א מענטש, וואָס קאטאָרי מע קאָנ פונ איר פּאָמפּענ געלט... מיט גוטנ, זאָגט ער, מאכעטייסע, קאָנ מענ, זאָגט ער, נעמענ בא איר עטלעכע קערבלעכ; עלעהיי, זאָגט ער, א נעדאָווע... מענ איז דאָכ, זאָגט ער, מענטשנ, וואָס קאטאָרי, מע דארפ אמאָל אויסהעלפנ א מענטשנ...

בעקיצער, איר ווילט וויסנ, וואָס איכ האָב אימ געענטפערט? איכ האָב אימ, אז אָכ אונ ווי איז מיר, גאָרנישט געענטפערט. ס'איז מיר געוועזנ, ווי זאָגט איר, טידבאק לעשוינ י — עס האָט מיר ווי אָפּגענומענ דאָס לאָשנ! איכ האָב זיכ אופגעהויבנ, זיכ אויסגעדרייט מיטנ פּאָנעמ צו דער טיר — אונ נישטאָ מיכ!.. ווי פונ א סרייפע האָב איכ מיכ ארויסגעכאפּט, ווי פונ א טורמע!.. עס האָט מיר געזשומעט אינ קאָפּ, געשעמערירט אינ די אויגנ אונ געטורקעט אינ די אויערנ די ווערטער פונ דעמ ייִדנ: „אָפּנ געשמועסט"... „א טאָכטער, ניט קיינ טאָכטער"... „אנ אלמאָנע אפ צו פּאָמפּענ"... „עלעהיי א נעדאָווע"... אונ בינ צוגעגאנגענ צו מײַנ פערד-אונ-וועגעלע, ארײַנגעלייגט דאָס פּאָנעמ אינ בריטשקע ארײַנ אונ — איר וועט ניט לאכנ פונ מיר? — אז איכ האָב מיכ צעוויינט, האָב איכ געוויינט אונ געוויינט! אונ אז איכ האָב מיכ גוט אויסגעוויינט אונ געזעסנ אפ דער בריטשקע אונ אײַנגעטיילט מײַנ פערדל, נעבעכ, וויפל ס'איז אינ אימ ארײַנ, האָב איכ ערשט דעמלט געפרעגט בא גאָט א קאשע, אזוי ווי איעוו האָט אמאָל געפרעגט: וואָס האָסטו, גאָטעניו, אזעלכס דערזענ אינ דעמ אלטנ איִעווג, וואָס דו לאָזט אימ ניט אָפּ אפ קיינ מינוט? ס'איז שוינ מער ניטאָ קיינ ייִדנ אפ דער וועלט? אונ איכ קומ צו פאָרנ אהיימ, טרעפ איכ מײַנ כאליאסטרע, קיינ אײַנהאָרע, פריילעכ. מענ עסט וועטשערע, נאָר איינ שפּרינצע איז נישטאָ! „ווו איז שפּרינצע?" — פרעג איכ. „וואָס הערט זיכ, זאָגנ זיי מיר, וואָס האָט מענ דיכ גערופנ?"

זאָג איך נאָכאמאָל: „ווו איז שפּרינצע?״... ענטפערן זיי מיר נאָכא-
מאָל: „וואָס הערט זיך?״... זאָג איך: „גאָרניט, וואָס זאָל זיך
הערן? ס׳איז, דאַנקען גאָט, עפּיל, פון פּאַראָמען הערט מען
ניט״... בא די ווינטער קומט אָן שפּרינצע, טוט מיר א קוק
אין די אויגן אריין, זעצט זיך אוועק צום טיש, גלייך ווי ניט
זי מיינט מען, ניט פון איר רעדט מען... אפן פּאָנעם בא איר קאָן
מען נישט דערקענען גאָרנישט, נאָר דאָס שטילקייט אירס איז שוין
צופיל, כוץ לעדערעך האטעווע... הײַנט געפעלט מיר ניט
דאָס זיצן אירס פארטראכט און דאָס פאָלגן אירס, וואָס מע הייסט
איר; זאָגט מען איר: זיץ — זיצט זי; זאָגט מען איר: עס —
עסט זי; הייסט מען איר גיין — גייט זי. און אז מע טוט זי
א רוף, טוט זי זיך א וואָרף... איך קוק אף איר, און עס פאר-
קלעמט מיר דאָס הארץ, און עס ברענט אין מיר א פײַער — אף
וועמען ווייס איך ניט... אך טי ריבוינע-שעל-אוילעם, עלויהיינו
נאָש! פארוואָס שטראָפסטו מיך אזוי, פאר וועמענס זינד?!

בעקיצער, איר ווילט וויסן דעם סאָף? אזא סאָף וויל איך
נישט ווינטשן דעם ערגסטן סוינע, און מע טאָר עס גאָר ניט
ווינטשן, וואָרעם די קלאָלע פון קינדער איז די ערגסטע קלאָלע
פון דער טויכעכע! פונוואַנען ווייס איך, אז מיך האָט עמעצער נישט
פארשאָלטן מיט קינדער? איר גלייבט ניט אין די זאכן? וואָס
זשע דען איז דאָס? אדעראבע, לאָמיר האָרכן פון אײַך... נאָר
צו וואָס נוצן אונדז כקירעס? אמער, הערט דעם סאָף, וואָס
איך וועל אײַך דערציילן. איינמאָל פארנאכט פאָר איך אהיים פון
בויבעריק מיט א גוט הארץ: בארעכנט נאָר דעם פארדראָס, דעם
ביזאָיען; הײַנט דעם ראכמאָנעס פון קינד!.. און די אלמאָנע,
וועט איר פרעגן? און דער זון? — ווער מיר אלמאָנע? וואָס
מיר זון? אוועקגעפאָרן און אפילע זיך ניט געזעגנט! ס׳איז
א בושע אויסצוזאָגן: ס׳איז געבליבן שטיין בא מיר אף זיי א
שטיקל כויוו פאר קעז און פוטער... נאָר איך רעד נישט פון
דעם, מיסטאמע האָבן זיי פארגעסן... איך רעד פונעם געזע-
גענען זיך: אוועקגעפאָרן און אפילע זיך ניט געזעגנט!..
וואָס דאָס קינד, נעבעך, האָט איבערגעטראָגן — דאָס האָט ניט
געוווּסט קיין בען-אָדאָם, אכוץ מיר, וואָרעם איך בין א טאטע,
א טאטנס הארץ פילט... טאָמער מיינט איר, אז זי האָט מיר געזאָגט
אפילע כאָצי-דיבער? באקלאָגט זיך? אָדער געוויינט אמאָל? ע!

קענט איר דאָך ניט טעוויעס טעכטער! שטיל, אין זיך, איינגע-גאנגען, געצאנקט ווי א ליכט! ווען-ניט-ווען ארויסגעכאפט זיך מיט א זיפצ, נאָר אזא מין זיפצ, וואָס רייסט ארויס אָט אזא שטיק הארצ! אקלאל, פאָר איך מיר אזוי מיט מיין פערדל אהיים, פארטיפט אין טרויעריקע מאכשאָוועס און געדאנקען, פרעג קא-שעס באם ריבוינע-שעל-אוילעם און ענטפער מיר אליין. און עס ארט מיך שוין ניט אזוי אפ גאָט — מיט גאָט האָב איך מיך שוין ווי-עס-איז איבערגעבעטן; מיך ארט אפ מענטשן: לעמיי זאָלן מענטשן זיין אזוי שלעכט, אז זיי קאָנען זיין גוט? פארוואָס זאָלן מענטשן פארביטערן דאָס לעבן אי יענעם אי זיך, אז זיי האָבן בעיאד לעבן זיס און גליקלעך? געשיקט זיך עס, אז גאָט האָט באשאפן דעם מענטשן צוליב דעם, ער זאָל אָפּקומען אפ דער וועלט?.. וואָס האָט דאָס אים געניצט?.. מיט אזעלכע גע-דאנקען פאָר איך אריין צו מיר אין כוטאָר אריין, און דערזע פונדערווייטן, בא דער גרעבליע, איז אָנגעלויפ פון מענטשן, גויים, גויעס, שיקסעס, שקאָצים און קליינע שקאָצימלעך אָן א שיר. וואָס קאָן דאָס זיין? קיין סריפע ניט; מיסטאמע א דערטרונקענער, עמעצער האָט זיך געבאָדן בא דער גרעבליע און געפונען דעם טויט. קיינער ווייסט ניט, ווו דער מאלעכ-האמאָוועס וואַרט אפ אים, ווי מיר זאָגן אין „אונעסאנע-טויקעף"... פלוצעם זע איך מיין גאָלדע לויפט, די שאל צעלאָזט, די הענט ארויסגעשטעלט אפ צופריער, און פאר איר מיינע קינדער, טייבל אוןביילקע, און אלע דריי מיט א געשריי, מיט א יע-לאָלע, מיט א יאָמער: „טאָכטער! שוועסטער! שפרינצע!"... אראָפּ-געשפרונגען פון דעם וואָגן, ווייט איך ניט, וויאזוי איך בין ניט צעשפרונגען געוואָרן, און אז איך בין צוגעלאָפן צום טייך איז שוין געווען נאָך אלע האיעמס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן?.. יאָ! האָט איר געזען ווען א געטרונקענעם? קיינמאָל נישט?.. א מענטש, אז ער שטארבט, שטארבט ער מייסטנטיילס מיט צוגעמאכטע אויגן... בא א געטרונקענעם זיינען די אויגן אָפן — ווייסט איר נישט דעם סייכל, פארוואָס דאָס איז?.. האָט קיין פאריבל נישט, איך האָב בא אייך צוגענומען צייט, און אליין איז מען אויך גע-

בונדן: מע דאַרף גיין צום פערדל און מע מוז צעפּירן דאָס ביסל סכוירע. די וועלט איז אויך א וועלט. מע מוז אין זי-נען האָבן א קערבל אויך — און פאַרגעסן, וואָס ס'איז געווען. וואָרעם דאָס, וואָס די ערד דעקט צו, מוז, זאָגט מען, פאַר-געסן ווערן, און אז מען איז א לעבעדיקער מענטש, קאָן מען די נעשאָמע ניט אויסשפּײַען, עס העלפט ניט קיין כאָכ-מעס, און מיר מוזן זיך אומקערן צוריק צום אַלטן פּאָסעק, אז קאָלומאַנ שעהאנעשאָמאָ בעקירבי, איז פאַר ווײַטער, טעוויעו!.. זײַט מיר געזונט, און אז איר וועט מיך דערמאָנען, זאָלט איר מיך ניט דערמאָנען צו בייזן.

געשריבן אין יאָר 1907

# טעװיע פֿאָרט קײן ערעץ-ייִסראָעל

דערצײלט פֿון טעװיע דעם מילכיקן, פֿאָרנדיק אין באַן

— סקאָצל קומט! װאָס מאַכט אַ ייִד, רעב שאָלעם-אַלײכעם? אָט אַ גאַסט! אַפֿילע נישט געכאָלעמט זיך! נאַט זשע אײַך אָפּ שאָלעם-אַלײכעם. איך האָב מיר אָבער אַלץ געטראַכט און געטראַכט: װאָס איז די מײַסע, װאָס מע זעט אים נישט אַזאַ צײַט, ניט אין בױבעריק, ניט אין יעהופּעץ? אַ קאַשע, װאָס סע מאַכט זיך: עפּשער האָט ער אָפּגעזאָגט די עטלעכע גילדן און אַריבערגעפּעקלט זיך אַהין, װוּ מע עסט ניט קײן רעטעך מיט שמאַלץ? און צוריק טראַכט איך מיר: געשיקט זיך עס, זײ זאָלן טאָן אַזאַ נאַרישקײַט? זײ זײַנען דאָך עפּעס אַ מענטש אַ באַר-דאַס, כ׳לעבן! נו, דאַנקען האַשעם-ייִסבאָרעך, װאָס מע זעט זיך געזונט, װי שטײט דאָרט אין פּאָסעק: טוראָ בעטוראָ — אַ מענטש מיט אַ מענטשן... איר קוקט מיך אָן, פּאַני, גלײַך, װי איר װאָלט מיך נישט דערקענט? דאָס בין איך, אײַער אַלטער גוטער פֿרײַנט טעװיע. אַל טיסטאַקײל בעקאַנקאַן — קוקט נישט, װאָס אַ ייִד גײט אין אַ נײַער קאַפּאָטע. דאָס איז דער אײגענער שלימאַזל טעװיע װאָס אַמאָל, נישט געמינערט אַ האָר; נישמער, מע טוט זיך אָן שאַבעסדיק, זעט מען אױס אַ ביסל דאָכיקער, מײַסע נאָגיד, װאָרעם, אַז מע פֿאָרט אַרױס צװישן מענטשן, קאָן מען אַנדערש ניט, אױבּיפֿראַט, אַז מע פֿאָרט אַזאַ װײַטע נעסיִע, קײן ערעץ-ייִסראָעל, אַ קלײניקײַט? איר קוקט מיך אָן און טראַכט זיך, װי קומט דאָס אַזאַ קלײן מענטשעלע, װי טעװיע, װאָס האָט קאָל-יאָמאָװ געהאַנדלט מיט מילכיקס, זאָל גאָר האָבן אַזאַ האַסאָגע, װאָס קאָן זיך פֿאַרגינען, אָפּ דער עלטער סײַדן, אַ מין בראָדסקי? גלײבט מיר, פּאַני שאָלעם-אַלײכעם, ס׳איז קולע מוקשע — דער פּאָסעק איז רעכט אַרום און אַרום. רוקט נאָר אָװעק, זײַט מוחל, אײַער טשעמאָדאַנטשיקל אַ ביסל אַהין, װעל איך מיך

אוועקזעצן אקעגן אײַך און װעל אײַך דערציילן א מעשׂה, װעט איר האָרכן, װאָס גאָט קאָן.

בעקיצער, איך מוז אײַך זאָגן קודעם קאָל האקוידעמס, אז איך בין געבליבן, ניט פאַר אײַך געדאכט, אן אלמען, געשטאָרבן גאָלדע מײַנע, אָלעװ-האשאָלעם. געװען א יידענע א פראָסטע, אָן כאָכמעס, אָן אױבערקעפּלעך, נאָר א גרױסע צאדייקעס. לאָז זי זיך מיִען דאָרט פאַר אירע קינדער, זי איז געװען אױסגעשטאנען צוליב זײ, און טאקע עפּשער איבער זײ געגאנגען פון דער װעלט, נישט געקאָנט אריבערטראָגן, װאָס זײ זײַנען זיך צעקראָכן איינער קיין ליסי, דער אנדערער קיין סטריסי. „מישטיינס-געזאָגט, זאָגט זי, װאָס איז מײַן װעלט, זאָגט זי, אז װיבאלד, זאָגט זי, ניטאָ קיין קינד און נישט קיין רינד? לעהאװדל, א בעהיימע, זאָגט זי, בענקט אױך, זאָגט זי, אז מע אנטװיינט, זאָגט זי, פון איר דאָס קעלבל"... אזױ זאָגט זי צו מיר, גאָלדע הייסט עס, און װײנט בייס-מײַכע מיט ביטערע טרערן, און איך זע, אז די יידענע גייט אײַן פון טאָג צו טאָג, װי א ליכט, רעד איך איר אױס מיסטאמע דאָס הארץ פאַר ראכמאָנעס און איך זאָג צו איר אזױ, זאָג איך: „עט, זאָג איך צו איר, גאָלדע סערצע, פאַראן א פּאָסעק, זאָג איך: אים קעװאָנים אים קאװאָדים — װי מיט קינדער, אזױ איז אָן קינדער, זאָג איך. מיר האָבן, זאָג איך, א גרױסן גאָט, זאָג איך, און א גוטן גאָט, און א שטארקן גאָט, זאָג איך, נאָר פונדעסטװעגן, זאָג איך, לאָמיך האָבן די בראָכעס, װיפל מאָל דער ריבױנע-שעל-אױלעם, זאָג איך, טוט אָפּ א שטיקל ארבעט, מעגן שװײַן, זאָג איך, די סאָנים האָבן אזא יאָר"... איז זי דאָך אָבער, זאָל מיר מױכל זײַן, א נעקייװע, מאכט זי צו מיר: „דו זינדיקסט, טעװיע, מע טאָר נישט, זאָגט זי, זינדיקן"... אָט האָסטו דיר, זאָג איך, איך זאָג דען עפּעס, זאָג איך, שלעכטס? איך גיי דען כאָלילע, זאָג איך, קעגן דעם אייבערשטנס געזעץ, זאָג איך? װאָרעם װיבאלד, זאָג איך, אז ער האָט, זאָג איך, באשאפן אזױ שיין זײַן װעלטל, זאָג איך, אז קינדער זײַנען נישט קיין קינדער, זאָג איך, און טאטע-מאמע זײַנען בלאָטע, זאָג איך, װײסט ער דאָך מיסטאמע, װאָס ער האָט צו טאָן"... פאַרשטייט זי נישט, װאָס איך רעד, און ענטפערט מיר בױדעם: „איך שטארב, זאָגט זי, אװעק, טעװיע, װער װעט דיר קאָכן װעטשערע? אזױ מאכט זי צו מיר שטיל און קוקט אָפּ מיר מיט אזעלכע אױגן, אז אפילו א שטיין קאָן עס רירן. טעװיע איז דאָך אָבער נישט קיין

ײִדענע, ענטפֿער איך איר אָפּ מיט אַ ווערטל, און מיט אַ פּאָסעק,
און מיט אַ מעדרעש, און מיט נאָך אַ מעדרעש: „גאָלדע, זאָג איך,
ביסט מיר געווען, זאָג איך, געטרײַ אַזויפֿיל יאָרן, וועסטו מיך אָפּ
דער עלטער, זאָג איך, נישט מאַכן צום נאַר", זאָג איך, און
טו אַ קוק אויף מײַן גאָלדען — פּיזעם! „וואָס איז דיר, זאָג איך,
גאָלדע?" „גאָרנישט", מאַכט זי צו מיר, קוים-קוים וואָס זי רעדט.
ע! איך זע, די שפּיל איז פֿאַרן טײַוול, נעם איך און שפּאַן אײַנ
דאָס פֿערדל און פֿאָר אַוועק אין שטאָט אַרײַן און ברענג אַראָפּ
אַ דאָקטער, דעם בעסטן דאָקטער. איך קום צו פֿאָרן אַהיים —
טע-טע-טע! מײַן גאָלדע ליגט שוין אויף דער ערד מיט אַ ליכטל צו-
קאָפּנס און זעט אויס, ווי אַ בערגל ערד האָט מען צונויפֿגעשאַרט
און איבערגעדעקט מיט שוואַרצן, און איך שטיי און טראַכט מיר:
קי זע קאָל האָאָדאָם — אָט דאָס איז דער סאָף פֿונעם מענטשן?
אַך טי, ריבוינע-שעל-אוילעם, וואָס דו טוסט אָפּ מיט דײַן טעוויען!
וואָס וועל איך איצטער טאָן אויף דער עלטער, פֿאַרפֿינצטערט בין
איך געוואָרן?" און אַזוי האָב איך געגעבן אַ פֿאַל צו צו דער
ערד... נאָר גיי שרײַ כײַ-וועקײַעם! הערט איר, וואָס איך וועל
אײַך זאָגן? אַז מע זעט פֿאַר זיך דעם טויט, מוז מען ווערן אַן
אַפּיקוירעס און מע הייבט אָן נאָכצוקלערן, מאַ אָנו מע כאַיי-
נו — וואָס איז אינגאַנצן אָט די וועלט מיט די גאַלגאַלים, וואָס זיי
דרייען זיך, מיט די באַנען, וואָס לויפֿן מעשוגענערווײַז, מיט
דעם גאַנצן טאַרעראַם אַרום און אַרום, און אַפֿילע בראָדסקי מיט
זײַנע מיליאָנען — האַקויל העוועל, גאָרנישט שעבעגאָרנישט!
בעקיצער, איך האָב איר געדונגען אַ קאַדעש, גאָלדען אָלעוו-
האַשאָלעם, באַצאָלט פֿאַר אַ גאַנץ יאָר פֿריִער. אַ ברייִרע האָב
איך געהאַט, אַז גאָט האָט מיך געשטראָפֿט, נישט געגעבן מיר
קיין זכאָרים, נאָר נעקייוועס, נאָר טעכטער און טעכטער, קיין
גוטער ייִד זאָל זיי נישט קענען! איך ווייס נישט, צי אַלע ייִדן
ווערן אַזוי פֿאַרשוואַרצט מיט זייערע טעכטער, צי נאָר איך בין
אַזאַ פֿינצטערער שלימאַזל, וואָס איך האָב צו זיי קיין גליק נישט?
דאָס הייסט, צו די טעכטער אַליין האָב איך גאָרנישט, און גליק
איז בײַ גאָט. וואָס זיי ווינטשעווען מיר — מעג עס מיר אָנקו-
מען כאָטש האַלב. אַדרעראַבע, זיי זײַנען שוין צו געטרײַ, און וואָס
„צו" איז איבעריק. אָט נעמט, לעמאָשל, די מיזינקע מײַנע, בײַלקע
רופֿט מען זי. וואָס ווייסט איר, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ קינד?

איר קאָנט דאָך מיך, באָרעך-האַשעם, ווי זאָגט איר, פֿון א יאָר מיט א מיטוואָך און ווייסט, אז איך בין נישט דער טאטע, וואָס קאַטאָרי זאָל זיך אוועקזעצן אָפּלויבן זײַנע קינדער, גלאט אזוי אין טאָג אריַין. נאָר אז ס׳איז געקומען צו רייד פֿון מײַןביילקען, מוז איך אײַך זאָגן נישט מער ווי שלוישאָ דוואָרים — צוויי ווערטער, זינט גאָט האנדלט מיט ביילקעס, האָט ער נאָך אזא בייל-קע נישט באשאפֿן. מיילע פֿון שיינקייַט שמועסט מען נישט; טעוויעס טעכטער, ווייסט איר אליין, האָבן א שעם אפֿ דער וועלט פֿאר די שענסטע קראסאוויצעס. נאָר זי, ביילקע הייסט עס, וועט זיי אלע פֿאר-שטעקן אין גארטל. אז מע שמועסט יאָפֿי אָפּים — איז דאָך ניט שײַ-עך! אקעגן מײַן ביילקען מוז מען טאקע זאָגן מיט די ווערטער פֿון איישעס-כאַיִל: שעקער האחיין — איך רעד נישט פֿון שיינקייַט, איך רעד פֿון כאראקטער רעד איך. גאָלד, גינגאָלד, זאָג איך אײַך! פֿון טאָמיד אָן בין איך בא איר געווען דאָס אייבערשטע פֿון דער מילך, נאָר פֿון זינט מײַן גאָלדע אָלעוו-האשאָלעם איז, איר צו לענגערע יאָר, ניפֿטער געוואָרן, איז דער טאטע געוואָרן בא איר — דאָס שווארצאפּל פֿונעם אויג! קיין שטויב נישט דערלאָזן זאָל אפֿ מיר פֿאלן. איך האָב שוין געזאָגט צו זיך אליין: דער ריבוינע-שעל-אוילעם איז, ווי מיר זאָגן אינעם וועכויל מאמינים שעהו: אומאקדים ראכמים לערויגעז — ער שיקט צו די רעפֿוע פֿאר דער מאקע. נישמער, ס׳איז שווער צו וויסן, וועלכס איז ערגער, די רעפֿוע אָדער די מאקע? גיי זײַ א נאָווי און טרעף, אז ביילקע וועט צוליב מיר נעמען און פֿארקויפֿן זיך פֿאר געלט און אָפּשיקן דעם טאטן אפֿ די עלטערע יאָרן קיין ערעץ-ייִסראָעל! מאָלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אזוי. זי איז אין דעם אזוי שולדיק, פֿונקט אזוי ווי איר. אינגאנצן איז דאָ שולדיק ער, איר אויסדערוויילטער, איך וויל אים ניט שעלטן, א קאזארמע זאָל אפֿ אים אײַנפֿאלן! און עפּשער, אז מיר זאָלן וועלן גוט בא-טראכטן, גריבלען זיך א ביסל טיפֿער, קאָן זײַן, אז איך אליין בין דאָ מער כײַעוו פֿון אלעמען, וואָרעם ס׳איז דאָך א בע-פֿיירעשע געמאָרע: כײַעוו אָדאָם... נאָר ס׳איז שיין, כ׳לעבן, אז איך דארף אײַך דערציילן, וואָס די געמאָרע זאָגט!

בעקיצער, איך וויל אײַך נישט לאנג האלטן. ס׳איז אוועק-געגאנגען א יאָר און א יאָר, מײַן ביילקע איז אויסגעוואקסן, געוואָרן, קיין אײַנהאָרע, א מיידל צו לײַטן, און טעוויע טוט זיך

זײַנ געשעפֿט, ווי טאָמיד, מיטנ פֿערד-אונ-װעגעלע פֿירט ער אָפּ דאָס ביסל מילכיקס זומער קיינ בויבעריק, ווינטער קיינ יעהו-פּעצ. א מאבל זאָל אפּ דעם קומענ, ווי אפּ סדוים! אָנקוקנ קאָנ איכ נישט אָט די דאָזיקע שטאָט, אונ ניט אזוי די שטאָט אלײנ, ווי די מענטשנ, אונ ניט אלע מענטשנ, נאָר איינ מענטש — עפֿ-ראָיִמ דעם שאדכנ, א רועכ אינ זײַנ טאטנס טאטנ ארײַנ! אָט וועט איר אומיסטנע הערנ, וואָס א ייִד א שאדכנ טוט אָפּ.

ווײַהי האיוימ, קומ איכ צו פֿאָרנ איינמאָל ארומ כאָצי-עלעל קיינ יעהופּעצ מיט מײַנ ביסל סכוירע. איכ טו א קוק — וואיאָווי האָמאָנ — עפֿראָיִמ דער שאדכנ גייט! איכ האָב אײַכ אמאָל דערציילט פֿונ אימ. עפֿראָיִמ איז אפֿילע א ייִד אנ אײַנ-געגעסענער, נאָר אז מ׳ז דערזעט אימ, מוז מענ זיכ אָפּשטעלנ — אָט אזא מינ קויעכ האָט אינ זיכ אָט דער ייִד... „הער נאָר, כאָ-כעמ מײַנער, זאָג איכ צו מײַנ פֿערדל, שטיי א ווײַלע, וועל איכ דיר געבנ עפּעס קײַענ". אונ איכ שטעל אָפּ עפֿראָיִמ דעם שאדכנ אונ גיב אימ אָפּ שאָלעמ אונ מאכ מיט אימ א שמועס מינ האצאד: „וואָס הערט זיכ עפּעס מיקויעכ פּאראָנסע?" טוט ער א געשמאקנ זיפֿצ אונ מאכט צו מיר: „ס׳איז ביטער!"... זאָג איכ: „דעהײַנע?" זאָגט ער: „נישטאָ וואָס צו טאָנ"... זאָג איכ: „לעכלוטנ?" זאָגט ער: „לעכלוטנ!"... זאָג איכ: „וואָס איז די מײַסע?"... זאָגט ער: „די מײַסע איז, וואָס שידוכימ ווערנ שוינ הײַנט ניט געשלאָסנ מער אינ דער היימ"... זאָג איכ: „ווו דענ ווערנ זיי הײַנט געשלאָסנ?" זאָגט ער: „דאָרטנ ערגעצ, אינ אויסנלאנד"... זאָג איכ: „וואָס זשע זאָל טאָנ אזא ייִד, ווי איכ, לעמאָשל, וואָס מײַנ זיידנס באָבע איז דאָרט קיינמאָל נישט געווענ?"... זאָגט ער צו מיר אונ דערלאנגט מיר א שמעק טא-בעק: „פֿאר אײַכ האָב איכ, רעב טעוויע, א שטיקל סכוירע דאָ אפּנ אָרט"... זאָג איכ: „דעהײַנע?"... זאָגט ער: „א ייִדענע אנ אלמאָנע אָנ קינדער מיט קאנ קערבלעכ, געווענ א קעכנ אינ אלע גרעסטע הײַזער"... קוק איכ אימ אָנ אונ זאָג צו אימ: „רעב עפֿראָיִמ, פֿאר ווענע מיינט איר דאָס א שידעכ?" זאָגט ער: „פֿאר ווענע זאָל איכ מיינענ? פֿאר אײַכ"... זאָג איכ: „אלע בייזע ווינסטע כאלוימעס זאָלנ אויסגיינ צו מײַנע סאָנימס קעפּ!" אונ נעמ אונ דערלאנג מײַנ פֿערד א שמיצל אונ וויל פֿאָרנ ווײַטער. מאכט צו מיר עפֿראָיִמ: „האָט קיינ פֿאריבל ניט,

רעב טעוויע, עפשער האָב איך אײַך פוגייע-בעקאָוועד געווען. זאָגט זשע מיר, וועמען דען האָט איר געמיינט?״ זאָג איך: „וועמען דען זאָל איך מיינען, אז ניט מײַן מיזינקע?״ טוט ער א שפרונג אָפּ, דערלאנגט זיך א פּאטש אין שטערן: „שא! גוט וואָס איר האָט מיך דערמאָנט, לאנג לעבן זאָלט איר, רעב טעוויע!״ זאָג איך: „אָמיין, גאם אטעם, דערלעבט איר אויך ביז מאָשיעכ וועט קומען. נאָר וואָס איז מיט אײַך, זאָג איך, אזוי די געדולע?״... זאָגט ער: „ס׳איז גוט, רעב טעוויע, ס׳איז אויסגעצייכנט גוט, עס קאָן שוין גאָר בעסער נישט זײַן אין דער גאנצער וועלט!״... זאָג איך: „דעהײַנע, וואָס איז די גוטס-קײַט?..״ זאָגט ער: „איך האָב פאר אײַער מיזינקע א גלײַכס, א גליק, א הויפּט-טרעפער, א גוויר, אן אדיר, א מיליאָנשטשיק, א בראָדסקי, א פּאָדראטשיק איז ער און הייסן הייסט ער פּעדאָ-צור!״... זאָג איך: „פּעדאָצור? א קענטלעכער נאָמען פון כו-מעש״... זאָגט ער: „וואָס מיר כומעש? ווער מיר כומעש? ער ז׳ין א פּאָדראטשיק, אָט דער פּעדאָצור, ער בוי׳ט הײַזער, מויערן, בריקן, געווען אין יאפּאָניע בא דער מילכאָמע, געבראכט א מאטמען מיט גאָלד, פּאָרט ארויס מיט ברענענדיקע סוסים, מיט קארעטעס, מיט לאָקייען בא דער טיר, מיט א בעדל בא זיך אינווייניק אין שטוב, מיט מעבל פון פּאריזש, מיט א ברי-ליאנטענעם רינג אפ דער האנט, נאָך גאָר נישט קיין אלטער מאן, א באָכער, אן עמעסער, א „כאָלאָסטוי״, פּרימא! און זוכן זוכט ער א שיין מיידל, מעג זײַן ווער זי איז, א נאקעטע, א באָרוועסע, אבי א יעפּאס-טויאר!״... „טפּררדו! — זאָג איך צו איִם, — אז איר וועט אזוי פליִען, זאָג איך, אָן א פּאָפּאס, וועלן מיר פארפאָרן מיט אײַך, רעב עפראָיִם, קיין האָצעקלאָץ. אויב איך האָב קיין טאָעס נישט, זאָג איך, האָט איר מיר אמאָל געהאט גערעדט דעם אייגענעם שידעך, זאָג איך, פאר מײַן עלטערע טאָכטער, פאר האָדלען״, זאָג איך... דערהערט פון מיר די דאָזיקע ווערטער, אז ער כאפּט זיך ניט, עפראָיִם הייסט עס, בא די זײַטן און הייבט אָן צו לאכן, איך האָב געמיינט, דער ייִד וועט באקומען די פּאָפּלעקציע. „אָהאָ, זאָגט ער, איר האָט זיך דערמאָנט, זאָגט ער, א מײַסע, אז מײַן באָבע איז געלעגן געוואָרן מיטן ערשטן קינד! יענער האָט אָנגעוועצט נאָך פאר דער מילכאָמע און אנטלאָפן קיין אמעריקע!״... „זייכער צאדיק

ליוראָכע, זאָג איך, עפשער וועט דער אויך, זאָג איך, אוועק אהינ?״ ווערט ער אויסער זיך, דער שאדכנ הייסט עס: „וואָס רעדט איר דאָס, רעב טעוויע? יענער איז געוועג, זאָגט ער, א פּײַפער, א שארלאטאנ, אנ אויסברענגער, אונ דער איז א פּאָדראטשיק, זאָגט ער, פונ דער מילכאָמע, מיט געשעפטנ, מיט א קאָנטאָר, מיט מענטשנ, מיט... מיט... מיט״... וואָס זאָל איך אײַך זאָגנ, דער שאדכנ האָט זיך אזוי צעהיצט, אז ער האָט מיך אראָפּגענומענ פונעמ וואָגנ אונ ער האָט מיך אָנגענומענ בא די לאצנ אונ האָט מיך אזוי לאנג געטרייסלט, ביז ס'איז צוגעגאנגענ א גאָראָדאָווױ אונ האָט אונד'ז ביידנ געוואָלט אָפּפירנ אינ קאָטשומענט ארײַנ. א שטיקל גליק, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט אינעמ פּאָסעק: לאנאָכרי סאשיך—מיט פּאָליציע דארפ מענ וויסנ, וויאזוי צו האנדלענ...

בעקיצער, לעמײַ זאָל איך אײַך לאנג האלטנ? אָט דער פּעדאָצור איז געוואָרנ א כאָסנ פאר מײַנ מיזינקע, ביילקע הייסט עס, אונ לוי אָרכו האיאָמים—ס'האָט א ביסל געדויערט ביז מיר האָבנ געשטעלט א כופּע, פארוואָס זאָג איך, ס'האָט א ביסל געדויערט? ווײַל זי, ביילקע הייסט עס, האָט נישט געוואָלט דעמ שידעך, אזוי ווי מע וויל נישט שטארבנ. וואָס מער אָט דער פּעדאָצור איז צו איר צוגעשטאנענ מיט מאטאָנעס אונ מיט גילדענע זייגערלעך אונ מיט בריליאנטענע פינגערלעך, איז ער איר אלצ מער נימעס געוואָרנ. מיר דארפ מענ קיינ פינגער אינ מויל נישט ארײַנלייגנ. איך האָב עס גאנצ גוט ארויסגעזענ נאָך איר פּאָנעמ אונ נאָך אירע אויגנ אונ נאָך איר וויינענ, וואָס זי האָט געוויינט שטילערהייט. בינ איך מיך מעיאשעוו איינמאָל אונ רופ מיך אָנ צו איר אזוי, פארבײַגייענדיק: „הערסטו, ביילקע, זאָג איך, איך האָב מוירע, זאָג איך, אז דײַנ פּעדאָצור איז דיר אזוי ליב, זאָג איך, אונ אזוי זיס, אזוי ווי מיר?״... ווערט זי רויט ווי פײַער אונ מאכט צו מיר: „ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?״ זאָג איך: „וואָס זשע דענ איז דער געוויינ גאנצע נעכט?״ זאָגט זי: „איך וויינ דענ?״ זאָג איך: „ניינ, דו וויינסט נישט, נאָר דו כליפּעסט. דו מיינסט, זאָג איך, אז דו באהאלטסט דעמ קאָפּ אינ קישנ, וועסטו פונ מיר פארדעקנ, זאָג איך, דײַנע טרערנ? דו מיינסט, זאָג איך, אז דײַנ טאטע איז א ייִנגעלע, זאָג איך, אָדער דער מויעכ

איז אים אויסגעטריקנט געוואָרנ אונ ער פארשטייט ניט, זאָג איכ, אז דאָס טוסטו צוליב דײַנ אלטנ טאטנ? דו ווילסט אים, זאָג איכ, פארזאָרגנ מיט א גוט עלטער, ער זאָל האָבנ ווו דעמ קאָפּ אָנצושפּארנ, ער זאָל כאָלילע נישט דארפנ גיינ, זאָג איכ, איבער די הײַזער? אויב דו מיינסט אזוי, ביסטו, זאָג איכ, א גרויסער נאר, זאָג איכ. מיר האָבנ א גרויסנ גאָט, זאָג איכ, אונ טעוויע איז ניט פונ די אסאָראָ באטלאָנים, זאָג איכ, וואָס וועט זיכ אוועקזעצנ, זאָג איכ, אפ לאסקאווע ברויט, אונ געלט, זאָג איכ, איז בלאָטע, זאָג איכ, ווי אינ פּאָסעק שטייט. א סימענ האָסטו, זאָג איכ, אָט איז דײַנ שוועסטער האָדל א גוטע עוויענטע, פונדעסטוועגנ, זאָג איכ, זע, וואָס זי שרײַבט פונ אלדי שווארצע יאָר, זאָג איכ, פונ עק וועלט, אונ ווי זי שעצט זיכ גליקלעכ, זאָג איכ, מיט איר שלימאזל פּעפּערלו"... אנו, זײַט א כאָכעמ אונ טרעפט, וואָס ענטפערט זי מיר דערופ, ביילקע הייסט עס? „צו האָדלענ, זאָגט זי, זאָלסטו מיכ, זאָגט זי, ניט גלײַכנ. האָדל איז געווענ, זאָגט זי, אינ אזא צײַט, ווענ די גאנצע וועלט, זאָגט זי, האָט זיכ געוויגט, זאָגט זי, געהאלטנ אָט-אָט בא איבערקערנ זיכ, האָט מענ זיכ געזאָרגט, זאָגט זי, פאר דער וועלט, אונ זיכ האָט מענ פארגעסנ: אונ איצט, זאָגט זי, אז די וועלט, איז א וועלט, זאָגט זי, זאָרגט זיכ יעדער פאר זיכ אונ די וועלט האָט מענ פארגעסנ"... אָט אזוי ענטפערט זי מיר דערופ, ביילקע הייסט עס, אונ גייט פארשטייט, וואָס זי מיינט!

נו? איר זײַט עפּעס א מייווונ אפ טעוויעס טעכטער? איר האָט זי באדארפט זענ צו דער כופּע — א פּרינצעסנ! איכ בינ נאָר געשטאנענ אונ געשפּיגלט זיכ אינ איר אונ געטראכט צו זיכ אליינ: „אָט דאָס איז ביילקע, טעוויעס טאָכטער? ווו האָט זי זיכ אויסגעלערנט אזוי שטיינ, אונ אזוי גיינ, אונ אזוי האלטנ דעמ קאָפּ, אונ אזוי אָנטאָנ זיכ, ס'זאָל אפ איר זײַנ, ווי אויסגעגאָסנ?"... נאָר לאנג שפּיגלענ זיכ אינ איר האָט מענ מיכ נישט געלאָזט, וואָרעמ דעמ זעלבנ טאָג פונ דער כופּע, ארומ האלב זעקס פארנאכט, האָט זיכ דאָס פּאָרל אופגעהויבנ, אונ האָלאכ מוישע-מאָרדכע — מענ איז אוועק מיטנ קוריער צו אלדי גוטע יאָר קיינ „נאטאליע", ווי די מאָדע איז בא די גרויסע, אונ צוריק איז מענ געקומענ ערשט העט ארומ כאנעקע, אונ

מע האָט געשיקט נאָכ מיר, איכ זאָל לעמאנ-האשעמ טייקעפּ-אומעיאד קומענ צו פאָרנ קײנ יעהופּעצ. איז דאָס מיר באלד אריַינ אינ קאָפּ אריַינ: מימאָ-נעפּשעכ, זיי זאָלנ וועלנ, איכ זאָל גלאט אזוי קומענ, וואָלטנ זיי אָנגעזאָגט, איכ זאָל קומענ — גונ א סאָפּ. צו וואָס טויג נאָכ דער „לעמאנ-האשעמ" מיטנ „טייקעפּ-אומעיאד"? מיסטאמע מוז דאָכ דאָ זיַינ עפּעס א זאכ! פרעגט זיכ א קאשע: וואָס פאר א זאכ? אונ אלערליי מאכשאָוועס אונ געדאנקענ, גוטע אונ שלעכטע, קריכנ מיר אינ קאָפּ אריַינ. עפּשער האָט זיכ שוינ דאָס פאָרפאָלק דאָרטנ צעאמפּערט, ווי די קעצ, אונ עס האלט בא געטנ זיכ? אונ באלד טאקע שלאָג איכ מיר אָפּ: ביסט א נאר, טעוויע, לעמיַי זאָלסטו וועלנ אויסלייגנ אפּ שלעכטנ? פונוואנענ ווייסטו, וואָס מענ רופט דיכ? עפּשער האָבנ זיי זיכ פארבענקט נאָכ דיר אונ ווילנ דיכ זענ? אָדער עפּשער וויל ביילקע, אז איר טאטע זאָל זיַינ נאָענט נעבנ איר? אָדער עפּשער וויל גאָר פּעדאָצור דיר געבנ א שטעלע, דיכ צונעמענ צו זיַינע געשעפטנ אונ מאכנ דיכ פאר א מאזשגיעכ אפּ זיַינע פּאָדראַדנ? סײַוויסײַ, פאָרנ דארפ מענ. אונ איכ זעצ מיכ אופּ אונ וואיעילעכ כאָראָנאָ — איכ פאָר קײנ יעהופּעצ. פאָרנדיק אזוי, גייט מיר איבער דער קויעכ-האדאמ, אונ עס שטעלט זיכ מיר פאָר, אז איכ האָב אוועקגעוואָרפנ דאָס דאָרפ, פארקויפט די בעהיימעלעכ, מיטנ פערד-אונ-וועגעלע, מיט האקל-באקל אונ בינ אריבערגעפאָרנ אינ שטאָט אונ בינ געוואָרנ בא מיַינ פּעדאָצורנ פריִער מאזשגיעכ, דערנאָכ קאסיר, דערנאָכ קאָלוועלאָכ איבער אלע זיַינע פּאָדראַדנ, אונ דערנאָכ א שוטעפ צו אלע זיַינע געשעפטנ גליַיכ מיט אימ, האלב אפּ האלב, אונ פאָר ארויס גליַיכ מיט אימ אפּ א פאָר ברענענדיקע סוסימ, איינער א בולאנער, דער אנדערער א קאשטאנעוואטער, אונ איכ וואונדער מיכ אפּ זיכ אליינ: מאזע וועאל מאזע — ווי קומ איכ, אזא שטיל מענטשל, ווי טעוויע, צו אזעלכע גרויסע געשעפטנ? וואָס טויג מיר דער טארעראמ מיטנ יאריד, מיטנ הו־הא, טאָג ווי נאכט, ווי זאָגט איר: לעהוישיווי אימ נעדיווימ — זיכ טויטשענ מיט די מיליאָנשטשיקעס? לאָזט מיכ אָפּ, איכ וויל האָבנ א רויִק עלטער, אריַינקוקנ אמאָל אינ א מישנײַעס, זאָגנ א קאפּיטל טילימ, מע דארפ דאָכ אמאָל אינ זינענ האָבנ יענע וועלט אויכ צי ניינ? ווי זאָגט שלוימע האמעלעכ: א

מענטש איז א טשיסטע בעהיימע, ער פארגעסט, אז וויפל ער
זאָל ניט לעבן, מוז ער אמאָל שטארבן... אָט מיט אזעלכע גע-
דאנקען און מאכשאָוועס בין איך געקומען צו פאָרן לעמאזל קיין
יעהופעץ גלייך צו מיין פעדאָצורן. מטלע, איך זאָל מיך
גיין בארימען, דערציילן אייך רויוו גאָדלוי ווערויוו
אָשרוי — זיין דירע מיט זיין זיצעכץ, איז ניט שייעך צו זאָגן.
איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געהאט די זכיע צו זיין בא בראָדס-
קין אין שטוב, נאָר איך בין מיר מעשאער אלפי-סייכל, אז שע-
נער ווי בא דעם פעדאָצור קאָן שוין גאָרניט זיין! איר קאָנט
פארשטיין שוין פון דעם אליין, וואָס פאר א דירע-מעלוכע דאָס
איז, אז דער שוימער, וואָס בא דער טיר, א ווערגעלעץ מיט
זילבערנע קנעפ, האָט מיך בעשום-אויפן ניט געוואָלט אריינ-
לאָזן אינווייניק, כאָטש גיב אים א קרענק. וואָס טוט זיך דאָ?
די טיר איז א גלעזערנע טיר, זע איך, ווי ער שטייט, אָט דער
ווערגעלעץ, יימאך שמוי וועזיכרוי זאָל ער ווערן, און ריי-
ניקט מאלבושים. ווינק איך צו אים, רעד מיט אים אפ שטום-
לאָשן און באווייז אים מיט די הענט, אז ער זאָל מיך אריינ-
לאָזן אינווייניק, מאכמעס דעם באלעבאָס' ווייב קער גיר אָן
א לייבלעכע טאָכטער... פארשטייט ער אָבער נישט אפן וווּנק,
א גוייִשער קאָפּ, ווייזט ער מיר אויך מיט די הענט, אויך אפ
שטומלאָשן, אז איך זאָל גיין לאזאָזל — נעמען דעם וועג
הייסט עס. נאט אייך אזא שלימאזל! צו אן אייגענער טאָכטער
זאָל מען דארפן האָבן זכוס-אָוועס! „אז אָך און וויי איז צו
דיין גרויען קאָפּ, טעוויע, צו וואָס דו האָסט זיך דערלעבט!" —
אזוי טראכט איך מיר און קוק דורך דער גלעזערנער טיר און
דערזע עפּעס א מיידל דרייט זיך ארום. „אפּאָנעם, א פּאָקאָיאָווע
זייערע", טראכט איך מיר, מאכמעס די אויגן אירע זיינען ווי
בא א גאנעווטע. אלע פּאָקאָיאָוועס האָבן גנייוויִשע אויגן. איך
בין אן איינגייער אין אלע נעגידישע הייזער און בין באקאנט
מיט אלע פּאָקאָיאָוועס... טו איך צו איר א וווּנק: „עפן אוף,
קעצעלע!" פאָלגט זי מיך און עפנט די טיר און מאכט צו מיר
דאפקע אפ יידיש: „וועמען דארפט איר?" זאָג איך: „דאָ זיצט
פעדאָצור?" זאָגט זי צו מיר העכער: „וועמען דארפט איר?"
זאָג איך צו איר נאָך העכער: „אז מע פרעגט דיך, זאָלסטו
ענטפערן אל רישן; דאָ זיצט פעדאָצור?" זאָגט זי:

„דאָ"... „וויבאלד אזוי, זאָג איך, ביסטו פון מײַנע מענטשן,
זאָג איך; גיי, זאָג איך, זאָג דײַן מאדאם פּעדאָצור, זאָג איך,
אז זי האָט א גאסט, זאָג איך, דער טאטע אירער, טעוויע, איז
געקומען, זאָג איך, צוגאסט און שטייט שוין, זאָג איך, א
היפּשע ווײַלע אין דרויסן, זאָג איך, קעאָני באפּעסאך,
וואָרעם ער האָט נישט זויכע געוועז, זאָג איך, צו געפינען כיין
און לײַטזעליקײַט אין די אויגן פון אָט דעם דאָזיקן אייסעוו
מיט די זילבערנע קנעפּ, די קאפּאָרע, זאָג איך, זאָל ער זײַן
פאר דײַנע מינדסטן נאָגל!" אויסגעהערט מײַנע דיבורים, האָט
דאָס מיידל מיט א געלעכטער פון א מעשומעדעס פארהאקט די
טיר גלײַך מיר אונטער דער נאָז, אוועקגעלאָפן ארויף, אראָפּגע-
לאָפן אראָפּ, ארײַנגעלאָזט און ארײַנגעפירט מיך אינוויינינק אין
א מין פּאלאץ, וואָס מײַנע אָוועס אוויסיינו האָבן עס נישט
געזען אין כאָלעם אפילע. זײַד און סאמעט און גאָלד און
קרישטאָל, און אז איר גייט, פילט איר נישט די טריט, מאכמעס
איר שפּאנט מיט די זינדיקע פיס אף די טײַערסטע דיוואנען,
ווייך ווי שניי. הײַנט זייגערס, זייגערס! אף די ווענט זייגערס,
אף די טישן זייגערס, אָן א שיר זייגערס! דיבוינע יוינעו!
האָסט א סאך אזוינע? צו וואָס דארף עס א מענטש אזויפיל
זייגערס?" אזוי טראכט איך מיר און גיי מיר, די הענט פאר-
לייגט ארונטער, א ביסל ווײַטער; איך טו א קוק — עטלעכע טע-
וויעס מיטאמאָל שנײַדן זיך אקעגן מיר פון אלע זײַטן, איין
טעוויע גייט אהער, דער אנדערער טעוויע אהין, איינער צו מיר,
דער אנדערער פון מיר — טפו זאָלסטו ווערן! פון אלע פיר
זײַטן שפּיגלען! נאָר אזא מין פויגל, ווי אָט דער פּאָדראטשיק,
קאָן זיך פארגינען אזויפיל זייגערס מיט אזויפיל שפּיגלען!..
און עס קומט מיר אף די געדאנקען פּעדאָצור, א גראָבס און
א קײַלעכיקס, מיט א ליסינע איבערן גאנצן קאָפּ, און סע רעדט
הויך און סע לאכט דריבניטשקע, און איך דערמאָן מיך, ווי
אזוי ער איז געקומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל אין דאָרף
ארײַן מיט די ברענענדיקע סוסים, זיך צעלייגט בא מיר, ווי
בא זײַן טאטן אין ווײַנגאָרטן, זיך באקאנט מיט מײַן ביילקען,
מיך אוועקגערופן אף א זײַט און אײַנגערוימט א סאָד אפן
אויער, נאָר אזוי הויך, אז מע האָט געקאָנט הערן אף יענער
זײַט יעהופּעץ. וואָס איז געוועזן דער סאָד? דער סאָד איז גע-

ווען, אז מײַן טאָכטער איז אים געפעלן און ער וויל, אז ס'זאָל זײַן איינס־צוויי־דרײַ און א כופּע. מיילע, אז מײַן טאָכטער איז אים געפעלן — דאָס פאַרשטייט מען מיטן סייכל, נאָר אָט דער איינס־צוויי־דרײַ איז מיר אַרײַן קעכערעוו פּיפּיעס — ווי א טומפּער מעסער אינעם האַרצן אַרײַן. וואָס הייסט דאָס איינס־צוויי־דרײַ און א כופּע? און ווו בין איך? און ווו איז ביילקע? אײַ, האָט זיך מיר געוואָלט אים אַרײַנהאַקן א פּאָר פּסוקים מיט א מעדרעש, ער זאָל מיך האָבן צו געדענקען! נאָר צוריק האָב איך מיך מעיאַשעוו געווען: „לאָמאָ זע אָנויכי — וואָס דאַרפסטו זיך מישן, טעוויע, צווישן קינדער? א סאַך האָסטו געפּויעלט בא דײַנע עלטערע טעכטער, אז דו האָסט געוואָלט זאָגן דייעס אף זייערע שידוכים? האָסט זיך אָנגעפּרעדט ווי א פּויק, אויסגעשאָטן די גאַנצע טוירע דײַנע, און ווער איז געבליבן א נאַר? — טעוויע!“

האַקיצער, לאָמיר אוועקוואַרפן, ווי זאָגט איר דאָרטן אין אײַערע ביכלעך, דעם בען־מעלעך, און זיך נעמען צו דער באַס־מאַלקע. האָב איך, זיי, הייסט דאָס, צוליב געטאָן און בין צו זיי געקומען קיין יעהופּעץ, און עס האָט זיך אָנגעהויבן א כאַסענע: שאָלעם־אַלייכעם! אַלייכעם־שאָלעם! ווי גייט עס? וואָס מאַכט איר גוטס? זיצט! א דאַנק, מע קאָן באַשטיין! — מיט די אַלע איבעריקע צערעמאָניעס, ווי געוויינטלעך. איך זאָל זײַן דער ערשטער אָפּן אַרויספאָר, זיי א פרעג טאָן: מאַ יוים מיִוי־מאָיִם — וואָס איז דאָס רופן, וואָס איר האָט מיך גערופן? — פּאַסט נישט. טעוויע איז נישט קיין ייִדענע, ער האָט צײַט. דערווײַל קומט צו א פּאַרשוין מיט גרויסע ווײַסע הענטשקעס און זאָגט, אז דער אָנבײַסן שטייט שוין אָפּן טיש, און מיר הייבן זיך אוף אַלע דרײַ, און מיר קומען אַרײַן אין א ביידער אַרײַן פון גאָלע דעמב: דער טיש א דעמבענער, די בענקלעך דעמבענע, די ווענט פון דעמב, די סטעליע דעמב, און אַלץ איז געשניצט און געפאַרבט און געמאָלט און געצאַצקעט, און אָפּן טיש — ביגדיי־מאַלכעס: טיי מיט קאַווע, און מיט טשאָקאָלאַדע, און מיט פּוטער־געבעקס, און מיט גוטן קאָניאַק, און די בעסטע געזאַלצנס, און אַזעלכע מינים מײַכאָלים, פּיי־רעס און אויבסן, ס'איז מיר א כאַרפּע אויסצוזאָגן, נאָר איך האָב מוירע, אז מײַן ביילקע האָט זיי בא איר טאַטנס

טיש קיינמאָל נישט געזען אפילע. און מע גיסט מיר אָן א קויסע און נאָך א קויסע, און איך טרינק לעכיים, און איך קוק אפ איר, אפביילקען הייסט עס, און איך טראכט מיר: „האָסט זיך עס דערלעבט, טעוויעס טאָכטער, ווי מיר זאָגן אין האלעל: מעקימי מייאָפאָר דאָל — אז גאָט העלפט דעם אָרעמאַן, מייאשפויס יאָרימ עוויוין — איז אים גאָרנישט צו דערקענען. דאכט זיך, ביילקע — און פאָרט נישט ביילקע". און איך דערמאָן מיך אָן יענער ביילקע פון אמאָל און איך פאַר־גלייך זי מיט דער ביילקע, וואָס אצינד, און עס טוט מיר האַר־צעדיק באַנק — גלייך ווי איך וואָלט עפּעס געמאכט א שלעכט געשעפט, אָפּגעטאָן א זאַך, וואָס איז פאַרפאַלן, אשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, ווי איך וואָלט אויסבייטן מיין האָרעפּאשנעם פערדל אפ א לאָשאקל, וואָס מע ווייסט נאָך נישט, וואָס פון דעם וועט אמאָל זיין, אָדער א פערד, אָדער א דראָנג. „עך, ביילקע, ביילקע, טראכט איך מיר, וואָס פון דיר איז געוואָרן! אמאָל, געדענקסטו, ווי דו פלעגסט זיצן באַנאכט בא א רויכער־דיק לעמפּל און נייען און זינגען א לידל, אָדער נעמען אין איינס קעהערעפּ־אין אויסמעלקן צוויי בעהיימעלעך, אָדער גאָר פאַרקאטשען די אַרבל און אָפּקאָכן מיר א פּראָסטן מילכיקן באָרשט, אָדער טייגלעך מיט פאסאָליעס, אָדער פּאמפּעשקעס מיט קעז, אָדער שקאָצים מיט מאָן, און א זאָג טאָן צו מיר: „טאטע, גיי וואש זיך!" — איז דאָך עס געווען, ווי דער בעסטער ניגון! איצטער זיצט זי מיט איר פּעדאָצורן, ווי א באַס־מאלקע, צוויי מענטשן דערלאנגען צום טיש, קלאפּן מיט די טעלער, און ביל־קע? זי זאָל עס אויסרעדן אפילע א וואָרט! זעט איר, ער, פּעדאָצור הייסט עס, רעדט שוין פאַר זיי ביידן, דאָס מויל מאכט זיך אים נישט צו! זינט איך לעב, האָב איך נישט געזען, א מענטש זאָל אזוי ליב האָבן פּלאפּלען און פּלוידערן, דער שוואַרציאָר ווייסט וואָס, און בעשאָס־מייסע לאכן דריבנישקע מיט א קליין געלעכטערל, דאָס ווערט אָנגערופן בא אונדז: אליין געזאָגט א כאָכמע, אליין געלאכט... אכוץ אונדז דריי זיצט נאָך איינער פּאַרשוין באַם טיש, א נעפעש מיט רויטע באַקן, איך ווייס נישט, ווער ער איז און וואָס ער איז, נאָר אן אכלער, ווייזט אויס, דאַרף ער זיין נישט קיין קליינער, וואָרעם די גאנצע צייט, וואָס דער פּעדאָצור האָט גערעדט און געלאכט,

האָט ער געפּאַקט אין די באַקן, ווי אין פּיירעק שטייט גע־שריבן: שלוּישאָ שעאָכלוּ—ער האָט געגעסן פאַר דרײַ... דער האָט געגעסן, און יענער האָט גערעדט, און אַלץ עפּעס אַזעלכע פּוסטע זאַכן, וואָס קריכן מיר נישט אין דער לינקער פּייע: פּאָדראַד, גובערנסקי פּראַוולעניע, אודעלני וועדאָמאָסט, קאַזנאַ־טשייסטווע, יאַפּאָניע... פון אַלצדינג האָט מיך אינטערעסירט נאָר איין יאַפּאָניע, ווײַל מיט יאַפּאָניע האָב איך מיך אָנגע־קערט אַ שטיקל מעכוטן. בעשאַס מילכאָמע, ווייסט איר דאָך, זײַנען פערד געוואָרן ביכשיוועס גאָדל, מע האָט זיי געזוכט מיט ליכט, האָט מען געטראָפן מיסטאַמע צו מיר אויך און מע האָט גענומען מײַן פערדל צום סמיק, אויסגעמאָסטן מיט אַן אַרשין, אַ טרײַב געטאָן אַהין־אַהער און מע האָט דעם געגעבן אַ ווײַסן בילעט. האָב איך זיי געזאָגט, זאָג איך: „איך האָב געוווסט פריִער, זאָג איך, אַז ס'איז אומזיסט אײַער טירכע, ווי אין פּאָ־סעק שטייט: יוּידייע צאַדיק נעפעש בעהעמטוי—נישט טעוויעס פערד גייט אַפן מילכאָמע"... נאָר האָט קיין פאַריבל נישט, פּאַני שאָלעם־אַלייכעם, איך מיש אײַך איינס מיטן אַנ־דערן און קאָן אַזוי כאָלילע אַראָפּשלאָגן זיך פונעם שליאַך. ווי זאָגט איר, נאַכזויִר לעיִנייאָנייִנוּ—לאָמיר בעסער גיין צום איקער האַמײַסע.

בעקיצער, האָבן מיר, הייסט עס, גאַנץ פײַן אויסגעטרונקען און פאַרביסן, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן, און אַז מען איז אופגעשטאַנען פונעם טיש, נעמט ער מיך, פּעדאָצור הייסט עס, אונטער דער האַנט און פירט מיך אַרײַן אין אַ באַזונדער קאַבינעט אַרײַן, אופגעפּוצט קעיאַד האַמעלעך—מיט ביקסן און מיט שפּיזן אַף די ווענט און מיט האַרמאַטן אַפן טיש, און זעצט מיך אַוועק אין אַ בינקעלע, ווייך ווי פּוטער, און נעמט אַרויס פון אַ גאָלדענער פּושקע צוויי גרויסע גראָבע שמעקנדיקע ציִ־גאַרן און פאַררייכערט, איינע זיך, די אַנדערע מיר, און זעצט זיך אַוועק אַקעגן מיר, ציט אויס די פיס און מאַכט צו מיר אַזוי: „ווייסט איר, וואָס איך האָב געשיקט נאָך אײַך?" „אַהאַ! — קלער איך מיר. — אָט דאָס וויל ער מיסטאַמע אַ שמועס טאָן מיקויעך אַכצן און דרײַצן". נאָר איך מאַך מיך טאַמעוואַטע און רוף מיך אָן צו אים אַזוי: „האַשוימער אָכי אָנוּיכי— פונוואַנען זאָל איך וויסן?" מאַכט עד צו מיר: „איך האָב גע־

וואָלט רעדן מיט אײַך טאקע וועגן אײַך אליינ״. „א סלוזשבע״, טראכט איך מיר אונ טו א מאכ צו אימ: „אבי נאָר עפּעס גוטס, מאכעטייסע, לאָמיר האָרכנ״. נעמט ער ארויס דעמ צי־גײַער פונ די צײנ, פעדאָצור הייסט עס, אונ הייבט מיר אָנ מיט א גאנצער דראָשע: „איר זײַט, זאָגט ער, א ייִד נישט קיינ נאר אונ וועט קײנ פּאריבל נישט האָבנ, וואָס איך וועל מיט אײַך רעדנ אָפנטלעך. איר דארפט וויסנ, זאָגט ער, אז איך פיר גרויסע געשעפטנ, אונ אז מע פירט אזעלכע גרויסע געשעפטנ, ווי איך...״ „יאָ, טראכט איך מיר, דאָס מיינט ער מיכ״, — אונ איך האק אימ איבער אינמיטנ אונ רופ מיכ אָנ צו אימ: „ווי די געמאָרע זאָגט, זאָג איך, שאבעס אינ פיירעק: מארבע נעכאָסימ מארבע דעאָגאָ. ווייסט איר, זאָג איך, דעמ פשאט פונ דער געמאָרע?״ ענטפערט ער מיר אָפּ גאנצ אָפנטלעך: „איך וועל אײַך זאָגנ, זאָגט ער, דעמ ריינעמ עמעס, זאָגט ער, איך האָב, זאָג: ער, קיינ געמאָרע קיינמאָל נישט געלערנט, זאָגט ער, אונ איך ווייס אפילע נישט, זאָגט ער, וואָסער א פּאָנעמ זי האָט״. אזוי זאָגט ער צו מיר, פעדאָצור הייסט עס, אונ צעלאכט זיכ דריבניטשקע מיט זײַנ קליינ געלעכטערל. איר פארשטייט אנ אייסעק? דאכט מיר, אז גאָט האָט דיכ געשטראָפט, ביסט אנ אמהאָרעצ, טאָ לאָז כאָטש זײַנ כאטא פּאָקרישקע, וואָס דארפסטו זיכ נאָכ בארימענ דער־מיט? אזוי טראכט איך מיר אונ מאכ צו אימ: „איך האָב אײַך טאקע אזוי געשאצט, זאָג איך, אז צו די זאכנ זײַט איר נישט שײַעכ, נאָר לזמיר, זאָג איך, הערנ, וואָס ווײַטער?״ מאכט ער צו מיר: „ווײַטער האָב איך אײַך געוואָלט, זאָגט ער, זאָגנ, אז צו מײַנע געשעפטנ מיט מײַנ נאָמענ, זאָגט ער, מיט מײַנ פּאָ־לאָזשעניע, פּאסט מיר נישט, זאָגט ער, אָט דאָס, וואָס מע רופט אײַכ, זאָגט ער, טעוויע דער מילכיקער. איר דארפט וויסנ, זאָגט ער, אז איך בינ באקאנט ליטשנע מיטנ גובערנאטאָר, זאָגט ער, אונ צו מיר אינ שטוב ארײַנ, זאָגט ער, קאָנ אמאָל קומענ א בראָדסקי, א פּאָליאקאָוו, אונ עפּשער א רויטשילד אויכ, טשעמ טשאָרט ניע שוטיט?״... אזוי מאכט ער צו מיר, פעדאָצור הייסט עס, אונ איך זיצ אונ קיק אפ זײַנ גלאנצנדיקע ליסינע אונ טראכט מיר: „עס קאָנ זייער זײַנ, אז דו קאָנסט זיכ ליטשנע מיטנ גובערנאטאָר אונ אז רויטשילד זאָל אמאָל קומענ צו דיר

אין שטוב אַרײַן, נאָר רעדן רעדסטו, ווי א קעלעוו שעביקלאָווים״... און איך רופ מיך אָן צו אים שוין א ביסל מיט פאַרדראָס: „וואָס זשע, זאָג איך, טוט מען דערצו, טאָמער, זאָג איך, קומט טאקע צו אײַך אמאָל ראָטשילד?״ מיינט איר דאָך, אַז ער פאַרשטייט דעם שטאָך? לוי דובים וועלוי יאאר — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן!

„איך האָב געוואָלט, זאָגט ער, אַז איר זאָלט אוועקוואַרפן, זאָגט ער, אָט דאָס מילכיקס, און זאָלט זיך פאַרנעמען, זאָגט ער, מיט עפּעס אנדערש״. דעהײַנע, זאָג איך, מיט וואָס?״ „מיט וואָס איר ווילט, זאָגט ער, ווינציק געשעפטן, זאָגט ער, פאַראַן אַף דער וועלט? איך וועל אײַך, זאָגט ער, אונטערהעלפן מיט געלט, וויפל מע וועט באַדאַרפן, אַבי, זאָגט ער, איר זאָלט ווערן אויס טעוויע דער מילכיקער. אָדער שאַט, זאָגט ער, ווייסט איר וואָס? טאָמער וואָלט איר, זאָגט ער, גאָר אײנס-צוויי-דרײַ אוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע? האַ?״ אַזוי מאַכט ער צו מיר, רוקט אַרײַן דעם ציגאַרער אין די ציין אַרײַן און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן, און די ליסינע גלאַנצט... נו? וואָס ענטפערט מען אַזאַ גראָבן יונג? טכילעס האָב איך מיר געטראַכט: „וואָס זיצסטו, טעוויע, ווי א ליימענער גוילעם? הייב דיך אויף, טו א קוש די מעזוזע, גיב א קלאַפּ מיט דער טיר און האָלאכ לעוילאָמוי — פאַשאָל אָן א זײַ-געזונט!״... אַזוי שטאַרק האָט דאָס מיך א נעם געטאָן בײַ דער לעבער!..

„אַן אַזעס פון א פּאָדראַטשיק! וואָס הייסט, דו הייסט מיר אוועקוואַרפן אַן ערלעכע בעקאָוועדע פּאַרנאָסע און פאָרן קיין אַמעריקע? בײַ שער טאָמער וועט צו דיר אַמאָל קומען ראָטשילד, בעכיין דאַרף טעוויע דער מילכיקער לויפן אין דער וועלט אַרײַן?!״... און דאָס האַרץ קאָכט אין מיר ווי א קעסל, און א ביסל אויפגעטראָגן בין איך נאָך פון פריִער; מיך האָט געברענט אַף איר, טאַקע אַף מײַן ביילקען: „וואָס זיצסטו דאָרטן, ווי א באַס-מאַלקע, צווישן די הונדערט זייגערס מיט די טויזנט שפּיגלען, בעשאַס מע טרײַבט דאָ דײַן טאַטן, טעוויען, קאָליסטרוי, אַף הייסע קוילן? לאָמיך האָבן די בראָכעס, טראַכט איך מיר, וואָס דײַן שוועסטער האָדל האָט בעסער געמאַכט פון דיר! וואָס עמעס איז עמעס, זי האָט נישט אַזאַ שטוב מיט אַזויפיל שמאָכטעליאַקעס. ווי דו, דערפאַר האָט זי אָבער א מאַן, א

פעפּערל, איז ער דאָך א מענטש, וואָס קאַטאָרי ער אַליינ איז באַ זיך העפקער, אונ דער גאנצער איקער איז די וועלט... אונ דערצו האָט ער א קאָפּ אפ די פּלייצעס, נישט קיינ לאָקשנ־טעפּל מיט א גלאַנצנדיקער ליסינע, אונ א פּיסק האָט פעפּערל — איז דאָך עס גאָלד מיט גאָלד! אים, אז איר זאָגט א פּאָסעק, גיט ער אײַך דרײַ פּסוקים סדאַטשע! ווארט אויס, פּאָדראַטשיק מײַנער, אָט וועל איך דיר באַלד אויסהאַקנ א פּאָסעק, וועט דיר ווערנ פינצטער אינ די אויגנ!“... אזוי טראַכט איך מיר אונ רופ מיך אָנ צו אים בעזע האַלאָשנ: „מיילע, זאָג איך, וואָס די געמאָרע איז פאַר אײַך א סאָד, בינ איך, זאָג איך, אײַך מויכל; אז א ייִד זיצט אינ יעהופּעצ אונ הייסט פּעדאָצור אונ איז א פּאָדראַטשיק, מעג, זאָג איך, די געמאָרע ליגנ אפנ בוי־דעמ. אָבער א פּראָסטנ פּאָסעק, זאָג איך, דאָס וועט דאָך שוינ פאַרשטיינ, זאָג איך, א גוי אינ פּאָסטעלעס אויך. איר ווייסט דאָך, זאָג איך, וואָס דער טאַרגום־אונקעלעס זאָגט אפ לאָווונ האָאַראַמי: מ י ז נ א וו ט אָ ד ע כ א ז י ר אָ ס אָ ל אָ מ א כ א נ ט אָ ש ט ר ײַ מ ע ל אָ ס אָ?“... קוקט ער אפ מיר, ווי א האָנ אינ בניי־אָדאָם, אונ מאַכט צו מיר: „וואָס זשע הייסט עס?“ „דאָס הייסט, זאָג איך, אז פונ א כאַזערשנ עק קאָנ מענ קיינ שטרײַמל נישט מאַכנ“. „אקעגנ וואָס, זאָגט ער, זאָגט איר דאָס?“ „אקעגנ דעמ, זאָג איך, וואָס איר הייסט מיר פאָרנ קיינ אמעריקע“. צעלאַכט ער זיך דריבניטשקע אונ מאַכט צו מיר: „אמעריקע ניט, איז עפּשער קיינ ערעצ־ייִסראָעל? אלע אלטע ייִדנ פאָרנ קיינ ערעצ־ייִסראָעל“... אזויווי ער האָט דאָס מיר אויסגערעדט, אזוי איז דאָס מיר ארײַנ, ווי אנ אײַזערנער צוויאָק אינ מויעך ארײַנ: „שאַ! עפּשער איז דאָס גאָרניט אזוי קרומ, טעוויע, ווי דו מיינסט? עפּשער איז דאָס טאַקע א פּלאַנ? וואָרעמ איידער האָבנ אזא נאַכעס פונ קינדער, ווי דו האָסט, איז שוינ עפּשער גלײַכער ערעצ־ייִסראָעל? בעהיימע! וואָס שטעלסטו דאָ אײַנ אונ וועמענ האָכטו דאָ? דײַנ גאָלדע אָלעוו־האַשאָלעמ ליגט דאָך שוינ בע־מיילע אינ דער ערד, אונ דו אלײנ, נישט אויסגערעדט זאָל זײַנ, ליגסט דענ ניט נײַנ איילנ אינ דער ערד? ביזוואַנענ איז דער שיר צו טאָפּטשענ זיך אפ דער וועלט?“... אונ אגעוו דאַרפט איר וויסנ, פּאַני שאָלעמ־אַלייכעמ, אז מיך ציט שוינ לאַנג אהינ, קיינ ערעצ־ייִסראָעל, איך וואָלט א באַלנ געוועג זײַנ באַ



...פעדאָצור איז צו אור צוגעשטאנען מוט מאטאָנעס...

צו זײַט 134:




און איך בלייב... איינער אליין און איך טראכט...

צו זייט 152.

דער קויסעל-מאראָווי, מעאַראָט-האמאכפּיילאָ, דער מוטער ראָכלס קייווער, אָנקוקן מיט מײַנע אויגן דעם יארדן, דעם בארג סיני, דעם יאם-סוף, פּיסוקים מיט ראמסעס, ווי זיי זעען אויס, אוקעדוימע אזעלכע זאכן. און מײַנע מאכשאָוועס טראָגן מיך אוועק אהין, אינעם געבענטשטן לאנד קנאאן, ווי זאָגט איר, ערעצ זאָוואס כאָלאָוו אודוואָש. שלאָגט ער מיר איבער, פּעדאָצור הייסט עס, מײַנע ראיוינעס סאמע אינמיטן און רופט זיך אָן צו מיר: „נו? וואָס דארף מען דאָ, זאָגט ער, אזוי לאנג טראכטן? איינס-צוויי-דרײַ״... „בא אײַך, זאָג איך, איז, באָרעכ-האשעם, אלצדינג איינס-צוויי-דרײַ, ווי די געמאָרע זאָגט, זאָג איך: ה אָ ג א וו ר אָ ווע ה אָ ט ר א ס ק אָ... און בא מיר, זאָג איך, איז דאָס א הארב שטיקל מישנײַעס, וואָרעם אופהייבן זיך, זאָג איך, און פאָרן קיין ערעצ-ייִסראָעל, דארף מען, זאָג איך, האָבן מיט וואָס״... צעלאכט ער זיך דריבניטשקע מיט זײַן קליינ געלעכטערל, שטייט אוף, גייט צו צום טיש, עפנט אוף א טישקעסטל און נעמט ארויס פון דאָרטן א טײַסטער און ציילט מיר אָפּ אכאס וועא-כאס, לאָז זיך אײַך דאכטן, א שיינע מאטבייע, און איך בינ דאפּ-קע נישט פויל אפ דער פּענ און נעם צונויפ דאָס ביסל פּא-פיר — דער קויעכ פון געלט — און לאָז עס אראָפּ העט-ווײַט אינ קעשענע, און וויל אים זאָגן כאָטש א פּאָר פּסוקים מיט א מעדרעש, וואָס זאָל פּארענטפּערן ארום און ארום, הערט ער מיך ווי דעם קאָטער און מאכט צו מיר: „אָט דאָס וועט אײַך זײַנ, זאָגט ער, גענוג ביז אהינ איבערנ קאָפּ, און אז איר וועט קומען, זאָגט ער, אפנ אָרט און וועט דארפנ געלט, זאָלט איר שרײַבנ, זאָגט ער, א בריוו, וועט מען אײַך איינס-צוויי-דרײַ באלד ארויסשיקנ געלט, און דערמאָנענ אײַך נאָכאמאָל וועגנ פּאָרנ, זאָגט ער, פּארשפּאָרט מענ דאָכ, וואָרעמ איר זײַט דאָכ, זאָגט ער, עפּעס א ייִד מיט יוישער און מיט סאָ-וועסט״... אָט אזוי מאכט ער צו מיר, פּעדאָצור הייסט עס, און צעלאכט זיך דריבניטשקע מיט זײַנ קליינ געלעכטערל, וואָס קריכט גלײַכ אינ די קישקעס ארײַנ. און עס פליט מיר דורכ א מאכשאָווע אינ קאָפּ: „טאָמער וואָלסטו אים א שמיצ געטאָנ דאָס געלט צוריק אינ פּאָנעמ ארײַנ און אים דערציילט דעם פּאָסעק, אז טעוויענ קויפט מענ נישט פאר געלט און מיט טעוו-יענ שמועסט מענ נישט פונ יוישער און פונ סאָוועסט?״... נאָר

אײדער איך עפֿן אַ מויל אױף צו רעדן, טוט ער אַ קלונג און רופֿט אַרײַן בײַלקען און מאַכט צו איר: „דזשענקע, דו װײסט? דײַן פֿאָטער װאַרפֿט דאָך אונדז אַװעק, ער פֿאַרקױפֿט אױס אַלץ, װאָס ער האָט, און פֿאָרט אַרױס אײנס־צװײ־דרײַ קײן ערעץ־ישׂראל". „כּאַלױם כאָלאַמטי װעײַני יױדײַא — װאָס ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט יענע נאַכט און הײַנטיקע נאַכט!"... אַזױ טראַכט איך מיר און קוק אױף מײַן בײַלקען — איר זאָלט זאָגן, זי זאָל זיך עס אַפֿילו פֿאַרקרימען. שטײט װי אַ בױם, קײן טראָפּן בלוט אין פּנים, קוקט פֿון אים אױף מיר, פֿון מיר אױף אים, און קײן אײנציק װאָרט! איך, אױף איר קוקנדיק, שװײַג אױך, שװײַגן מיר, הײסט עס, אַלע בײדע, װי אין טילים שטײט: טידבאַק לעשױני — עס האָט אונדז אָפּגענומען דאָס לאָשן. דער קאָפּ דרײט זיך מיר, די שלײפֿן קלאַפּן מיר, װי פֿון אַ טשאַד. פֿון װאָס זאָל עס זײַן? — טראַכט איך מיר. — אַפּאָנעם, דאָס איז פֿונעם שײנעם ציגאַר, װאָס ער האָט מיר געגעבן רײכערן? אָט רײכערט דאָך אָבער ער אױך, פֿעדאָצור הײסט עס! ער רײ־כערט און רעדט, דאָס מױל מאַכט זיך אים גאָרנישט צו, כאָטש די אײגלעך קלעפּן זיך אים, עס גלוסט זיך אים, װײַזט אױס, כאַפּן אַ דרימל. „פֿאָרן דאַרפֿט איר, זאָגט ער צו מיר, פֿון אָדע־נען קײן אָדעס, זאָגט ער, מיטן קוריער. און פֿון אָדעס מיטן יאַם אַזש ביז יאַפֿע, און פֿאָרן מיטן יאַם, זאָגט ער, איז די בעסטע צײַט נאָר איצט, װאָרעם, זאָגט ער, שפּעטער הײבן זיך אָן די װינטן מיט די שנײען, מיט די בערעס, מיט, מיט, מיט..." אַזױ זאָגט ער און די צונג פּלאָנטעט זיך אים שױן, אַזױ װי אײנער, װאָס װיל שלאָפֿן, נאָר ער הערט נישט אױף צו קלאַפּן װײַטער: „און אַז איר װעט זײַן, זאָגט ער, פֿאַרטיק צו דער נעסיע, זאָלט איר אונדז, זאָגט ער, געבן צו װיסן, װעלן מיר אַרױספֿאָרן, זאָגט ער, בײדע צום װאָקזאַל מיט אײַך זיך אָפּגעזעגענען, װאָרעם װען קאָנען מיר זיך שױן זען?" אַזױ לאָזט ער אױס, איך בעט איבער אײַער קאָװעד, מיט אַ גרױסן גענעץ, שטײט אױף און רופֿט זיך אָן צו איר, צו בײַל־קען הײסט עס: „דזשענקע, װעסט, זאָגט ער, זיצן דאָ אַ ביסל, און איך װעל, זאָגט ער, גײן זיך צולײגן אַ װײַלע". „האָסט נאָך קײנמאָל אַזאַ גלײַכס נישט געזאָגט, װי איך בין אַ ייִד! אַצינד װעל איך כאָטש האָבן צו װעמען מײַן ביטער

הארצ אויסצולאָזנ". אזוי טראכט איכ מיר אונ וויל מיכ געבנ א נעמ צו מײַנ ביילקענ, איר אויסלײמערנ אלצדינג, וואָס האָט זיכ צונויפגעזאמלט בא מיר פאר דעמ גאנצנ פרימאָרגנ, — ערשט אז זי טוט א פאל צו מיר אפנ האלדז, ביילקע הייסט עס, אונ הייבט אָנ צו וויינענ, אָבער וויִאזוי, מיינט איר, וויינענ? מײַנע טעכטער, נישט געדאכט זאָלנ זיי ווערנ, האָבנ אלע אזא טעווע: פריִער מענטשלענ זיי זיכ אונ בעריענ זיכ, אונ קומט צו עפּעס — וויינט מענ, ווי א בערעזענע. אָט נעמט, לעמאָשל, מײַנ עלטערע טאָכטער, האָדל הייסט עס: קארג האָט זי אײַנגעלייגט די וועלט אינ דער לעצטער מינוט, בעשאס זי האָט באדארפט אויעקפאָרנ אָפּריכטנ גאָלעס מיט איר פּעפּערל אינ די קאלטע מעדינעס? נאָר וויס איכ, ס'א דימיענ! יענע דארפ בא איר הייצנ די הרובע!

איכ וועל אײַכ זאָגנ דעמ רעכטנ עמעס: איכ אליינ, ווי איר קענט מיכ שוינ א ביסל, בינ נישט קיינ מענטש פונ טרערנ. גוט וויינענ האָב איכ געוויינט נאָר איינ מאָל, בעשאס מײַנ גאָלדע אָלעוו-האשאָלעמ איז געלעגנ אפ דער ערד, אונ נאָכ איינ מאָל האָב איכ מיכ גאנצ געשמאק אויסגעוויינט, בעשאס האָדל איז אוועקגעפאָרנ צו איר פּעפּערל, אונ איכ בינ געבליבנ אפנ וואָקזאל, ווי א גרויסער נאר, איינער אליינ מיט מײַנ פערדל, אונ נאָכ עפּעס א פּאָר מאָל האָט זיכ געטראָפנ, וואָס איכ האָב מיכ א ביסל, ווי זאָגט איר, צעיאכמערט, אונ ווײַטער געדענק איכ עפּעס נישט, איכ זאָל האָבנ א טעווע פונ וויינענ. נאָר ביילקע מיט אירע טרערנ האָבנ מיכ אזוי פארקלעמט בא דער נעשאָמע, אז איכ האָב מיכ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ, אונ איכ האָב שוינ נישט געהאט דאָס הארצ אפילע. איכ זאָל איר זאָגנ א קרומ וואָרט. מיט מיר באדארפ מענ קיינ סאכ נישט רעדנ. איכ הייס טעוויע. איכ האָב באלד פארשטאנענ אירע טרערנ. דאָס איז נישט געווענ גלאט אזוי זיכ טרערנ. דאָס זײַנענ געווענ, פארשטייט איר מיכ, טרערנ פונ אל כעט שעכאָטאָסי לעפאָנעכאָ בענישט פאָלגנ א טאטנ!.. אונ אָנשטאָט דעמ, וואָס איכ זאָל זי מעכאבעד זײַנ, ווי זי איז ווערט, אונ אויסגיסנ קאָל כאמאָסי אפ איר פּעדאָצורנ, האָב איכ גאָר גענומענ אויסריידנ איר דאָס הארצ מיט אזא מאָשל אונ מיט אזא מאָשל, ווי טעוויע קאָנ. הערט זי מיכ אויס,

ביילקע הייסט עס, און מאַכט צו מיר: „ניין, טאַטע, נישט דאָס, זאָגט זי, ווייִנ איך. איך האָב צו קיינעם, זאָגט זי, קיין טײַנעס נישט, נאָר אָט דאָס, זאָגט זי, וואָס דו פאָרסט אוועק, זאָגט זי, איבער מיר און איך קאָן, זאָגט זי, דערצו גאָרנישט העלפן, אָט דאָס, זאָגט זי, בראָט מיך*. „גיי שוין, גיי, זאָג איך, דו רעדסט, זאָג איך, ווי א קינד, האָסט פארגעסן, זאָג איך, אז מיר האָבן נאָך א גרויסן גאָט און אז דײַן טאַטע איז נאָך, זאָג איך, בא אלע כושים. בא דײַן טאַטן, זאָג איך. שפּילט א ראָליע זיך דורכפאָרן קיין ערעץ-ייִסראָעל און קומען צוריק, ווי אין פּאָסעק, זאָג איך, שטייט געשריבן: וואַ-יִסו וואַיאַכנו — טודא אי נאַזאַד”... אַזוי רעד איך איר אויס דאָס האַרץ, און אינווייניק בא זיך טראַכט איך מיר: „טעוויע, דו ליַיגסט! פאָרסטו אוועק קיין ערעץ-ייִסראָעל, איז אָלעוו-האַשאָ-לעם — אויס טעוויע!”... און פונקט ווי זי וואָלט טרעפן מײַנע געדאַנקען, מאַכט זי צו מיר אַזוי: „ניין, זאָגט זי, טאַטע, אָט אַזוי טרייסט מען א קליין קינד; מע גיט דעם, זאָגט זי, א ליאַלקע, א שפּילעכל אין די הענט אַרײַן און מע דערציילט דעם, זאָגט זי, א שיינע מײַסע פון א ציגעלע א ווײַסע... אויב, זאָגט זי, שוין יאָ דערציילן א מײַסע, וועל איך, זאָגט זי, דיר דערציילן, נישט דו מיר. נאָר די מײַסע, וואָס איך וועל דיר דערציילן, טאַטע, איז מער טרויעריק, ווי שיין”.

אָט אַזוי מאַכט זי צו מיר, ביילקע הייסט עס: טעוויעס טעכטער רעדן נישט גלאַט, און זי נעמט און זי לייגט מיר אוועק א מײַנע-לאָשן, א גאַנצע מעגילע, אָדער א מײַסע פון טויזנט-איין-נאַכט, וויִאַזוי אָט דער פּעדאָצור אירער איז פון קליין גרויס געוואָרן, אויסגעוואַקסן פון סאַמע נידעריקסטן גראַד, זיך אַליין מיט זײַן אייגענעם סייכל אויפגעשלאָגן אַף דער העכסטער מאַדרייגע, און איצט וויל ער דערגרייכן דערצו, אז צו אים אין שטוב אַרײַן זאָל קומען בראָדסקי, שיט ער מיט נעדאָוועס, וואַרפט מיט טויזנטער. נאָר אַזויווי געלט אַליין איז נאָך ווינציק, מע דאַרף נאָך האָבן ייִכעס אויך, לייגט ער אײַן די וועלט, פּעדאָצור הייסט עס, צו באַווײַזן, אז ער איז נישט קיין אַבי ווער, באַרימט זיך, אז ער שטאַמט פון די גרויסע פּעדאָצורס, אז זײַן טאַטע איז אויך געווען א באַרימטער פּאָד-ראַטשיק. — „כאָטש, זאָגט זי, ער ווייסט גאַנץ גוט, אז איך

ווייס, אז ער איז געווען א קלעזמער. הײַנט, זאָגט זי, דערציילט ער אלעמען, אז זײַן ווײַבס טאטע איז געווען א מיליאָנשטשיק"...

„וועמען, זאָג איך, מיינט ער דאָס? מיך? עפּשער איז מיר, זאָג איך, באשערט געווען אמאָל צו האָבן מיליאָנען, זאָג איך, זאָל איך דערמיט אָפּקומען". „וואָס ווייסטו, טאטע, זאָגט זי צו מיר, ווי עס פלאמט מיר מײַן פּאָנעם, אז ער שטעלט מיך פאָר, זאָגט זי, פאר זײַנע באקאנטע און הייבט זיי אָן דערציילן גרויסקײַט פון מײַן טאטן און פון מײַנע פעטערס און פון מײַן גאנצער מישפּאָכע, אזעלכע זאכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, און מע מוז דאָס, זאָגט זי, אלצדינג אויסהערן און מאכן א שווײַג, וואָרעם ער איז, זאָגט זי, אפ די זאכן א גרויסער קאפּריזניק". „בא דיר, זאָג איך, הייסט דאָס א קאפּריזניק, און בא אונדז, זאָג איך, ווערט דאָס אָנגערופן פּאָשעט א ניכפּעניק, זאָג איך, אָדער א מא-יײַסעניק". „ניין, זאָגט זי, טאטע, דו קענסט אים ניט, ער איז גאָרגיט אזא שלעכטער, ווי דו מיינסט; ער איז נאָר א מענטש, וואָס א מינוט איז ער אזוי און א מינוט איז ער אנדערש. ער האָט, זאָגט זי, א גוט הארץ און א ברייטע האנט, אים אז מע מאכט, זאָגט זי, א קרום פּאָנעם, און אבי מע טרעפט די גוטע מינוט, וועט ער אוועקגעבן די נעשאָמע, און ווער שמועסט, זאָגט זי, פון מײַנעטוועגן—איז דאָס טעלערל פונעם הימל! דו מיינסט, זאָגט זי, איך האָב אפ אים שוין גאָר קיין שום שליטע ניט? אָט האָב איך בא אים נישט לאנג געפּועלט ארויסראטעווען האָדלען מיט איר מאן פון די ווײַטע גובערניעס, ער האָט מיר, זאָגט זי, געשוואָרן, אז ער וועט זיך לאָזן קאָסטן א סאך טויזנטער, נאָר מיט איין טנײַ, אז זיי זאָלן פון דאָרטן אוועק גלײַך קיין יאפּאָניע". „וואָס עפּעס קיין יאפּאָניע, זאָג איך, פארוואָס נישט קיין אינדיע אָדער, לעמאָשל, קיין פּאדנ-אראָם צו דער מאלקע שוואָ?" „ווײַל אין יאפּאָניע, זאָגט זי, האָט ער געשעפטן. אפ דער גאנצער וועלט, זאָגט זי, האָט ער געשעפטן; וואָס אים קאָסט אָפּ, זאָגט זי, א טאָג נאָר דעפּעשן אליין, וואָלטן מיר אלע, זאָגט זי, געהאט אפ א האלב יאָר צו לעבן. נאָר וואָס קומט מיר ארויס, זאָגט זי, אז איך בין נישט איך?"...

„עס קומט אויס, ווי מיר זאָגן, זאָג איך, אין פּיירעק: אים אײַן אני לי מי לי—איך בין נישט איך, דו ביסט נישט דו"...

אָט אזוי זאָג איך צו איר מיט א ווערטל און מיט א פּאָסעק, כאָטש דאָס הארצ ווערט מיר צעריסנ אפּ שטיקער, זעענדיק, ווי מײַנ קינד ווערט נעבעכ פארשווארצט, ווי זאָגט איר, אינ אוישער און אינ קאָוועד... „דײַנ שוועסטער האָדל, זאָג איך, וואָלט נישט אזוי געטאָנ"... שלאָגט זי מיך איבער, ביילקע הייסט עס, און מאכט צו מיר אזוי: „איך האָב דאָך דיר געזאָגט, זאָגט, זי, אז צו האָדלענ זאָלסטו מיך, טאטע, נישט גלײַכנ. האָדל האָט געלעבט, זאָגט זי, אינ האָדלס צײַטנ, און ביילקע, זאָגט זי, לעבט אינ ביילקעס צײַטנ... פונ האָדלס צײַטנ, זאָגט זי, ביז ביילקעס צײַטנ, איז אזוי ווײַט, זאָגט זי, ווי פונדאנענ קיינ יאפּאָניע"... איר פארשטייט דעם פּיירעש-האמילעס פונ אזא מינ טארגום-לאָשנ?

בעקיצער, איך זע, איר כאפּט זיך, פּאני; נאָך צוויי מינוט, און א כאָפּ צו אלע מײַכעס. אָנגעגעסנ זיך זאט מיט צאָרעס און יעסורים פונ מײַנ גליקלעכער מיזינקע, בינ איך ארויסגעגאנגענ פונ דאָ־ט אָוו״ל וואכאפּוי רויש — א צעבראָכענער, א צעברעקלטער, און האָב געגעבנ א שלײַדער אינ דער ערד ארײַנ דעם ציגײַער, וואָס האָט מיר פארטשאדעט מײַנ קאָפּ, און רופ מיך אָנ צו אים, צום ציגײַער, הייסט עס: „גיינ זאָלסטו קאפּ-האקאל, א רועך אינ דײַנ טאטנס ערד ארײַנ!" „וועמענ איז, רעב טעוויע?" הער איך א קאָל הינטער מײַנע פּלייצעס. איך דריי אויס דעם קאָפּ, איך טו א קוק — ס'איז ער, עפראָיִמ דער שאדכנ, פארכאפּט זאָל ער ווערנ! „באָרוכ-האבאָ, א ייִד, זאָג איך, וואָס טוט איר דאָ?" „וואָס, זאָגט ער, טוט איר דאָ?" „געווענ, זאָג איך, צוגאסט בא מײַנע קינדער". „וואָס, זאָגט ער, מאכנ זיי?" „וואָס, זאָג איך, זאָלנ זיי מאכנ? כוצ זייער שאָדנ אפּ אונדז ביידנ געזאָגט געוואָרנ!" „ווי איך זע, זאָגט ער, זײַט איר רעכט צופרידנ מיט מײַנ סכוירע?" „נאָך א מינ צופרידנ, זאָג איך, גאָט זאָל אײַך מעמאלע זײַנ, זאָג איך, בעקייפל-קיפלאיִמ". „א דאנק אײַך, זאָגט ער, פאר דער בראָכע, עפּשער וואָלט איר מיר נאָך, זאָגט ער, צו דער דאָזיקער בראָכע צוקויפנ א מאטאָנע?" „איר האָט דענ נישט גענומענ, זאָג איך, קיינ שאדכאָנעס?" „נישט מער, זאָגט ער, זאָל ער פארמאָגנ, טאקע אײַער פּעדאָצור אליינ". „וואָס איז דענ, זאָג איך, ווינציקלעכ ראכאש?" „נישט אזוי ווינציק,

זאָגט ער, ווי מיט א גוט הארץ געגעבן". „דעהײַנע?" „דעהײַנע,
ס'איז שוין ניט שטאָ, זאָגט ער, א גראָשן". „ווו איז דאָס, זאָג
איך, אהינגעקומען?" „כאַסענע געמאכט, זאָגט ער, א טאָכטער".
„מאזלטאָוו אײַך, זאָג איך, לאָז גאָט געבן, ס'זאָל זײַן מיט
מאזל, איר זאָלט אין זיי דערלעבן, זאָג איך, גרויט נאכעס"...
„א שיינעם נאכעס, זאָגט ער, האָב איך אין זיי דערלעבט. איך
האָב, זאָגט ער, דערטאַפּט אן איידעם א שארלאטאן, געהארגעט,
זאָגט ער, געשלאָגן די טאָכטער, צוגענומען די עטלעכע גילדן
און אוועק, זאָגט ער, קיין אמעריקע". „לעמײַ האָט איר אים,
זאָג איך, געלאָזט פאָרן אזוי ווײַט?" „וואָס האָב איך אים, זאָגט
ער, געזאָלט טאָן?" „איר האָט געזאָלט, זאָג איך, אים אָנזאלצן
אפן עק"... „ס'איז אײַך, אפּאָנעם, זאָגט ער, גוט אפן הארצן,
רעב טעוויע?" „האלעוואַי, זאָג איך, אפ אײַך געזאָגט געוואָרן, רי-
בינע-שעל-אוילעם, כאָטש האלב!" „אזוי גאָר? און איך האָב אײַך,
זאָגט ער, געשאצט, אז איר זײַט א ייִד א נאָגיד; וויבאלד אזוי,
זאָגט ער, טאָ נאט זשע אײַך א שמעק טאבעק"... אָפּגעפּאטערט
דעם שאדכן מיט א שמעק טאבעק, בין איך געקומען צו פאָרן
אהיים און האָב מיך גענומען אויספארקויפן מײַן באלעבאטישקײַט
פון אזויפיל יאָרן. מאָלט אײַך, נישט אזוי גיך טוט זיך עס, ווי
סע רעדט זיך. איטלעכס טעפל מיט איטלעכס נארישקײַט האָט בא
מיר צוגענומען א שטיק געזונט. די זאך האָט מיר דערמאָנט גאָל-
דען, אָלעוו-האשאָלעם, יענע זאך האָט מיר דערמאָנט די קינדער,
זיי צו לענגערע יאָר. נאָר קיין זאך האָט מיר נישט דערלאנגט
אזוי טיף, ווי דאָס פערדל מײַנס. אקעגן מײַן פערדל האָב איך
מיך געפילט עפּעס כײַעוו... סטײַטש, אָפּגעהאָרעוועט מיט דעם
אזויפיל יאָרן, אינײַנעם געבידעוועט, אינײַנעם פארשווארצט גע-
וואָרן, און פּלוצעם גענומען און פארקויפט! פארקויפן האָב איך
דאָס פארקויפט צו א וואסער-פירער, וואָרעם פון די באלעגאָלעס
קאָן מען נאָר מעוווזע ווערן. איך קום צו זיי פארקויפן מײַן
פערדל, מאכן זיי צו מיר: „גאָט איז מיט אײַך, רעב טעוויע, ס'איז
דען בא אײַך א פערד?" „וואָס דען, זאָג איך, איז דאָס, א הענג-
לײַכטער?" „ס'איז בא אײַך, זאָגן זיי, נישט קיין הענגלײַכטער,
נאָר א לאמעדוואָוניק". „וואָס הייסט דאָס, זאָג איך, א לאמעד-
וואָוניק?" „דאָס הייסט, זאָגן זיי, א זאָקן פון זעקס און דרײַ-
סיק יאָר, אָן א סימען פון ציין, מיט א גרויע ליפּ, און

טרייסלט מיט די זײַטן, ווי אַן אַלטע ייִדענע ערעוו שאַבעס אויפן פּראָסט״... געפעלט אײַך אַזאַ מין באַלעגאָלע-שפּראַך? איך וועל אײַך גײַן שווערן, אַז דאָס פערדל נעבעך האָט פאַרשטאַנען איטלעכס וואָרט, ווי אין פּאָסעק שטייט: יאָדאַ שויר קוי־נייהו — אַ סקאָטינע פילט, אַז מע האַלט דאָס בײַ פּאַרקויפן. אַ סימען האָב איך, אַז בעשאַס איך האָב צוגעקלאַפּט דעם וואַסער-פירער און געזאָגט צו אים: „מיט מאַזל-בראָכע״, האָט מײַן סוס פּלוצעם אויסגעדרייט צו מיר די כיינעוודיקע מאָרדע און קוקט אויף מיר מיט שטומע אויגן, ווי איינער רעדט: זע כעלקי מיקאָל אַמאָלי — אָט אַזוי דאַנקסטו מיר אָפּ פאַר מײַן סלוזשבע?״... איך כאַפּ אַ קוק אויף מײַן פערדל דאָס לעצטע מאָל, ווי דער וואַסער-פירער האָט דאָס גענומען אין די הענט אַרײַן לערנען מיט דעם באַלאָק, און איך בלײַב נאָכדעם שטיין איינער אַליין און טראַכט מיר: „ריבוינע-שעל-אוילעם! ווי סײַכלדיק דו פירסט דײַן וועלטל! אָט האָסטו באַשאַפן אַ טעוויען און האָסט באַשאַפן, לעהאַוודל, אַ פערד, און ביידע האָבן זיי איין מאַזל אויף דער וועלט... נישמער, אַ מענטש האָט אַ מויל און קאָן זיך כאָטש אויסטײַנען, אויסריידן דאָס האַרץ, און אַ פערד, לעהאַוודל, וואָס? מישטיינס-געזאָגט, אַ שטומע צונג, ווי זאָגט איר: אומויסאַר האָאָדאָם מין האַבהיימאָ״...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איר קוקט אויף מיר, פּאַני שאָלעם-אַלייכעם, וואָס סע האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן, און איר טראַכט זיך אַוודע: „אָט דער טעוויע האָט זיך פאַרבענקט, אַפּאָנעם, נאָך זײַן פערדל?״ וואָס עפּעס נאָכן פערדל, מענטש איינער? אַלצדינג טוט מיר באַנק, און נאָך אַלעמען וועל איך בענקען. איך וועל בענקען נאָכן פערדל, איך וועל בענקען נאָכן דאָרף, איך וועל בענקען נאָכן סטאַראָסטע מיטן אוראַדניק, נאָך די בויבעריקער דאַטשניקעס, נאָך די יעהופּעצער נעגידים, און אַפילע נאָך עפראָיִם דעם שאַדכן, ס׳זאָל אויף אים קומען אַ מאַגייפע, וואָרעם סאָפּקאָלסאָף, אַז מע זאָל וועלן אַרײַנטאָן זיך אַ ביסל אין כקירע, איז ער דאָך נישט מער ווי אַ ייִד אַן עוויען, וואָס זוכט נעבעך פּאַרנאָסע. אימירצעשעם, אַז גאָט וועט מיך ברענגען בעשאָלעם אַהין, וווּ איך פאָר, ווייס איך נאָך אַליין

נישט, וואָס איך וועל דאָרט טאָן, נאָר דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז ריישיס־כאָכמע וועל איך זײַן בא דער מוטער ראָכל אפֿן קײווער. איך וועל דאָרטן בעטן פֿאַר מײַנע קינדער, וואָס איך וועל זיי מינאַסטאַם שוין קיינמאָל נישט זען, וועל איך אים אויך אין זינען האָבן, עפֿראַיִמ דעם שאַדכן מיינ איך, אים און אײַך און קאָל ייִסראָעל. נאַט אײַך דערופֿ מײַן האַנט טקיִעס־קאַפּ און זײַט מיר געזונט און פֿאָרט געזונט און לאָזט גריסן איטלעכן באַזונדער גאָר פֿרײַנטלעך.

געשריבן אין יאָר 1909

# לעכ־לעכאָ

— א שיינער, א גוטער, א ברייטער שאָלעם-אַלייכעם אַפ אײַך, פאַני שאָלעם־אַלייכעם! אַלייכעם וועאָל בנייכעם! איך קוק שוינ אַפ אײַך לאַנג ארויס, ס׳האָט זיך אָנגעקליבנ בא מיר א היפּש ביסל סכוירע פאַר אײַך. איך פרעג מיך אַלצ נאָך: א י ע ק אָ — פאַרוואָס זעט מענ אײַך ניט? זאָגט מענ מיר, אַז איר פאָרט ארומ דאָרט איבער דער וועלט, אינ די ווײַטע לענדער ערגעצ, ווי מיר זאָגנ אינ דער מעגילע: ש ע וו א וו ע ע ס ר י מ או-מ י י אָ מ ע ד י נ אָ... נאָר מיר דאַכט, אַז איר קוקט אַפ מיר עפּעס מאָדנע? אַפּאָנעמ, איר קווענקלט זיך אונ טראַכט זיך בייס-מײַסע: ס׳איז ע ר צ י ניט ע ר? ס׳איז ער, פאַני שאָלעם-אַלייכעם, ס׳איז ער! אײַער אַלטער פרײַנט טעוויע ביכווידוי אוועאַצמוי, טעוויע דער מילכיקער, דער אייגענער טעוויע, נאָר אויס מילכיקער, גלאַט א ייִד, א ייִד פונ א גאַנצ יאָר, א ייִד א זאָקנ, ווי איר זעט, כאָטש אַפּילע אינ יאָרנ גאָר ניט אַזוי אַלט, ווי מיר זאָגנ אינ דער האַגאָדע: ה א ר י י א נ י ק ע וו ע נ ש י וו י מ — נ אָ כ גאַנצ ווײַט צו זיבעציק! איַ, וואָס עפּעס אַזוי ווײַס די האָר? גלייבט מיר, נישט פאַר טײַנעג, ליבער פרײַנט, א ביסל אייגענע צאָרעס, ניט צו פאַרזינדיקנ, אונ א ביסל פונעם קלאָל ייִסראָעל — א שלעכטע צײַט! א בי-טער שטיקל צײַט אַפ ייִדנ!.. נאָר איך ווייס, וואָס אײַך קווענטשט. אײַך קווענטשט אַנ אַנדער זאַך: איר האָט זיך דער־מאָנט מיסטאַמע, אַז מיר האָבנ זיך אַמאָל געהאַט אָפּגעזעגנט, איידער איך האָב באַדאַרפט אָוועקפאָרנ קיינ ערעצ־ייִסראָעל, אַל־קיינ רעכנט איר אַוואַדע, אַז דאָס זעט איר שוינ טעוויענ צוריק־וועגס, פונ ערעצ-ייִסראָעל הייסט עס, אונ איר גאַרט שוינ מיסטאַמע האָרכנ עפּעס נײַעס, אָפּנעמענ א גרוס פונ דער מוטער ראָכלס קיי-

ווער און פון דער מעאָראס-האמאכפיילאָ און נאָך אזעלכע
זאכן? באדארף מען אײַך בארויקן, אויב איר האָט צײַט און
ווילט האָרכן כידושים, אָבער טאקע האָרכן מיט קאָפּ, ווי אין
פּאָסעק שטייט: שמאָיני, — וועט איר שוין דעמלט אליין זאָגן,
אז א מענטש איז א בעהיימע און אז מר האָבן א שטארקן
גאָט און ער פירט די וועלט.

בעקיצער, וואָס פאר א סעדרע גייט בא אײַך איצט?
וואיקראָ? בא מיר גייט אן אנדער סעדרע: די סעדרע לעכ-
לעכאָ. לעכ-לעכאָ — האָט מען מיר געזאָגט — דו זאָלסט ארויס-
גיין, טעוויע, מייארצעכאָ — פון דײַן לאנד, אומימוי-
לאדטעכאָ — און פון דײַן דאָרף, ווו דו ביסט געבוירן און
אָפּגעלעבט אלע דײַנע יאָרן, על האָאָרעצ אשער ארעכאָ —
וווהין די אויגן וועלן דיך טראָגן!.. און ווען דערמאָנט מען
זיך צו זאָגן טעוויען דעם דאָזיקן פּאָסוק? אקוראט דעמלט,
ווען ער איז שוין אלט און שוואך און עלנט, ווי מיר זאָגן
ראָשעשאָנע אין די טפילעס: אל טאשליכיינו לעיס זיק-
נאָ!.. נאָר איך כאַפּ אייך איינס פארן אנדערן, שיר פארגעסן,
אז מיר האלטן נאָך גאָר פון פאָרנט און אז איך האָב אײַך
נאָך ניט דערציילט, וואָס אין ערעצ-ייִסראָעל הערט זיך, וואָס
זאָל זיך דאָרטן הערן, ליבער פרײַנט? א לאנד — אפ אונדז
ביידן אזא יאָר! ערעצ זאָוואס כאָלאָוו אודוואָש —
שטייט נאָך אין דער טוירע געשריבן! איין כיסאָרן נאָר, וואָס
ערעצ-ייִסראָעל איז אין ערעצ-ייִסראָעל, און איך בין, ווי איר
זעט אָט-אָ, נאָך דערווײַל אין כוצ-לאָאָרעצ... אפ טעוו ען, הערט
איר, איז, אפאָנעם, געזאָגט געוואָרן דער פּאָסעק פון דער מע-
גילע: קאאשער אָוואָדעטי — געווען א שלי-
מאזל און א שלימאזל וועל איך שוין שטארבן. דאכט זיך,
אָט-אָט שוין געשטאנען קימאט מיט איין פוס אפ יענער זײַט,
אינעם הייליקן לאנד הייסט עס, געבליבן נאָר נעמען א בילעט,
זיך אופזעצן אפן שיף און — פאשאָל. וואָס זשע טוט גאָט? איז
זיך מעיאשעוו, וועט איר הערן א שיינס, מײַן עלטערער איידעם,
מאָטל קאמזויל, דער כײַעט פון אנאטעווקע ניט דאָ געדאכט,
ניט פאר קיין ייִדן געדאכט, און לייגט זיך אוועקעט א געזונ-
טער, א שטארקער, און מאכט א שטארבן! דאָס הייסט, קיין
גרויסער גוואר איז ער ניט געווען קיינמאָל. מישטיינס-געזאָגט,

א באַלמעלאָכע, געזעסן יומאָם וואָלײַלאָ אל האטוירא וועאל האַאוווידאָ — אפֿ דער נאָדל מיטן פֿאָדעם און געשטשאָבעט, מעכילע, טאַכטוינים. אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ער האָט באַקומען דאָס טרוקענע, אָנגעהויבן קאַכיקען, געקאַכיקעט און געקאַכיקעט, ביז ער האָט אויסגעשפּיגן דאָס לעצטע ביסל לונג — עס האָט נישט געהאָלפֿן שוין ניט קיין דאָקטער, ניט קיין טאָטער, ניט קיין ציגנמילך, ניט קיין טשעקאָלאַדע מיט האָניק. א ווילער יונגאַטש געווען, אפֿילע א פּראָסטער, נישט קיין בען־טוירע, נאָר אַן ערלעכער, אָן כאָכמעס, ליב געהאַט מײַן טאָכטער — דאָס כּיעס! און מאפקיר געווען זיך פאר די קינדער, און פאר מיר — געווען גאָר די קאַפּאָרע!

בעקיצער, אָפּגעזאָגט דעם פּאָסעק: וואיאָמאָס מוישע — געשטאָרבן מאָטל, האָט ער איבערגעלאָזט מיר א רעכטע באָמבע: ווו האָב איך שוין געקאָנט אפילע אין זינען האָבן דעמלט ערעץ־ייִסראָעל? איך האָב שוין געהאַט א גוטן ערעץ־ייִסראָעל בא זיך אין דער היימ! ווי אזוי לאָזט מען איבער, איך פרעג אײַך אליין, א טאָכטער אַן אלמאָנע מיט פּיצלעך קינדער יעסוימים אָן א שטיקל ברויט? כאָטש אפילע אין פלוג, אז מע וויל צוריק, וואָס קאָן איך איר העלפֿן — א לעכערדיקן זאַק? איך וועל דאָך איר דעם מאַן אירן צוריק ניט לעבעדיק מאַכן, און אירע קינדער דעם טאַטן פֿון יענער וועלט ניט אומקערן, און אליין איז מען דאָך אויך נישט מער ווי א זינדיקער מענטש, אפֿ דער עלטער ווילט זיך א ביסל אויסרוען די ביינער, פּילנ, אז מען איז א מענטש, ניט קיין סקאָט. גענוג געטאַרעראַמט! גענוג געווילעמהאַזעוועט! מע באַדאַרף שוין א ביסל א טראַכט געבן פֿון יענער וועלט אויך, שוין צײַט! אובי־פראַט, אז איך האָב שוין געמאַכט א טעל פֿון מײַן ביסל כאַדאָבע: דעם סוס, ווי איר ווייסט, לאַנג געגעבן דעם וועג, די בעהיימעלעך אויסגעפּאַרקויפט אד לעפּאַק, געבליבן נאָר א פּאָר ביקלעך, וואָס סע קאָן אמאָל ווערן פֿון זיי לײַט, אז מע זאָל זיי גוט האָדעווען, — און פּלוצעם גיי ווער אפֿ די עלטערע יאָרן אַן אווי יעסוימים, א טאַטע פֿון קליינע קינדער! זײַט איר שוין פּארטיק? האָט צײַט! די רעכטע געדיכטע גייט ערשט ווײַטער, וואָרעם בא טעוויען, אז עס טרעפֿט זיך א צאָרע, ווייסט איר דאָך שוין, אז עס שלעפּט זיך נאָך

פֿון הינטן נאָך א צאָרע. אשטייגער, אז ס׳האָט זיך אמאָל געמאכט אן אומגליק — ס׳איז געפאלן בא מיר א בעהיימעלע, האָב זיך באלד פּאָווטירנע, ניט פאר אײַך געדאכט, אוועקגעלייגט נאָך א בעהיימע... אזוי האָט שוין גאָט באשאפן זײַן וועלטל, און אזוי וועט דאָס שוין בלײַבן — א פארפאלענע זאך!

בעקיצער האמײַסע, מיט מײַן מיזינקע, מיט מײַן ביילקען הייסט עס, געדענקט איר דאָך די געשיכטע מיטן גרויסן געווינס, וואָס זי האָט געמאכט, געפּאקט א העכט, א פּעדאָצור, א קנאקער, א פּאָדראטשיק פון דער מילכאָמע, וואָס האָט געבראכט צו פירן קיין יעהופּעץ פולע זעק און האָט זיך פארקאָכט אין מײַן טאָכטער, געוואָלט א שיינע, געשיקט צו מיר עפראָים דעם שאדכן יִמאך שמוי, אויסגעשלאָגן א קניִע ערד, שיר דעם שלאק באקומען, גענומען זי, ווי זי שטייט און גייט, אָפּגעשיט פון אויבן ביז אראָפּ מיט מאטאָנעס, דימענטן און בארליאנטן — דאכט זיך, אזא גליק, איאָ? נו, האָט זיך פון דעם גאנצן גליק אויסגעלאָזט מיסטאמע א טײַך, און נאָך וואָס פאר א טײַך! א טײַך מיט א בלאָטע, דער אייבערשטער זאָל שוימער אומאצל זײַן! וואָרעם אז גאָט הייסט, דאָס רעדל זאָל זיך געבן א דריי איבער צוריק, איז מיט דער פּוטער אראָפּ, ווי מיר זאָגן אין האלעף: אָט, דאכט זיך, נאָרוואָס איז געווען מעקימי מייאָפּאָר דאָל, און איידער מע קוקט זיך ארום, איז שוין טראך: האמאשפּילי לירויס באשאָמאיִם אווואָרעץ — אין דער ערד מיט די פּאָסטאָראָנקעס... גאָט האָט ליב שפּילן זיך מיט א מענטשן. אוי, האָט ער ליב שפּילן זיך! אזוי האָט ער זיך געשפּילט מיט טעוויען וויפל מאָל: אוילים וועיוירדים — ארופ און אראָפּ! און אזוי איז געווען אויך מיט מײַן פּאָדראטשיק, מיט פּעדאָצורן. איר געדענקט דאָך מיסטאמע דאָס גרויסקײַט זײַנס מיטן הײַזל, מיט די דרײַצן דינסטן, מיט די שפּיגלען, און מיט די זייגערס, און מיט די צאצקעס אין יעהופּעץ? פּי-פּו-פּא! געדענקט איר, איך האָב אײַך דערציילט, דאכט זיך, וויִאזוי איך האָב צוגערעדט דעמלט מײַן ביילקען, געבעטן זיך בא איר, זי זאָל זען, אז ער זאָל איר אוועקויפן דאָס הײַזל, און לעמאן-האשעם — אפּ איר נאָמען? נו, האָט מען דאָך מיך מיסטאמע געהערט, ווי

האָמאָנ דעמ גראגער — וואָס פאַרשטייט א טאַטע? א טאַטע פאַרשטייט גאָרניט! וואָס זשע, מיינט איר, איז געווענ דער סאָפּ? דער סאָפּ איז געווענ — ווי איר האָט ערגעצ א סוינע: אכוצ וואָס ער האָט זיכ פונעמ גאנצנ טראסק געשטעלט, געבליבנ דערונטער, אויסגעפּארקויפט אַלע שפּיגלענ מיט אלע זייגערס, מיטנ ווײַבס דימענטנ אונ בארליאנטנ, האָט ער זיכ נאָכ פאַרשמירט מיט סאקאָנעס-נעפאָשעס, געמוזט ווערנ א בוירייעכ, ניט פאַר קיינ ייִדנ געדאכט, אונ מאכנ אנ אָפּטריט אונ אוועקגעפאָרג אהינ, ווו דער ליבער שאבעס-קוידעש גייט אוועק — קיינ אמעריקע הייסט עס. אהינצוצו פאָרנ דאָכ אלע שווערע הערצער, זײַנענ זיי אויכ געפאָרנ אהינצוצו, די ערשטע צײַט גוט פאַרשווארצט געוואָרנ, דאָס ביסל מעזומענס, וויפל ס'איז געווענ, האָט מענ אופגעגעסנ, אונ אז ס'איז ניט געווענ מער וואָס צו קײַענ, האָט מענ נעבעכ געמוזט נעמענ זיכ צו דער ארבעט, גלטאָנ קאָל אוווי-דאס-פּערעכ, ווי די ייִדנ אינ מיצראיִמ. ביידע, אי ער, אי זי! איצט שרײַבט זי, אז ס'איז זיי שוינ, באָרעכ-האשעמ, נישקאָשע-דיק: זיי ארבעטנ זאָקנ אפ א מאשינע אונ מאכנ א לעבעכצ... אזוי רעדט זיכ עס דאָרטנ, אינ אמעריקע. אפ אונדזער לאָשנ וועט עס הייסנ: דאָס שטיקל ברויט שלעפּט זיכ... דאָס גאנצע שטיקל גליק, וואָס זיי זײַנענ מער ניט ווי צוויי מענטשנ, שרײַבט זי, אָנ א קינד, אָנ א רינד — גאמ זו לעטויווָאָ! נו, פרעג איכ אײַכ, זאָל ניט א רוּעכ אינ זײַנ פעטערס מוּטע ארײַנגעפלויגנ געוואָרנ?.. איכ מיינ טאקע עפּראָיִמ דעמ שאדכנ מיינ איכ, פאַרנ שיינעמ שידעכ, וואָס ער האָט מיר נאראיעט, אונ פאַר דער בלאָטע, וואָס ער האָט מיכ ארײַנגעפירט! וואָס וואָלט איר געווענ אזוי ביטער, לעמאָשל, זי זאָל געווענ כאסענע האָבנ פאַר א באלמעלאָכע, ווי צייטל, אָדער פאַר א לערער, ווי האָדל? אײַ, די האָבנ אויכ ניט געמאכט אזא גליק? איינע איז א יונגע אלמאָנע, אונ די אנדערע איז אינ אלדי גוטע יאָר ערגעצ פאַרשיקט אפ פּאָסעליעניע? איז דאָכ עס א גאָט-זאכ — וואָס קאָנ א מענטש פארזאָרגנ?.. הערט איר, א כאכאָמע א ייִדענע איז געווענ טאקע מײַנע, גאָלדע אָלעוו-האשאָלעמ, דערמיט אליינ שוינ, וואָס זי האָט זיכ באצײַטנס ארומגעקוקט, אָפּגעזעגנט זיכ מיט דער נארישער

וועלט און האָלאָכ לעוילאָמוי. וואָרעם זאָגט שוין איר אַליין, איידער האָבן אזא צאר-גידל-באָנים פון טעכטער, ווי טעוויע האָט, איז ניט גלײַכער טויזנט מאָל ליגן אין דער ערד און באקן בייגל?.. נאָר ווי שטייט דאָרטן אין פּיירעק: בעאל-קאָר-כאכאָ אטאָ כײַ — א מענטש נעמט זיך ניט אַליין, און אז מע נעמט, גיט מען איבער די הענט, זאָגט איר... דערווײַלע האָבן מיר זיך אראָפּגעשלאָגן פונעם שליאַך, איז דעריבער נאכזויר לעינ-יאָנייָנו האָרישן — לאָמיר איבערלאָזן, ווי איר זאָגט אין אײַ-ערע ביכלעך, דעם בען-מעלעך און זיך אומקערן צו דער באס-מאלקע. ווי זשע, הייסט עס, האַלטן מיר? בא דער סעדרע לעך-לעכאָ, נאָר איידער מיר וועלן צוקומען צו דער סעדרע לעך-לעכאָ, וועל איך אײַך בעטן זיך מאטריעך זײַן מיט מיר אָפּשטעלן זיך אַף א ווײַלע בא דער סעדרע באָלאָק. דער מינ-העג האָוילעם איז אפילע פון זינט די וועלט שטייט, אז פריער לערנט מען לעך-לעכאָ, דערנאָך באָלאָק. מיט מיר האָט מען אָבער, פּארקערט, פריער געלערנט באָלאָק, דערנאָך לעך-לעכאָ. און געלערנט האָט מען מיט מיר באָלאָק אזוי שיין, אז איר מעגט עס האָרכן. עס קאָן אײַך אמאָל צונוץ קומען.

בעקיצער, דאָס איז געווען שוין לאנג, באלד נאָך דער מילכאָמע איז דאָס געווען, אין דער סאמע היץ פון קאָסנע-טוציעס, ביים עס האָבן זיך אָנגעהויבן די יעשועס ווענעכאָמעס אַף יידן, פריער אין די גרויסע שטעט, דערנאָך אין די קליינע שטעטלעך, נאָר צו מיר איז דאָס ניט דערגאנגען, און עס האָט ניט געקאָנט דערגיין בעשום-אויפן. פּארוואָס? פּאָשעט! מע זיצט אָפּ אזא צײַט צווישן גויִים, מיט סאמע אייסעוון, — איז מען אויס-געבונדן מיט אלע באלעבאטים פון דאָרף. יעדיד נעפעש און האָראכמאָן — „באטיושקא טעוועל" איז בא זיי דאָס איי-בערשטע פונעם שטויסל! וואָס איז שײַעך? אָנ אייצע — איז „יאק טעוועל סקאזשע". א רעפוע צו קאָדאָכעס — איז „דאָ טע-ווליא". א גמילעס-כעסעד — אויך בא טעוויען. נו, האָב איך עפעס באדארפט אין זינען האָבן אזעלכע זאכן, פּאָגראָמען, נארישקײַטן, אז די גויִים אליינ האָבן מיר געזאָגט וויפל מאָל, אז איך זאָל קלאָל אוקלאל קיינ מוירע ניט האָבן — זיי וועלן ניט דערלאָזן!.. און קאך-האווע — וועט איר הערן א שיינס.

בעקיצער, איך קום צו פאָרן איינמאָל אהיים פון בוי-

בעריק — איך בין נאָך דעמלט געווען בעגאדלוס י — אין די פעדעדן, ווי זאָגט איר, נאָך געהאנדלט מיט מילכיקס, קעז און פּוטער און שאָר-יעראָקעס; אויסגעשפּאנט דאָס פערדל, אונטערגעוואָרפן דעם היי און האָבער, נישט צייט געהאט אפילו זיך וואשן צום עסן, איך טו א קוק — א פולער הויף מיט גויים, די גאנצע הראָמאדע, אלע פיינסטע באלעבאטים, פונעם סטאראָסטע איוואן פּאָפּערילע ביז דעם לעצטן גוי, טראָכים דער טשערעדניק, און אלע זענען זיי מיר אויס עפּעס מאָדנע, יאָמטעוודיק!.. האָט מיר אפילו טכילעט געגעבן א טיאָכקע אין הארצן: וואָס פאר א יאָמטעוו אינמיטן-דערינען? צי איז מען ניט געקומען מיט מיר לערנען באָלאָק?.. נאָר צוריק טראכט איך מיר: פּע, טעוויע! מעגסט זיך שעמען פאר זיך אליין: קאָל-יאָמאָוו זיצסטו איין ייִד, לעהאוודל, צווישן אזויפיל גויים בעשאָלעם וועשאלווע, און מע האָט דיך ניט אָנגערירט, איר זאָלט זאָגן, אפּ א האָר! און איך נעם און גיי ארויס צו זיי מיט א ברייטן שאָלעם-אלייכעם: „ברוכים האבאָים, זאָג איך צו זיי, וואָס טוט איר דאָ, מיינע ליבע באלעבאטים? און וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס? און וואָס וועט איר דערציילן נייעס?“... טרעט ארויס דער סטאראָסטע, איוואן פּאָפּערילע הייסט עס, און רופט זיך אָן צו מיר גאנץ אָפּנטלעך און גאָר אָן שום האקדאָמעס: „מיר זיינען געקומען, זאָגט ער, צו דיר, טעוועל, מיר ווילן דיך שלאָגן“. וואָס זאָגט איר אפּ דער שפּראך? דאָס ווערט אָנגערופן בא אונדז „לאָשן סאגינאָהער“ — גערעדט פארשטעלט הייסט עס... מיילע, וויִאזוי מיר איז געוואָרן אפּן הארצן — קאָנט איר אייך מעשאער זיין. נאָר ארויסבאווייזן — פּע! אדערבא וועאדערבא! טעוויע איז ניט קיין ייִנגעלע... רופּ איך מיך אָן צו זיי גאנץ לעבעדיק: „מאזלטאָוו אייך, זאָג איך, נאָר וואָס האָט איר זיך, קינדער, אזוי שפּעט דערמאָנט? אין אנדערע ערטער, זאָג איך, האָט מען שוין פון דעם קימאט פארגעסן!“... רופט זיך אָן צו מיר איוואן פּאָפּערילע, דער סטאראָסטע הייסט עס, שוין דאפקע גאנץ ערנסט: „פארשטייסטו מיך, טעוועל, זאָגט ער, מיר האָבן זיך, זאָגט ער, אלץ געייִשעווט, צי מיר זאָלן דיך שלאָגן צי ניט שלאָגן? אומעטום, אין אלע ערטער, שלאָגט מען אייך. פארוואָס, זאָגט ער, זאָלן מיר דיך דורכלאָזן?.. איז געבליבן בא דער הראָמאדע, זאָגט ער, אז מיר זאָלן דיך שלאָגן... נאָר




מיר וועלנ דיר, — זאָגט ער, — כאָטש אויסהאַקנ די פענצטער. דאָס...
מוזנ מיר, ווײַל טאַמער... פֿאָרט עמעצער דורכ, טאָ לאָז מענ... זענ, אז
מע האָט דיכ געשלאָגנ, אניט... וועט מענ אונדז נאָכ שטראָפירנ...

צו זײַט 162.




...אונ צײַט אַפ אַרויסצופאָרנ, גיט מענ דיר, זאָגט ער, דריטנ טאָג.

צו זײַט 165.

וואָס דען, מיר ווייסן נאָך אליין ניט, וואָס מיר זאָלן מיט דיר טאָן, טעוועל: צי מיר זאָלן דיר נאָר אויסהאקן די שויבן, זאָגט ער, און צעטרענען די פערענעס מיט די קישעלעך און ארויסלאָזן די פעדערן, צי מיר זאָלן דיר פארברענען, זאָגט ער, די כאטע מיט דער שטאל, מיט דער גאנצער כאדאָבע דיי־נער?"

דאָ איז מיר שוין געוואָרן גוט קאלעמוטנע אפן הארצן, און איך באטראכט מיינע לייט, ווי מע שטייט אָנגעלענט אפ די לאנגע שטעקנס און מע שושקעט זיך מיר עפעס שטילערהייט. מאשמאָעס הייסט עס, אז ס'איז בא זיי גאָר קיין קאטאָוועס ניט? וויבאלד אזוי, טראכט איך מיר, איז דאָך, ווי מיר זאָגן אין טילים: באָו מאַים אד נאָפעש — ביסט דאָך טאקע, טעוויע, גוט אין דער ארבעט! וואָרעם טאָמער אל טיפטאך פע לע־סאָטן — א קאשע אפ זיי? „ע, טעוויע, קלער איך מיר, מיטן מאלעך-האמאָוועס טאָר מען זיך ניט שפילן — מע באדארף זיי עפעס זאָגן!"... און וואָס זאָל איך אייך לאנג מייריך בידרוש זיין, ליבער פריינט, ס'איז באשערט געווען, אפאָנעם, א נעס, האָט מיר דער אייבערשטער ארייַנגעגעבן א זין, איך זאָל בא זיך ניט אראָפּפאלן, און איך נעם מיך אָן מיט הארץ און רופ מיך אָן צו זיי, צו די גויים הייסט עס, דאפקע אין גוטן מוט: „שימו-נאָ, ראבויסים, זאָג איך, הערט זשע אויס, זאָג איך, מיי־נע ליבע באלעבאטים, וויבאלד, זאָג איך, אז הראָמאדע האָט אזוי געפאסקנט, איז דאָך ניט שייעך, זאָג איך, מיסטאמע ווייסט איר, זאָג איך, בעסער, אז טעוויע האָט בא אייך פארדינט, איר זאָלט מאכן א טעל, זאָג איך, פון זיין כאדאָבע און פון זיין גאנצן פארמעגן... נאָר וואָס דען, זאָג איך, דאָס ווייסט איר, זאָג איך, אז ס'איז פאראן נאָך העכערס פאר אייער הראָמאדע? איר ווייסט, זאָג איך, אז ס'איז דאָ א גאָט אפ דער וועלט? איך זאָג ניט, זאָג איך, מיין גאָט, אייער גאָט — איך שמועס פון יענעם גאָט, זאָג איך, פון אונדזער אלעמענס גאָט, וואָס זיצט, זאָג איך, אָט דאָרטן אויבן און זעט צו אלע פאָדלאָסטן, זאָג איך, וואָס טוען זיך אָפּ אָט דאָ אונטן... עס קאָן זיין, זאָג איך, אז ער אליין האָט מיר אָנגעצייכנט, אז איך זאָל געשטראָפט ווערן אומזיסט-אומנישט דורך אייך, דורך מיינע בעסטע גוטע פריינט, און עס קאָן זיין ווידער, זאָג איך,

אקוראט פארקערט, אז ער וויל, אדעראבע, בעשום-אופנ-וועופנ ניט, אז מע זאָל טעוויען טאָנ שלעכטס... ווער זשע, זאָג איכ, קאָנ דאָס וויסנ, וואָס גאָט וויל? אדעראבע, זאָג איכ, עפשער געפינט זיכ דאָ צווישנ אײַכ אײנער, וואָס וועט זיכ אונטערנעמענ, זאָג איכ, דערגײנ דאָ א טאָלק?״...

בעקיצער, זיי האָבנ, אפּאָנעם, געזענ, אז מיט טעוויענ וועלנ זיי זיכ נים אויסטײַנענ, רופט זיכ אָנ צו מיר דער סטאראָסטע, איוואנ פּאָפּערילע הייסט עס, בעזע האלאָשנ: „די מײַסע, זאָגט ער, דערפונ איז אזוי. מיר האָבנ צו דיר, טעוועל, אייגנטלעכ, גאָרנישט ניט. דו ביסט, זאָגט ער, טאקע א זשיד, נאָר ניט קײנ שלעכטער מענטש. נאָר אײנס צום אנדערנ, זאָגט ער, געהער זיכ ניט אָג — שלאָגנ דארפ מענ דיכ; הראָמאדע האָט אזוי געפּאסקנט — פארפאלנ! מיר וועלנ דיר, זאָגט ער, כאָטש אויסהאקנ די פענצטער. דאָס, זאָגט ער, מוזנ מיר, ווײַל טאָמער, זאָגט ער, פאָרט עמעצער דורכ, טאָ לאָז מענ, זאָגט ער, זענ, אז מע האָט דיכ געשלאָגנ, אניט, זאָגט ער, וועט מענ אונדז נאָכ שטראפירנ״... אָט מיט די ווערטער און מיט דעם לאָשנ, ווי איכ דערצייל אײַכ, גאָט זאָל מיר אזוי העלפנ בעכאָל אשער עפנע! נו, איצט פרעג איכ אײַכ, פאני שאָלעמ-אלייכעם, איר זײַט דאָכ עפּעס א ייִד, וואָס קאטאָרי איר פאָרט אויס די וועלט — איז שוינ טעוויע גערעכט, וואָס ער זאָגט, אז מיר האָבנ א שטארקנ גאָט?..

האָב איכ אײַכ, הייסט עס, שוינ געפּאטערט די סעדרע באָלאָק. אצײנד וועלנ מיר זיכ אומקערנ צוריק צו דער סעדרע לעכ-לעכאָ. די דאָזיקע סעדרע האָט מענ מיט מיר געלערנט אָט דאָ ערשט ניט לאנג, און טאקע אפ דער רעכטער עמעס. דאָ האָט שוינ ניט געהאָלפנ, פארשטייט איר מיכ, קײנ שום דראָשעס מיט קײנ שום מוסער זאָגנ, אומײַסע שעהאָיאָ קאכ האָיאָ — מע דארפ עס אײַכ איבערגעבנ אקוראט, מיט אלע פּישטשעווקעס, קאאשער אָהאוווטי — אזוי ווי איר האָט ליב.

וויַהי בימיי מענדל בייליס — דאָס איז געווענ אקוראט אינ יענער צײַט, ווענ מענדל בייליס, אונדזער קאפּאָרע-הינדל, איז אָפּגעקומענ כיבוט-האקייווער, געלײַטערט די נעשאָמע פאר פרעמדע זינד, און די וועלט איז געגאנגענ כאָדאָראָם, — זיצ איכ מיר אזוי אײנמאָל אפ דער פּריזבע בא מײַנ שטוב פארטיפּט אינ

מאכשאָװעס. זומער-לעבנ. די זונ באקט, אונ דער קאָפּ טראָגט: „סטײַטש, סטײַטש, האיטאָכנ! הײַנטיקע צײַטנ! אזא קלוגע װעלט! אזעלכע גרויסע מענטשנ! אונ װוּ איז גאָט? דער אלטער ייִדישער גאָט? װאָס שװײַגט ער? װי דערלאָזט ער אזא זאכ? סטײַטש אונ סטײַטש אונ װידעראמאָל סטײַטש!״ אונ טראכטנדיק אזוי פונ גאָט, פארטיפט מענ זיכ שוינ אגעװ אינ הימל-זאכנ אונ מע פאלט ארײַנ אינ כקירע: װאָס איז די װעלט? אונ װאָס איז י ע נ ע װעלט? אונ פארװאָס זאָל ניט קומענ מאָשיִעכ? „אײַ, טראכט איכ מיר, װאָלט ער געטאָנ, װי א כאָכעמ, טאקע מאָשיִעכ מײנ איכ, װענ ער כאפּט זיכ אראָפּ צו אונדז אצינדערט רײַטנדיק אפ זײַנ װײַס פערדל! דאָס װאָלט געװענ א שײנע זאכ! ער איז נאָכ קײנמאָל, דאכט מיר, אזוי נײטיק ניט געװענ פאר אונדזערע אכײנו בנײ-יִס-ראָעל, װי הײַנט! איכ װײס ניט, װיִאזוי די נעגידימ, די בראָדס-קיס, לעמאָשל, אינ יעהופּעצ, אָדער די רויטשילדס אינ פאריזש? סע קאָנ זײַנ, אז זײ האָבנ אימ אינ זינענ אקוראט אינ דער לינקער פּײע; נאָר מיר ייִדנ אָרעמעלײַט, פונ קאסרילעװקע אונ פונ מאזעפּעװקע אונ פונ זלאָדײעװקע, אונ אפילע פונ יעהופּעצ, אונ אפילע פונ אָדעס, קוקנ ארויס, אוי, קוקנ מיר ארויסעט אפ אימ! מאמעש די אויגנ קריכנ אזש פונ קאָפּ! אונדזער גאנצע האָפענונג אצינד איז דאָכ נאָר, טאָמער װעט גאָט טאָנ א נעס, עס װעט קומענ מאָשיִעכ!״...

דערװײַל, אזוי װי איכ זיצ מיר פארטיפט אינ די דאָ־זיקע ראַיוינעס, איכ טו א קוק — א װײַס פערדל, אונ עמעצער זיצט אפ דעמ רײַטנדיק, אונ גלײַכ צומ טויער פונ מײַנ שטוב! טפּררו — אָפּגעשטעלט זיכ, אראָפּגעקראָכנ, צוגעבונדנ דאָס פערדל צומ טויער, אונ אלײנ גלײַכ צו מיר: „זדראסטוי, טעװעל!״ זדראסטויטי, זדראסטויטי, װאשע בלאהאָראָדיע!״ — ענטפער איכ אָפּעט גאנצ ברײטלעכ, אונ אינ הארצנ טראכט איכ מיר: װ א י אָ-װ ו י ה אָ מ אָ נ — מאכט ראשע: אז מע קוקט ארויס אפ מאָשיִעכנ, קומט דער אורואדניק... אונ איכ שטײ אופ אקעגנ אימ, אקעגנ דעמ אורואדניק הײסט עס: „באָרוכ-האבאָ א גאסט, זאָג איכ, װאָס הערט זיכ עפּעס אפ דער גרויסער װעלט אונ װאָס װעסטו, זאָג איכ, עפּעס זאָגנ גוטס, אדוינ פּאָרעצ?״ אונ דאָס הארצ פאלט מיר שיר ניט ארויס — איכ װיל שוינ װיסנ װאָס אונ

וועג? און ער, דער אוראדניק הייסט עס, האָט זיך אָבער צײַט. ער פארייכערט זיך גאנצ פײַנ א פאפירעסל, בלאָזט ארויס דעם רויך, שפײַט אויס און רופט זיך אָנ צו מיר: „וויפל צײַט, אשטייגער, דארפסטו האָבנ, טעוועל, זאָלסט קאָנענ פארקויפנ, זאָגט ער, דײַנ כאטע מיט דײַנע אלע בעבעכעס?" קוק איך אימ אָנ: „צו וואָס, זאָג איך, זאָל איך פארקויפנ, זאָג איך, מײַנ כאטע? ווּעמענ, לעמאָשל, מאכט זי, זאָג איך, ענג?" „ענג, זאָגט ער, מאכט זי קיינעמ ניט. נאָר איך בינ געקומענ, זאָגט ער, דיך ארויסשיקנ, זאָגט ער, פונ דאָרף". „סאכאקל, זאָג איך, מער ניט? פאר וואָסערע מײַסים-טויווימ? מיט וואָס, זאָג איך, האָב איך פארדינט בא דיר אזא קאָוועד?"... „דאָס איז ניט איך שיק דיך ארויס, זאָגט ער, די גובערניע שיקט דיך ארויס". „די גובערניע? — זאָג איך. — וואָס האָט זי אזעלכעס דערזעענ אפ מיר?" „נישט נאָר דיך אליינ, זאָגט ער, און נישט נאָר פונדאנענ, נאָר פונ אלע דערפער ארומ און ארומ פונ זלאָדילעווקע, זאָגט ער, און פונ ראבילעווקע, און פונ קאָסטאָלאָמעווקע, און אפילע, זאָגט ער, אנאטעווקע, וואָס איז ביז אהער געווענ א שטעטל, ווערט דאָס שוינ איצטער אויך, זאָגט ער, א דאָרף. און מע וועט ארויסטרײַבנ פונ דאָרט, זאָגט ער, אלע — אלע אײַערע"... „אפילע לייזער-וואָלפ דעמ קאצעוו, זאָג איך, אויך? און נאפטאָלע-גערשנ דעמ לומער אויך? און דעמ דאָרטיקנ שויכעט? און דעמ ראָוו?" „אלע! אלע!" — זאָגט ער און טוט א מאכ מיט דער האנט, ווי א שנײַד אָפ מיט א מעסער... איז מיר אפילע געוואָרנ עפּעס ווי א ביסל גרינגער. ווי זאָגט איר: צאָראס ראבימ כאָצי נעכאָמע. נאָר פארדריסנ פארדריסט דאָס מיך, און א פײַער ברענט אינ מיר, און איך בינ מיך מעיאשעוו און רופ מיך אָנ צו אימ, צומ אוראדניק הייסט עס: „זאָג מיר, זאָג איך, דו ווייסט כאָטש, זאָג איך, וואשע בלאהאָראָדיע, אז איך זיצ דאָ אינ דעמ דאָרפ א סאך פריִער פינ דיר? דו ווייסט, זאָג איך, אז אָט דאָ, אינ דעמ ווינקל איז נאָך מײַנ טאטע אָלעוו-האשאָלעמ, זאָג איך, געזעסנ, און מײַנ זיידע אָלעוו-האשאָלעמ, און מײַנ באָבע אָלעוו-האשאָלעמ?" און איך פויל זיך ניט און רעכנ אימ אויס די גאנצע מישפּאָכע בא די נעמענ, ווו ווער ס'איז געזעסנ און ווו ווער ס'איז געשטאָרבנ... הערט ער מיך דאפקע אויסעט, דער אוראדניק

הייסט עס, און אז איך האָב געקאָנטשעט, מאכט ער צו מיר: „דו ביסט א ציקאווע ייִד, זאָגט ער, טעוועל, און דו האָסט אין זיך נײַן מאָס רייד. צו וואָס טויגן מיר דײַנע מײַסעס, זאָגט ער, פון דײַן באָבעס מיט דײַן זיידן? לאָזן זיי, זאָגט ער, דיר האָבן א ליכטיקן גאניידן! און דו, טעוועל, נעם, זאָגט ער, צונויף דײַנע בעבעכעס און פאָר, פאָר נא באָרדי-טשעוו!"... פארדריסט עס מיך שוין נאָך מער: גענוג דו זאָגסט מיר אָן, אייסעוו, אזא גוטע בסורע טויווע, מאכסטו נאָך כויזעק: פאָר, פאָר נא באָרדיטשעוו!.. לאָמיך אים כאָטש א ביסל אויס-ליימערן... און איך רוף מיך אָן צו אים: „וואשע, זאָג איך, בלאהאָראָדיע! וויפל צײַט, זאָג איך, ביסטו שוין דאָ פּאָרעץ, האָסטו עפּעס געהערט, זאָג איך, א סאך מאָל, עמעצער פון די שכיינים זאָל זיך אפּ מיר באקלאָגן, אז טעוויע האָט אים באגאנוועט, אָדער באגאזלט, אָדער אויסגענארט, אָדער אזוי צוגענומען? אנו, צעפרעג זיך אָקאָרשט בא די באַלעבאטים, זאָג איך, צי האָב איך ניט געלעבט מיט זיי א סאך בעסער, זאָג איך, ווי דער בעסטער באלעבאָס? צי בין איך ניט געווען, זאָג איך, אדויני פּאָרעץ, בא דיר אליין, זאָג איך, וויפל מאָל בעטן דיך פאר די גויִים, זאָלסט זיי אזוי ניט אָביזשאיען?"... האָט דאָס אים שוין, אפּאָנעם, ניט געשמעקט! שטייט ער אויף, דער אוראדניק, צעקוועטשט דעם פּאפּיראָס מיט די פינגער, טוט אים א וואָרף אָפּ און מאכט צו מיר: „איך האָב, זאָגט ער, קיין צײַט ניט מיט דיר צו באלאקען פּוסטע רייד. ס'איז מיר אָנגעקומען, זאָגט ער, א פּאפּיר — און ווײַטער גייט מיך ניט אָן! קום, זאָגט ער, וועסטו מיר, זאָגט ער. כאסמענען דאָס פּאפּיר, און צײַט אפּ ארויסצופאָרן גיט מען דיר, זאָגט ער, דרײַ טאָג, זאָלסט קאָנען, זאָגט ער, אויספארקויפן אלצדינג און צוגרייטן זיך אין וועג ארײַן". דערזען, ס'איז ביטער, רוף איך מיך אָן צו אים: „דו גיסט מיר, זאָג איך, דרײַ טעג גיסטו מיר? דרײַ יאָר זאָלסטו לעבן, זאָג איך, דערפאר אין אוישער און אין קאָוועד. גאָט זאָל דיר, זאָג איך, צאָלן בעקייפל-קיפ-לאיִם, זאָג איך, פאר דער גוטער בסורע, וואָס דו האָסט מיר געבראכט אין שטוב ארײַן"... גוט-גוט ארײַנגעזאָגט אים, ווי טעוויע קאָן! איך האָב מיך מעיאשעוו געווען: מימאָנעפשעך, סײַוויסײַ מאָטע פארך — וואָס האָב איך דאָ אָנצוווערן? וואָלט

איך געווען ייִנגער כאָטש מיט א יאָר צוואנציק, און וואָלט מיר געלעבט מײַן גאָלדע אָלעוו-האשאָלעם, און וואָלט איך גע-ווען דער אייגענער טעוויע דער מילכיקער וואָס אמאָל, אין די שאָנים קאדמוניִיָעס, — עהע-הע! וואָלט איך זיך אזוי גיך ניט אונטערגעגעבן! איך וואָלט זיך געבאָרעט, געשלאָגן זיך ביזן בלוט אריַין! נאָר אזוי — וואָס? מ אָ אָ נ ו מ ע כ א יי נ ו — וואָס בין איך הײַנט, און ווער בין איך? א פּלאָג-גוף, א שיוורע-קיילע, א צעבראָכענער שארבן! „אך טי, ריבוינע-שעל-אוילעם, גאָטעניו! — טראכט איך מיר. — וואָס האָסטו זיך עפּעס צוגע-טשעפּעט צו טעוויען גראָד? פארוואָס זאָלסטו בעסער ניט א שפּיל טאָן זיך אמאָל אפּ א טשיקאוועס, לעמאָשל, מיט א בראָדס-קין אָדער מיט א רויטשילדן? פארוואָס לערנט מען מיט זיי ניט די סעדרע לעך-לעכאָ? זיי וואָלט, דאכט מיר, בעסער אָנגע-שטאנען? ערשטנס, וואָלטן זיי דערפילט דעם עמעסן טאם, וואָס הייסט א ייִד, וועהאשייניס, לאָזן זיי אויך זען, אז מיר האָבן א שטארקן גאָט"...

בעקיצער, דאָס איז אָבער אלץ פּוסטע דיבורים. מיט גאָט טײַנעט מען זיך ניט אויס, און אים קיין אייצעס, וויאזוי צו פירן די וועלט, גיט מען ניט. ער, אז ער זאָגט: לי ה א ש אָ-מ א יִ מ וו ע ל י ה אָ אָ ר ע צ — קומט אויס, אז ער איז באַ-לעבאָס, און מיר דארפן אים פּאָלגן. וואָס ער זאָגט, איז גע-זאָגט!.. גיי איך אריַין אין שטוב אריַין און טו מיר א זאָג צו מײַן טאָכטער דער אלמאָנע: „צייטל, זאָג איך, מיר קלײַבן זיך ארויס, זאָג איך, פונדאנען ערגעץ אין א שטאָט אריַין. גענוג שוין געזעסן אין דאָרף, זאָג איך. מעשאנע מאָקעם, מע-שאנע מאזל... דו נעם אָקאָרשט, זאָג איך, און הייב אָן באַ-צײַטנס זיך צוגרייטן מיטן בעטגעוואנט, מיטן סאמאָוואר און מיט די שאָר-יעראָקעס, און איך וועל, זאָג איך, גיין פאר-קויפן די כאטע. ס'איז אָנגעקומען, זאָג איך, א פּאפּיר, אז מיר זאָלן אָפּרייניקן, זאָג איך, דאָס אָרט און אין דרײַ טאָג ארום זאָל דאָ אונדזער דעך ניט בלײַבן!"... דערהערט פון מיר אזא בסורע, אז זי מאכט ניט קיין געוויין, די אלמאָנע מײַנע, און די קינ-דערלעך אירע, אפּ איר קוקנדיק, האָבן זיך גלאט צעוויינט, און ס'איז געוואָרן, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, טישעבאָוו אין שטוב! ווער איך שוין אין קאס און לאָז אויס מײַן גאנצן

ביטער הארץ אפּ מײַן טאָכטער נעבעך: „וואָס האָט איר זיך גענומען, זאָג איך, אפּ מײַן לעבן? וואָס האָט איר זיך, זאָג איך, צעיאַכמערט פלוצעם אינמיטן-דערינען, ווי אַ אַלטער כאַזן צו די ערשטע סליכעס?.. וואָס בין איך עפּעס — אַ בען-יאָ-כיד, זאָג איך, בא גאָט? אַ ציטעריקער? קאַרג ייִדן, זאָג איך ווערן איצטער אַרויסגעטריבן פון די דערפער? גיי האָרכ, זאָג איך, וואָס דער אוראַדניק דערציילט זיך אָן! אַ סוואָרע, זאָג איך, אַז דײַן אַנאַטעוועקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעטל, ווערט דאָס שוין אויך, זאָג איך, מיט גאָטס הילפּ, אַ דאָרפּ, צוליב די אַנאַטעווקער ייִדן, זאָג איך, מע זאָל זיי קאָנען אַרויס-טרײַבן אַלעמען. וויבאַלד אַזוי, זאָג איך, מיט וואָס זשע, זאָג איך, בין איך ערגער פון אַלע ייִדן?״... אָט אַזוי רעד איך איר אויס דאָס הארץ, דער טאָכטער מײַנער. איז דאָך עס אָבער אַ ייִדענע, זאָגט זי צו מיר: „ווּהין וועלן מיר זיך, זאָגט זי, קלײַבן פלוצעם אינמיטן-דערינען? ווו וועלן מיר, זאָגט זי, גיין זוכן שטעט?״... „שאַטיע! — זאָג איך, — אַז גאָט איז געקו-מען, זאָג איך, צו אונדזער עלטער-עלטערזיידן, צו אַווראָמ-אָווינון, און האָט אים געזאָגט, זאָג איך, לעכ-לעכאָ מע-אַרצעכאָ — זאָלסט אַרויסגיין פון דײַן לאַנד, האָט אים דען אַווראָם, זאָג איך, איבערגעפרעגט דאָס אַנדערע וואָרט אפילע: ווּהינ?.. גאָט האָט אים געזאָגט, זאָג איך, על האָאָרעץ אַשער אַרעקאָ — איז דער פּשאַט: נאַ וסיע טשעטירע סטאָ-ראָני... מיר וועלן גיין, זאָג איך, ווּהין די אויגן טראָגן, ווּ-הין אַלע ייִדן גייען! וואָס סע וועט זײַן, זאָג איך, מיט קאָל ייִסראָעל, דאָס וועט זײַן מיט רעב ייִסראָעל. און מיט וואָס, זאָג איך, ביסטו מער מעיוכעסעס פון דײַן שוועסטער ביילקע, די נעגידעסטע? איר שטייט אָן צו זײַן מיט איר פעדאָצורן אַציגד אין אַמעריקע און מאַכן אַ לעבעכץ, מעג דיר אויך, זאָג איך, אָנשטיין... דאַנקען האַשעם-ייִסבאָרעך, זאָג איך, וואָס מיר האָבן כאָטש מיט וואָס צו רירן זיך. אַ ביסל, זאָג איך, איז נאָך דאָ פון פריִער, און אַ ביסל פון דער כאַדאָבע, וואָס מיר האָבן פאַרקויפט, און אַ ביסל וועט אַרײַנפאַלן פון דער כאַטע. פון אַ ביסל און אַ ביסל, זאָג איך, ווערט אַ פולע שיסל — און גאַם זו לעטויווע! און אפילע מיר זאָלן, זאָג איך, כאָלילע, גאָרנישט האָבן, איז אונדז, זאָג איך, נאָך אַלץ בעסער פון מענדל ביילים!״...

בעקיצער, איך האָב בא איר יאַקאָש געפּויעלט, זי זאָל זיך ניט שטאַרק פאַראַקשענען. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַ סייכל, אַז דער אוראַדניק קומט און ברענגט אַ פּאַ-פּיר, אַז מע הייסט גיין, קאָן מען קיין כאַזער ניט זיין און מע דאַרף גיין. און אַליין בין איך אַוועק אין דאָרף מאַכן אַ טאָלק מיט דער כאַטע, און גלײַך צו איוואַן פּאָפּעדרילע, צום סטאַראָסטע הייסט עס, ער איז אַ גוי אַ באַלעגופּ און פּיי-גערט נאָך מײַן דירע! געקומען צו איוואַנען, דערצייל איך אים ניט פון קיין פּויסער און פון קיין כאָלעם און איך זאָג אים, זאָג איך: „היגיי זײַ וויסן, איוואַנו סערצע, אַז איך וואַרף אײַך אַוועקעט"... זאָגט ער: „וואָס עפּעס?" זאָג איך: „איך פאָר אַריבער, זאָג איך, אין שטאָט אַרײַן. איך וויל זײַן, זאָג איך, צווישן ייִדן. איך בין שוין ניט קיין יונ-גערמאַן, זאָג איך, טאָמער כאָלילע טויט מען אַ שטאַרב"... מאַכט צו מיר איוואַן: „פּאַרוואָס זשע זאָלסטו ניט שטאַרבן דאָ? ווער לאָזט דיך ניט?" דאַנק איך אים זייער און זאָג אים: „שטאַרבן דאָ שטאַרב שוין דו בעסער, זאָג איך, דו ביסט בילכער, און איך וועל בעסער גיין שטאַרבן, זאָג איך, צווישן מײַניקע... קויף אָפּ, איוואַנו, בא מיר, זאָג איך צו אים, מײַן כאַטע מיטן גאָרטן. אַן אַנדערן וועל איך, זאָג איך, ניט פאַרקויפן, דיר — יאָ". „וויפל, זאָגט ער, ווילסטו פאַר דײַן כאַטע?" „וויפל זאָג איך, גיסטו?" אהין — אהער, ער מיר: „וויפל ווילסטו?" איך אים: „וויפל גיסטו?" — מע האָט זיך גענומען דינגען זיך, פּאַטשן אין די הענט אַרײַן, אַזוי לאַנג געדונגען זיך און געפּאַטשט זיך, אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ, ביז מע האָט זיך אויס-געדונגען פאַרן מעקעך, און טאַקע פּאָוטירנע גענומען בא אים אַ דער יאַד אַ פּײַנעם אַדערופּ, ער זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּ-טרענען, און אָט אַזוי האָב איך אויסגעפּאַרקויפט אין איין טאָג, בעכאָצי-כינעם געוויינטלעך, דאָס גאַנצע דאָברע-מאַזל, געמאַכט פון אַלצדינג גאָלד, און בין אַוועק דינגען אַ פור, פאַרנעמען דאָס איבערגעבליבענע ביסל אָרעמקייט — וועט איר הערן נאָך אַ שיינס, וואָס בא טעוויען קאָן זיך פאַרלויפן! איר לייגט נאָר צו קאָפּ, איך וועל אײַך שוין לאַנג נישט האַלטן, איבערגעבן עס אײַך, ווי זאָגט איר, בישלוישאָ דוואָ-רים — אין צוויי ווערטער.

בעקיצער, פארנ אוועקפאָר קומ איכ אהיימ, טרעפ איכ
שוינ ניט קיינ שטוב, נאָר א כורווע. די ווענט נאקעט, זיי ווײַ-
נענ מאמעש מיט טרערנ! אפ דער ערד — פעקלעכ מיט פעק-
לעכ מיט פעקלעכ! אפנ פריפעטשעק זיצט די קאצ, ווי א יע-
סוימע נעבעכ, טרויערדיק — עס האָט מיכ אזש א נעמ געגעבנ
באמ הארצנ, אונ טרערנ האָבנ זיכ מיר געשטעלט אינ די אויגנ...
איכ זאָל מיכ ניט שעמענ פאר מײַנ טאָכטער, וואָלט איכ מיכ
גוט-גוט אויסגעוויינט, ווי זאָגט איר, פאָרט באטקאָװשטשינע!..
דאָ אויסגעוואקסנ, דאָ פארשווארצט געוואָרנ קאָל-יאָמאָוו, אונ
פלוצעמ אינמיטנ-דערינענ — לעכ-לעכאָ! זאָגט אײַכ, וואָס איר ווילט,
ס'א פארדראָסיקע זאכ!.. טעוויע איז דאָכ אָבער ניט קיינ ייִדענע,
האלט איכ מיכ אײַנ אונ מאכ מיכ פריילעכ אונ רופ מיכ אָנ
צו מײַנ טאָכטער דער אלמאָנע: „קומ נאָר אהער, זאָג איכ,
צייטל, ווו ביסטו ערגעצ?" גייט זי ארויס פונ צווייטנ אלקער,
צייטל הייסט עס, מיט רויטע אויגנ אונ מיט א געשוואָלענער
נאָז. אהא, טראכט איכ מיר, מײַנ טאָכטער האָט זיכ דאָ שוינ
ווידער צעײַלעט, ווי א ייִדענע צו אונעסאנע-טויקעפ! אָט די
ווײַבער, הערט איר, זײַנענ אײַכ קיינ קאטאָוועס ניט — באלד
עפעס, איז געוויינט! וואָלוועלע טרערנ בא זיי! „שאטיע! —
זאָג איכ איר, — וואָס וויינסטו שוינ ווידער? ביסטו ניט קיינ
נאר? — זאָג איכ, — בארעכג זיכ נאָר, זאָג איכ, דעמ כילעק
פונ דיר ביז מענדל ביילים"... וויל זי ניט הערנ אונ מאכט צו
מיר: „טאטע, זאָגט זי, דו ווייסט ניט, וואָס איכ וויינ"... זאָג
איכ: „איכ ווייס גאנצ גוט. פארוואָס זאָל איכ ניט וויסנ? דו
וויינסט, זאָג איכ, ס'טוט דיר באנק די היימ... ביסט אָט דאָ,
זאָג איכ, געבוירנ געוואָרנ אונ אויסגעוואקסנ — פארדריסט עס
דיכ!.. גלייב מיר, זאָג איכ, איכ זאָל ניט זײַנ טעוויע, איכ
זאָל זײַנ אנ אנדערער, וואָלט איכ אליינ אויכ, זאָג איכ, גע-
קושט אָט די נאקעטע ווענט מימ אָט די ליידיקע פאָליצעס...
איכ וואָלט אליינ אויכ, זאָג איכ, צוגעפאלנ צו אָט דער דאָזי-
קער ערד!.. עס טוט מיר באנק, זאָג איכ, איטלעכס ברעקל
גלײַכ מיט דיר. נארעלע! אפילע אָט די קאצ, זאָג איכ, זעסטו,
אָנ זיצט זי דאָרט א פאריאָסעמטע אפנ פריפעטשעק? א שטומע
צונג, א כײַע, זאָג איכ, פונדעסטוועגנ איז א ראכמאָנעס, זי
בלײַבט אליינ אָנ א באלעבאָס — צאר-באלע-כאימ"... „ס'איז דאָ,

מאָל דיר, זאָגט זי, א גרעסערער ראכמאָנעס״... „דעהײַנע!״ „דעהײַנע, אָט פאָרן מיר אוועק, זאָגט זי, און לאָזן איבער דאָ א מענטשן אליין, עלנט ווי א שטיין״. פארשטײ איך ניט, וואָס זי מיינט, און רופ מיך אָן צו איר: „וואָס בעלעבע־טשעסטו, זאָג איך, וואָסערע פלאָמען? וואָס מענטש? וואָסער שטיין?״ מאכט זי צו מיר: „טאטע, איך רעד ניט פונעם וועג, איך רעד, זאָגט זי, פון אונדזער כאוועג״... און ווי זי האָט מיר אויסגערעדט דעם דאָזיקן נאָמען, איז שווער איך אײַך, ווי מיט א הייסן אָקרעפ אָדער מיט א שײַט האָלץ איבערן קאָפּ! און איך פאל אָן אפ מײַן טאָכטער און גיב איר אוועק א וויסטן סאָפּ: „וואָפּ עפּעס פלוצעם אינמיטן-דערינען כאוועג, זאָג איך, איך האָב דאָך אָנגעזאָגט, זאָג איך, וויפל מאָל, אז כאוועג לוי ייזאָכער וועלוי ייפּאָקעד!״... מיינט איר, אז זי שרעקט זיך איבער? אָבער גאָר לוי! טעוויעס טעכטער האָבן אין זיך א קויעך! „טאטע, מאכט זי צו מיר, דו בייזער זיך נאָר נישט אזוי שטארק און דערמאָן זיך בעסער, וואָס דו אליין, זאָגט זי, האָסט געזאָגט וויפל מאָל, אז סע שטייט געשריבן, אז א מענטש דארף האָבן ראכמאָנעס אפּ א מענטשן, ווי א טאטע אפּ א קינד״... איר הערט ווערטער? ווער איך מיסטאמע נאָך מער אופגע־קאָכט און גיב איר אוועקעט א גאָב, ווי איר קומט: „נו, ראכמאָנעס, זאָג איך, רעדסטו מיט מיר? ווו איז געוועז, זאָג איך, איר ראכמאָנעס, אז איך בין געלעגן ווי א הונט פארן גאלעך, יימאכ שמוי, אים געקושט די פיס, און זי איז עפשער גע־ווען, זאָג איך, אין צווייטן כיידער און עפשער געהערט איט־לעכס וואָרט?.. אָדער ווו איז געווען, זאָג איך, איר ראכמאָ־נעס, אז די מאמע אָלעוו-האשאָלעם איז געלעגן, זאָג איך, ניט פאר דיר געדאכט, אָט דאָ אפּ דער ערד מיטן שווארצן איבער־געדעקט? ווו איז זי דעמלט געווען?.. און די נעכט, וואָס איך בין, זאָג איך, ניט געשלאָפן? און דאָס קרענקען, וואָס האָט מיך, זאָג איך, געקרענקט די גאנצע צײַט ביז הײַנטיקן טאָג נאָך, אז איך דערמאָן מיך, זאָג איך, וואָס זי האָט מיר אָפּ־געטאָן, אפּ וועמען זי האָט אונדז אויסגעביטן — ווו איז, זאָג איך, דער ראכמאָנעס אפּ מיר?״... און עס פארבאקט מיך באם הארצן, און איך קאָן ניט רעדן מער... מיינט איר דאָך אוואדע, אז טעוויעס טאָכטער האָט נישט געפונען וואָס מיר דערופ

אָפּצוּוּענטפּערן? „דו אַליין, זאָגט זי, זאָגסט דאָך, טאַטע, אַז דער מענטש, וואָס האָט כאראָטע, איז אים אַפילע גאָט אַליין אויך מוֹיכל"... „כאראָטע? — זאָג איך. — צו שפּעט! דאָס צוויי־געלע, זאָג איך, וואָס האָט זיך איינמאָל אָפּגעריסן פון בוים, מוז, זאָג איך, פאַרטריקנט ווערן! דאָס בלעטל, זאָג איך, וואָס איז אָפּגעפאַלן, מוז פאַרפוילט ווערן, און מער, זאָג איך, זאָלסטו מיט מיר ניט רעדן דערפון אד קאַן אוימדים בעשאבעס האגאָדל!"...

בעקיצער, דערזעען, אַז מיט ווערטער קאָן זי מיט מיר גאָרניט מאַכן, טעוויע איז ניט דער מענטש, וואָס מע רעדט אים איבער, פאַלט זי צו מיר שוין גאָר צו און הייבט מיך גאָר אָן צו קושן איך די הענט אַרײַן און מאַכט צו מיר: „טאַטע, זאָגט זי, זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָל איך שטאַרבן אָט אָ־דאָ אַפן אָרט, אויב דו ווערסט זי איצטיקס מאָל, זאָגט זי, אָפּ־שטויסן, ווי דו האָסט זי אָפּגעשטויסן דעמלט אין וואַלד, אַז זי איז, זאָגט זי, צוגעפאַלן צו דיר, און דו האָסט פאַרקערעוועט, זאָגט זי, דאָס פערדל און ביסט אַנטלאָפן!"... „וואָס פאַר א פּריטשעפּע, זאָג איך, אָפּ מײַן קאָפּ? וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש?! וואָס האָסטו זיך געגומען, זאָג איך, אָפּ מײַן לעבן?!"... לאָזט זי מיך ניט אָפּעט, האַלט מיך צו בא די הענט און טײַנעט זיך אירס: „זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָגט זי, זאָל איך שטאַרבן, אויב דו ווערסט איר ניט מוֹיכל זײַן, זאָגט זי, וואָרעם זי איז דיר א טאָכטער, זאָגט זי, גלײַך ווי איך!"... „וואָס ווילסטו, זאָג איך, פון מײַן לעבן? זי איז ניט מײַן טאָכטער מער! זי איז שוין, זאָג איך, לאַנג געשטאָרבן!"... „ניין, זאָגט זי, זי איז ניט געשטאָרבן און זי איז שוין צוריק דײַן טאָכטער, זאָגט זי, ווי געוועזן, וואָרעם פון דער ערשטער מינוט, זאָגט זי, אַז זי איז געוווירע געוואָרן, אַז מע שיקט אונדז אַרויס, האָט זי גע־זאָגט צו זיך אַליין, אַז דאָס שיקט מען אַרויס אונדז אַלעמען, זי אויך, הייסט עס. דאָרט וווּ מיר — אַזוי האָט מיר כאַווע אַליין געזאָגט — דאָרט איז זי. אונדזער גאָלעס — דאָס איז איר גאָלעס... א סימען, זאָגט זי, האָסטו, טאַטע, אָט איז אַפילע דאָס פּעקל אירס"... אַזוי מאַכט צו מיר מײַן טאָכטער, צײַטל הייסט עס, אין איין אָטעם, ווי די אַסטרעס בניי האָמאָן אין דער מעגילע, און לאָזט מיך אַפילע ניט א וואָרט אַרויסרעדן

אונ טוט מיר א ווײַז אָנ אפ עפעס א פעקל אינ א רויטער פעטשיילע אײַנגעוויקלט, אונ טאקע פאָווטירנע טוט זי אנ עפנ אופ די טיר פונ צווייטנ אלקער אונ א רופ אויס: „כא-ווע!״ — ווי איר זעט מיך א ייִדנ... אונ וואָס זאָל איך אײַך זאָגנ, ליבער פרײַנט? טאקע פונקט אזוי ווי בא אײַך אינ די ביכלעך ווערט באשריבנ, באווײַזט זי זיך, כאַווע הייסט עס, פונ אלקער ארויס — א געזונטע, א גלאַטע, א שיינע, ווי גע-ווענ, ניט געמינערט א האָר, נאָר דאָס פאָנעם א ביסל פאַר-זאָרגט, די אויגנ א ביסל פארצויגנ, אונ דעם קאָפ האלט זי הויך, מיט גאדלעס, בלײַבט שטיינ א ווײַלע, קוקט אפ מיר, איך — אפ איר. דערנאָך ציט זי אויס צו מיר ביידע הענט, אונ נאָר אײנ וואָרט קאָנ זי ארויסריידנ, אײנ-אונ-איינציק וואָרט, אונ שטיל:

— טא-טע...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

האָט קיינ פאַריבל ניט, אז איך דערמאָנ מיך, שטעלנ זיך מיר נאָך איצט אויך טרערנ אינ די אויגנ. נאָר מיינט ניט פונדעסטוועגנ, אז טעוויע האָט כאָלילע געלאָזט א טרער אָדער ארויסבאוויזנ, ווי זאָגט איר, מיאכקע לעוואָוועס — בלאָ-טע!.. דאָס הייסט, וואָס איך האָב געפילט בייס-מײַסע אינ-ווייניק אינ הארצנ — דאָס איז עפעס אנדערש. איר זעט דאָך אליינ אויך א טאטע פונ קינדער אונ איר ווייסט גלײַך מיט מיר דעם פשאט פונעם פאָסעק „קעראכיים אָוו אל באָנים״ אונ דעם טאַם פונ דעם, בייס א קינד, עס מעג זיך ווי פארזינ-דיקנ, נאָר אז סע קוקט אײַך גלײַך אינ דער נעשאָמע ארײַנ אונ זאָגט אײַך: „טאטע!״ — אנו, זײַט דעמלט א בעריע, אדערא-בע, אונ טרײַבט עס אָפ!.. אונ צוריק אָבער, דער קויעך-האדאם ארבעט, אונ עס קומענ מיר אקעגנ באלד דאָס שיינע שפיצל, וואָס זי האָט מיר אָפגעטאָנ... כוועדקע גאלאגאנ, אײַנגעזונקענ זאָל ער ווערנ... אונ דער גאלעך, יימאך שמוי... אונ מײַנע טרערנ... אונ גאָלדע אָלעוו-האשאָלעמס טויט... ניינ! זאָגט שוינ איר אליינ, ווי קאָנ מענ דאָס פארגעסנ, ווי קאָנ מענ דאָס פארגעסנ?.. אונ ווידער צוריק — סטײַטש! פאָרט א קינד...

קעראכיימ אָוו אל באָנימ... ווי טאָר א מענטש זײַנ אנ אכזער, אז גאָט אליינ זאָגט אפּ זיכ, אז ער איז אנ אייל ערעכ אפּאַימ!.. אוביפּראט, זי האָט כאראָטע אונ וויל זיכ אומקערנ צוריק צו איר טאטנ אונ צו איר גאָט!.. וואָס זאָגט איר, פּאני שאָלעמ-אליכעמ? איר זײַט דאָכ עפּעס א ייִד, וואָס קאטאָרי איר מאכט ביכלעכ אונ איר גיט דער וועלט אייצעס — זאָגט שוינ איר אליינ, וואָס האָט טעוויע באדארפּט טאָנ? ארומגעמענ זי, ווי אנ אייגענע, קושנ זי אונ האלדזנ זי אונ זאָגנ איר, ווי מיר זאָגנ יאָמקיפּער צו קאָלנידרע: סאָלאכטי קידוואָרעכאָ — קומ צו מיר, דו ביסט מײַנ קינד? צי עפּשער פּארקערעווענ דעמ דישל, אזוי ווי דעמלט, אונ זאָגנ איר: לעכ-לעכאָ — גיי דיר געזונטערהייט, פּונוואנענ דו ביסט געקומענ?.. ניינ, לאָז זיכ אײַכ דאכטנ, לעמאָשל, עלעהיי איר זײַט אפּ טעוויעס אָרט, אונ זאָגט מיר בעהיינ שעלי, גאָר אָפּנטלעכ, ווי פּאר אנ עמעסנ גוטנ פרײַנט: וויאזוי וואָלט איר זיכ נויהעג געוועג?.. אונ אויב איר קאָנט עס מיר ניט זאָגנ באלד, גיב איכ אײַכ צײַט אפּ צו באטראכטנ זיכ... אונ דערווײַל דארפּ מענ גיינ — די אייניקלעכ ווארטנ שוינ אפּ מיר, קוקנ ארויס אפּנ זיידנ. איר דארפּט וויסנ, אז אייניקלעכ זײַנענ נאָכ טויזנט מאָל טײַערער אונ אײַנגעבאקענער פונ קינדער. באָנימ אוּוונײ באָנימ — א קלייניקײַט? זײַט מיר געזונט אונ האָט קיינ פאריבל ניט, איכ האָב אײַכ אָנגעקלאפּט א קאָפּ — איר וועט שוינ דערפאר האָבנ וואָס צו שרײַבנ... אז גאָט וועט הייסנ, וועלנ מיר זיכ נאָכ זענ מיסטאמע. א גוטנ!

געשריבנ אינ יאָר 1914

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

## ק אָ ט ו י נ ט י

**צו ז. 3**

ק אָ ט ו י נ ט י — איך בין צו קליין. געמיינט: איך בין ניט ווערט. מיט דעם דאָזיקן וואָרט, ווערט דערציילט אין דער ביבל, האָט יאַנקעוו, א לעגענדארער אורפאָטער פון די יידן, אָנגעהויבן זײַן געבעט צו גאָט, ווען ער האָט זיך געלאָזט גיין קעגן זײַן ברודער אייסעוו.

ר א ש ע — רש״י — א פארקירצונג פון די ווערטער רעב שלוימע יִצכאָקי (1105-1040) — א באַוווּסטער קאָמענטאַטאָר פון ביבל און טאַלמוד.

מ י־י ע ד יי ע — ווער ווייסט.

נ ו י ס ע־כ יי נ ג ע ו ו ע נ — אויסגענומען, געפעלן געוואָרן.

ל ו י־ק אָ ל־ש ק יי נ — שוין אָפּגערעדט; אוואדע און אוואדע.

**צו ז. 4**

כ א ד יי ש י אָ מ יי נ ו ק ע ק ע ד ע מ — באַנײַ אונדזערע טעג, ווי פריִער. טעוויע דארף דאָ האָבן דעם פּאָסעק נאָך צוליבן „ק ע ק ע ד ע מ״ (ווי פריִער).

א ל צ א ד ה א י ו י ס ע ר ט ו י ו ו — אפּן בעסטן אויפן.

**צו ז. 5**

א י ק ע ר ש אָ כ א כ ט י — דעם איקער האָב איך פארגעסן. דאָס איז די טראדיציאָנעלע פאָרמולע פון א פּאָסט-סקריפּטום אין אלט-יידישע בריוו.

ב ע ז ע ה א ל אָ ש נ — מיט אָט די ווערטער.

## ד אָ ס ג ר ו י ס ע ג ע ו ו י נ ס

**צו ז. 6**

א מ ע ט ו פ ל — א באלעסטיקטער.

ל א מ נ א צ יי א כ א ל ה א ג י ט י ס — ס׳איז דער אָנהייב פון א קאפּיטל טילים. „גיטיס״ איז א פארצײַטיקער מוזיקאלער אינסטרומענט. טעוויע ברענגט דעם דאָזיקן פּאָסעק נאָר צוליב א ווײַטער קלאנגען-אסאָציִאציע: „א ל ה א ג י ט י ס — אז סע גייט״...

א יי נ כ אָ כ מ ע ו ע יי נ א יי צ ע נ ע ג ע ד — געמיינט: ס׳איז ניטאָ קיין מיטל קעגן.

**סאָנע־ציִענ** (געזאָגט געוואָרנ אפּ) די פּײַנט פונ ציִענ, די פּײַנט פונ ייִדנ; א שאָוויניסטישער צושפּרוכ, ווענ א ר'עליגיעזער ייִד רעדט וועגנ א מעגלעכנ אומגליק־פאל.

**ר'עוואכ וועהאצאָלאָ יאאמויד ליַהודים** — א פארלייַכטערונג אונ א רעטונג וועט קומענ פאר די ייִדנ.

**דער פּשאט** — די באדײַטונג.

**קאָלזמאנ שעהאנעשאָמאָ בעקירבי** — אזוי לאנג ווי די נעשאָמע איז אינ מיר; אזוי לאנג ווי „עס שלאָגט נאָכ אנ אָדער".

## צו ז. 7

**נישמאס קאָל כיַ** — געמיינט: יעדע לעבעדיקע זאכ.

## צו ז. 8

**טארגומ** — די קאנאָניזירטע אראמייִשע איבערזעצונג פונ ביבל.

**טילימ** — איינער פונ די ביבל־ביכער. א זאמלונג רעליגיעזע לויב־געזאנגענ.

**פּײרעק** — געמיינט: דעמ טאלמודישנ טראקטאט „אָוועס", וואָס רעליגיעזע ייִדנ זאָגנ אינ די זומערדיקע שאבאָסימ.

**האזאָנ אומעפארנעס לאקויל** — א שפּײַזער פונ אלעמענ.

**שוינ אכריי קיכלויס האקויל** — שוינ נאָכ אלעמענ.

„**אונעסאנע־טויקעפ**" — א טפילע, וואָס רעליגיעזע ייִדנ זאָגנ ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער.

**מי יאָרומ אומי יִשאָפּייל** — ווער עס וועט דערהויבנ ווערנ, אונ ווער עס וועט דערנידעריקט ווערנ. בא טעוויענ הייסט עס: „ווער עס פּאָרט, אונ ווער עס גייט צופּוס".

**אטאָ באָכארטאָנו** — דו (גאָט) האָסט אונדז אויסגעוויילט. אנ אָנהייב פונ א באשטימטער טפילע (ס'איז די קלאסישע פאָרמולירונג פונ ייִדישנ שאָוויניזמ, אז דאָס ייִדישע פאָלק איז דאָס אויסדערווײלטע פונ אלע פעלקער).

## צו ז. 9

**באָסאָר ווערדאָגימ** — פלייש אונ פיש, געוואָלט זאָגנ: „באָסאָר־וואָדאָמ" — פלייש אונ בלוט, געמיינט: א מענטש.

**מינכע** — דאָס פארנאכטיקע דאווענ.

„**שמונע־עסרע**" — די גרונט־טפילע פונעמ דאווענ. די דאָזיקע טפילע זאָגנ די רעליגיעזע ייִדנ שטייענדיק אפ אייננ אָרט. ווײַטער ווערנ דאָ געבראכט פראגמענטנ פונ דער דאָזיקער טפילע.

**מיַסע־סאָטנ** — געמיינט: ווי אפ צולאָכעס.

## צו ז. 10

**עלויהיי־אוורָאהאָמ עלויהיי־יִצכאָק וועלויהיי־יאנקויוו** — גאָט פונ אווראָמ, גאָט פונ יִצכאָק אונ גאָט פונ יאנקעוו.

**אָמעד** — דער שטענדער, פאר וועלכנ דער כאזנ דאוונט אינ בעסמעדרעש.

מ ע כ א ל ק י י ל כ א ִ מ ב ע כ ע ס ע ד — ער שפּײַזט די לעבעדיקע מיט גענאָד.

א ו מ ע ק י ַ ע מ ע מ ו נ אָ ס ו י ל י ש י י נ ״ י אָ פ אָ ר — און היט זײַן טרײַהײַט צו די, וואָס שלאָפֿן אין דער ערד (צו די טויטע).

ר ע י י נ אָ ב ע אָ נ י ע י נ ו — זע צו אונדזער פּײַן.

ר ע פ אָ י י נ ו וו ע נ י י ר אָ פ י י — הייל אונדז, און מיר וועלן געהיילט ווערן.

ג א מ ז ו ל ע ט ו י וו אָ — דאָס איז אויך צו גוטן.

וו ע ל א מ א ל ש י נ י מ — און די מאָסרים. טעוויע פאַרטײַטשט עס אַף זײַן שטייגער: „די „סטיקראַטן“ (אַריסטאָקראַטן), וואָס זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אַף דער וועלט“.

ש ו י וו ע ר א ו י וו י מ — ער צעברעכט די פֿײַנט.

אָ וו ה אָ ר א כ מ אָ נ — דערבאַרעמדיקער פֿאָטער.

## צו ז. 11

ש מ א ק ו י ל י י נ ו — הער צו אונדזער שטים.

כ ו ס וו ע ר א כ י י מ אָ ל י י נ ו — דערבאַרעם זיך אַף אונדז.

ר ע צ י י — באַוויליק, נעם אָן פֿאַר גוט.

א י נ ב י י ס־ה א מ י ק ד ע ש — אינעם פֿאַרצײַטיקן טעמפּל פֿון ירושאָלאַיִם.

ד י ק ו י ה א נ י מ — די פּריסטערס.

ד י ל ע וו י ִ ם — די באַדינער פֿונעם טעמפּל.

ב ע ה י י מ ע ב ע צ ו ר א ס־פ ע ר ד — אַ בהיימע אין געשטאַלט פֿון אַ פֿערד.

## צו ז. 13

פ י ז מ ו י נ ע ס — דאָ געמיינט: פּוסטע מײַסעס.

## צו ז. 14

א מ אָ ש ל ק ע כ ע ר ע ס ה א נ י ש ב אָ ר — געמיינט: ס'איז ניט קיין מאָשל, ס'איז ניט קיין גלײַכע זאַך.

ט א ר ג ו מ־ל אָ ש נ — דאָ געמיינט: גאָר אומפֿאַרשטענדלעכע רייד.

מ א כ א וו א ִ ו ר א כ — אַנטלויף.

ק ו י ע כ־ה א ד א מ — געמיינט: דער ק ו י ע כ־ה א ד י מ י ע נ — די פֿאַנטאַזיע.

## צו ז. 15

ה אָ ל א כ ל ע ו י ל אָ מ ו י — אַוועק אין זײַן וועלט (געשטאָרבן); טעוויע טײַטשט עס: אַוועק ווײַטער.

מ ײַ ר י כ ז ײַ נ — לאַנג ריידן.

וו א ִ ס ו מ י ר ע פ י ד י מ — און זיי האָבן אָפּגערײַזט פֿון „רעפֿידים“. ס'איז אַ פּאָסעק פֿון כומעש. דאָ געמיינט: געלאָזן זיך פֿאָרן.

האכילויסאָ לינפּויל — האָסטו אָנגעהויבנ פאלנ. ס'איז א פּאָסעק פונ דער „מעגילאס-עסטער".

מאיאָקאָר — ווי טײַער?

צו ז. 16

בעראָכל ביטכאָ האנאקעטע — אנ איראָנישער פאראפראז פונ „בעראָכל ביטכאָ האקטאנאָ" („פאר ראָכלענ דײַנ קלענערער טאָכטער" — אזוי ווערט דערציילט אינ דער ביבל, ווי יאנקעוו האָט אָפּגערעדט מיט לאָוואָנענ, אז ער דינט אימ פאר ראָכלענ, אונ באקומענ האָט ער פאר א ווײַב ניט ראָכלענ, נאָר לייענ). דאָ געמיינט: פינקטלעכ, גענוי.

מינ-האצאד — פונ דער זײַט.

צו ז. 17

דיאלאָפימ — די טויזנטער.

מייעעלעפ — 100000.

רייש אלאָפימ — 200000.

צו ז. 18

מיט א יערגאָזנ — געמיינט: מיט א געפילדער, מיט א טראסק.

סאָסנ-וועסימכע — געמיינט: א גרויסע פרייד.

בענטשנ גוימל — א מינהעג בא רעליגיעזע יידנ צו זאָגנ א געוויסע בראָכע נאָכ דעמ, ווי מע איז געראטעוועט געוואָרנ פונ אנ אומגליק-פאל.

אייל-ערעכ-אפאימ — גאָט דער געדולדיקער.

מאקעס-בכוירעס — אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט געמיינט: מאקעס, צאָרעס.

צו ז. 19

אוואָדימ האָיינו — קנעכט זײַנענ מיר געווענ; דער אָנהייב פונ דעמ „טערעצ", וואָס ווערט געגעבנ אינ דער פייסעכדיקער „האגאָדע" נאָכ די פיר „קאשעס" (פראגנ). טעוויע ברענגט דאָ אָט די פראזע, ווײַל ער שטעלט א פראגע אונ גיט אנ ענטפער.

עמונע — גלויבנ (אינ גאָט).

ברוכימ האיוישווימ — א ווינטשעניש, וואָס מיינט: עסט געזונטערהייט.

אייזע „לעכאיִמ" וועייזע לאמאָוועס — וועמענ צומ לעבנ אונ וועמענ צומ טויט. טעוויע ברענגט די פראזע צוליבנ וואָרט „לעכאיִמ".

מאכט ראשע — „ראשע" פארטײַטשט, דערקלערט. בא טעוויענ איז עס א מאניר צומ ארויסברענגענ זײַנע אייגענע „טײַטשנ".

מאשמייכעמ? — ווי הייסט איר?

צו ז. 20

האמאוודיל ביינ קוידעש לעכויל — דער, וואָס שיידט אָפּ צווישנ הייליקס (שאבעס אונ יאָמטעוו) אונ וואָכעדיקס (דער אָנהייב פונ א טפילע). טעוויע ברענגט די פראזע צוליבנ גראמ: לעכויל — וויל.

בעמאָקוימ שעיינ איש — ווו ס׳איז ניטאָ קיינ מענטש. דאָ ווערט די פראזע געבראכט צוליב דעמ גראמ: איש — פיש.

מע מאכט „שעהאקל ניהיע בידוואָרוי — דאָ געמיינט: מע נעמט א ביסל בראנפנ.

פונ קאָל מאאמינימ שעהו — געמיינט: פונ קאָל האמינימ — פונ אלצדינג.

צו ז. 21

קייפל־קיפלאימ — געמיינט: פיל מאָל אזויפיל.

צו ז. 22

ועהאיעלעד איינענו — אונ דאָס קינד איז ניטאָ.

„כעווער ע״ — אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט געמיינט: שיידימ.

כײַע־ראָע — א בייזע כײַע.

צו ז. 23

פיפערנאָטער — אינעמ יידישנ פאָלקלאָר — א לעגענדארע באשעפעניש.

„מעלעכ עליונ״ — א פראגמענט פונ דער יאָמימ־נויראָימדיקער ליטורגיע.

בעגילופנ — פריילעכ.

ווי א מיזמער — דאָ געמיינט: גיכ.

לייענט די טויכעכע — געמיינט: שילט, פלוכט.

צו ז. 24

שלוימע האמעלעכ — דער טאלמוד האלט אימ פארנ אוטאָר פונ ביבלישנ בוכ „קויהעלעס״, ווו עס ווערט געזאָגט, אז „צווישנ טויזנט ווײַבער״... אאוו.

ואיויכלו — אונ זיי האָבנ געגעסנ.

סיגנאציעס — אסיגנאציעס, פאפיר־געלט.

צו ז. 25

פונ אלעפ ביז טאָוו — פונ אָנהייב ביזנ סאָפ.

כײַ (ה״י) — 18.

א קײַמעלאָנ — א סאכאקל.

צו ז. 26

די טאקסע — דער שטײַער אפ קאָשער פלייש באמ צאריזמ. דער דאָזיקער שטײַער פלעגט אָפגעגעבנ ווערנ אינ ארענדע, אונ דער ארענדאטאָר פלעגט נאָכדעמ ארויספרעסנ דעמ שטײַער בא דער יידישער (באזונדערס בא דער אָרעמער) באפעלקערונג.

נעמענ דעמ „פראָיעקט״ — אָפדינגענ די טאקסע.

מײַנע אָװעס־אַװיסײנו — מײַנע אורעלטערן.

צו ז. 27

קאָל אוירעוו לעמיניײַהו — יעדער ראָב צו זײַן מין. ס׳איז אַ פּאָסעק פון כומעש. טעוויע טײַטשט עס: „איטלעכער צו זײַנס״.

## אַ בוידעם

צו ז. 28

ראַבויס מאַכשאָװויס בעלעוו איש — פיל געדאַנקען זײַנען אינעם מענטשנס האַרצן. טעוויע טײַטשט עס אַפּ זײַן שטייגער. דער דאָזיקער פּאָסעק געפינט זיך אינעם ביבלישן בוך „מישלײי״, און טעוויע זאָגט, אַז „דאָס שטייט געשריבן אין דער הייליקער טוירע״.

בעלאָשן אַשקענאַז — דאָ געמיינט: אַפּ ייִדיש.

האַכאַים וועהאַמאָװעס בעיאַד האַלאָשן — דאָס לעבן און דער טויט הענגט אָפּ פון דער צונג. טעוויע טײַטשט עס אַפּ זײַן שטייגער.

צו ז. 29

קולאָם אַהוווים, קולאָם ברורים — זיי אַלע זײַנען ליבע, זיי אַלע זײַנען קלאָרע. טעוויע שטעלט דאָ, פאַרשטייט זיך, דעם טראָפּ אַפן אָנהייב פון דער פראַזע „קולאָם״ (אַלע).

שין קאַרבן — 300 רובל.

רייש — 200.

קאַן (ק״ן) — 150.

„מאַ־נישטאַנאָ?״ אַזוי הייבן זיך אָן די „פיר קאַשעס״ אין דער פּייסעכדיקער האַגאָדע. אי „מאַ־נישטאַנאָ״ אי „אַוואָדים האָיִנו״ דאַרף טעוויע האָבן, ווײַל ער פרעגט און ענטפערט.

װאָרעטשקעס — זעקלעך.

צו ז. 30

„יעהאַלעלכאָ זאָר״ — אַ פּאָסעק פון „מישלײי״. דער פולער טעקסט איז „יעהאַלעלכאָ זאָר װעלוי פיכאָ״ — זאָל דיך לויבן אַ פרעמדער (אַן אַנדערער) און ניט דײַן מויל. טעוויע האַלט, אַז דאָס „זאָגט דער גאָוױ״, און טײַטשן טײַטשט ער עס: „גוטע סכוירע לויבט זיך אַליין״...

אַד לעפּאַק — געמיינט: ביז גאָר.

אָדאָם יעסוידוי מייאָפאָר — אַ מענטש שטאַמט פון דער ערד. טעוויע טײַטשט עס: מע איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש״.

אַ זאַס — ניט וואַגן!

פּריאלנ (אימ-עריאלנ) — א גאָלדענע מאַטבייע (פונ 15 רובל) אינ צארישנ רוסלאנד. א האלבער אימפּעריאל — 7 רובל 50 קאָפּ.

ריישיס-כאָכמע — געמיינט: ערשטנס.

טאק (ת״ק) קארביצנ — 500 קארבנ.

די מיזרעכ-וואנט — די וואנט אינ בעסמעדרעש, צו וועלכער רעליגיעזע יִדנ ווענדנ זיכ מיטנ פּאָנעמ באמ דאווענענ. אינ מיזרעכ-וואנט פלעגנ שטיינ די גוויר ימ.

טאלמוד-טוירע — א „כיידער״ פאר אָרעמע קינדער.

ביקער-כוילימ — א צדאָקע-געזעלשאפט צו העלפנ קראנקע.

כעווער-קאדישע — א רעליגיעזע „כעווערע״, וואָס פארנעמט זיכ מיט באגראָבנ די טויטע לויטנ יִדישנ ריטואל.

## צו ז. 31

א שיינ-בישלישי — א גלידשוועסטערקינד.

האקויל העוועל — אלצ איז גאָרנישט.

## צו ז. 32

מאָשל קעכערעס האנישבאָר — ער (דער מענטש) איז געגליכנ צו א צעבראָכנ שערבל. אינ דער טפילע, פונוואנענ דער דאָזיקער שפּרוכ איז גענומענ געוואָרנ, קומט נאָכ א גאנצע ריי פארגלייַכונגענ. די לעצטע פונ זיי איז „ווּעכאכאלוימ יאָופ — ווי א כאָלעמ, וואָס פליט אוועק. מעגלעכ, אז לויט דער דאָזיקער אסאָציַאציע קומט עס שוינ בא טעוויענ ארויס „די גאנצע וועלט איז א כאָלעמ״.

א „ביריעכ״ — אנ אנטלאָפענער. טעוויע מיינט עס ערנסט, אונ מעגאכעמ-מענדל גיט אימ צו פארשטיינ די „יעהופּעצער (דה. די קיִעווער) דינימ אונ מינהאָגימ״. בא דער צארישער צייַט האָבנ יִדנ (אויסער רייַכע סאָכרימ אונ פאבריקאנטנ) ניט געהאט קיינ ווינרעכט אינ קיִעוו. די יִדנ, וואָס פלעגנ אינ קיִעוו דארפנ פארברענגענ צוליב זייערע איניאָנימ, פלעגנ ווינענ אָדער נעכטיקנ אינ די דערבייַיקע דאטשעס.

## צו ז. 33

קאָל דיכפינ יעיסיי וועיצראכ — איראָניש איבערגעפראזירט פונ דער פּייסעכדיקער האגאָדע: „קאָל דיכפינ יעיסיי וועיויכויל״ — ווער עס איז הונגעריק, זאָל קומענ אונ עסנ.

איז מא-טויוו — געמיינט: איז אוואדע גוט.

העוועל-האוואָלימ — געמיינט: גאָרנישט.

זיכער ליוראָכע (זיכרוינע ליוראָכע) — געמיינט: זייַנ (איר) אָנדענק זאָל זייַנ צומ גוטנ. א צושפּרוכ, ווענ א רעליגיעזער יִד דערמאָנט א טויטנ.

א כאכאָמע ניפלאָע — א ווּנדערבארע כאכאָמע.

„האָס“ — דאָס שטײַגנ פונ ווערט־פאפירנ.
„בעס“ — דאָס פאלנ פונ ווערט־פאפירנ.
„פאָטיווילעוו“ — געמײנט: אקציעס. ווארשײַנלעכ, פונ פוטילאָווער זאוואָד.
מאלצעוו־שמאלצעוו“ — געמײנט: אקציעס פונ מאלצעווער זאוואָד.

צו ז. 34

מאסע־מאטנס — געמײנט: געשעפטנ.

אקודימ, נעקודימ אוורודימ — געשטרײפטע בא די קני, געפינטלטע און געשפרענקלטע. טעוויע טײַטשט עס: „א מאקע אפ א מאקע און אפ דער מאקע א בלאָטער“...

ביכשיוועס גאָדל — דאָ געמײנט: האָט א גרויסנ ווערט.

צו ז. 35

קאָרעוו ליסכאר ווערחאָכעק מיקעשעגע — נאָענט צו פארדינסטנ און ווײַט פונ דער קעשענע. אנ איראָנישער פאראפראז פונ „קאָרעוו ליסכאר ווערחאָכעק מייהעפסעד“ — נאָענט צו פארדינסט און ווײַט פונ אָנווער.

בעגאפוי יאָווי בעגאפוי יעיצײ — אלײנ געקומענ, זאָל ער אלײנ אוועקגײנ. ס׳איז א פאָסעק פונ כומעש. דאָרטנ ווערט געזאָגט וועגנ א שקלאפ, אז אויב ער איז אָנגעקומענ צומ באלעבאָס, ניט זײַענדיק פארהייראט, און איז באמ באלעבאָס געוואָרנ א פאמיליע־מענטש, איז ווענ ער ווערט באפרײַט, ווערט זײַנ פאמיליע ניט באפרײַט צוזאמענ מיט אימ: „אלײנ געקומענ, אלײנ ארויס“. טעוויעס „ראשע“ טײַטשט עס: „אז מע לײגט ארײַנ קרענק, נעמט מענ ארויס קאדאָכעס“.

א נײַער מיזמער — דאָ געמײנט: א נײַ לידל, א נײַע מײַסע.

צו ז. 36

לוי יאלע וועלוי יאָווי — געמײנט: עס זאָל דערצו ניט קומענ. א צושפרוכ, ווענ א רעליגיעזער ייִד רעדט וועגנ א מעגלעכנ אומגליק. א פאראפראז פונעמ אָנהייב פונ דער טפילע „יאאלע וועיאָווי“ — עס זאָל ארופקומענ און אָנקומענ (צו גאָט).

יוימאָמ־וואָלײַלאָ — טאָג און נאכט.

צו ז. 37

יאָצאָ נישמאָסוי ביגלעזל — זײַנ נעשאָמע איז ארויס באמ גלעזל, דה. ער איז געשטאָרבנ פונ טרינקענ. טעוויע מאכט נאָכ איראָניש די פרומע דערצײלונגענ וועגנ צאדיקימ: „יאָצאָ נישמאָסוי בינשיקאָ“ (זײַנ נעשאָמע איז אימ ארויס פונ א קוש, דה. פונ גאָטס א קוש).

גאמ־אטעמ! — איר אויכ. א ווינטשעניש.

האזוירימ בעדימאָ, בערינאָ יִקצוירו — די, וואָס זײענ מיט טרערנ, וועלנ שנײַדנ מיט געזאנג (א פראזע אינ „טילימ“). טעוויע

טײַטשט עס אפּ זײַן שטײגער („בעסער פריִער באַוואָרנט, איידער נאָכדעם באַ־וויינט") און זאָגט, אַז דאָס „שטייט בא אוראָמ אָווינו".

לאַוו אַכבראָ גאַנוואָ (על כורא) — אַ טאַלמודיש ווערטל: „ניט די מויז איז דער גאַנעוו (נאָר די לאָך)". טעוויע טײַטשט עס: „ניט דער וועקסל צאָלט, נאָר דער מענטש"...

כײלעק קעכײלעק — גלײַך אפּ גלײַך.

כאָצי שעלי ועכאָצי שעלאָך — אַ העלפט מיר און אַ העלפט דיר.

## צו ז. 38

אוועקלאַקכענען — אוועקנעמען. געמיינט: אוועקגאַנווענען.

לוי־יעוכער — ניט שפּעטער.

לעמאַן־האַשעם — אום גאָטעס ווילן.

באַאַריכעס — אויספירלעך.

## צו ז. 39

האַיִטאָכן? — ווי שיקט זיך דאָס? קאָן דאָס דען געמאָלט זײַן?

רעוואַך ועהאַצאָלאָ יאַאמויד לײַהודים — אַ פאַרלײַכטערונג און אַ רעטונג וועט אָנקומען פאַר די ייִדן. טעוויע ווענדט דאָ אָן אַ וואָרטשפּיל. רעוואַך (אין העברעיִש) באַטײַט אי רעווער (פאַרדינסט, פּראָפיט) אי פאַרלײַכטערונג, זאָגט טעוויע: אויב ניט קיין רעווער, זאָל כאָטש זײַן האַצאָלאָ — זאָל מען כאָטש ראַטעווען דאָס קערן.

אַשער לוי פערדלו אַוויסײנו — וואָס אונדזערע עלטערן האָבן ניט געפערדלט. געמיינט: ניט געהאַט אַזױנע פערד.

## צו ז. 40

אַל טיפּטאַך פּע — געמיינט: ניט אויסגערעדט זאָל דאָס ווערן; אַ צושפּרוך, ווען אַ רעליגיעזער ייִד רעדט וועגן אַ מעגלעכן אומגליק־פאַל.

אַ מײליץ־יױשער טעוו — געמיינט: אַ גוטע בעטערן (פאַר גאָט, אפּ יענ׳ר וועלט).

וואַיִסו מיסוקעס — זיי האָבן אָפּגעריײַזט פון „סוקעס". טעוויעס „ראַשע" מאַכט: מאַרש קיין יעהופּעצ.

## צו ז. 41

אוילים ועיױרדים — גייען אַרופּ און גייען אַראָפּ. טעוויע טײַטשט עס: אַז מע שמירט, פאָרט מען.

אײן אוימער ועײן דוואָרים — געמיינט: קיין איין וואָרט ניט.

## צו ז. 42

פּאַרמעליע — פאַמיליע־נאָמען.

מיט יאַקנעהאָז — דאָ געמיינט: מיט נעכטיקע טעג.

בעסויכאָם — דערונטער, צווישן זיי.

**צו ז. 43**

אוילעם־האטויהו — א באַטישע וועלט.

קארטאזש (קורטאזש) — מעקלער־געלט.

וואַוורא כ יאנקעוו — איז יאנקעוו אנטלאָפן.

ס'איז מיר פאַרכאַ־נישמאָסי געוואָרן — געמיינט: ס'איז מיר שיר די נעשאָמע ארויס.

קאאשער אָוואדעטי אָוואָדעטי — געמיינט: איך בין שוין אל־ציינס פארפאלן.

לוי דובים וועלוי יאאר — ניט קיין בערן און ניט קיין וואלד, געמיינט: ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. טעוויע טײַטשט עס: „ניט קיין סכוירע, ניט קיין געלט".

**צו ז. 44**

בירכוש גאָדל — מיט גרויס פארמעגן. געמיינט: זייער פיל; מיט א ברייטער האנט.

א מאכצע־סכארניק — דער, וואָס באקומט העלפט פארדינסט — א גלײַכער שותף.

**צו ז. 45**

לאכאים וועלוי לאמאָוועס — צום לעבן און ניט צום טויט. אין געגעבענעם קאָנטעקסט געמיינט: צום גוטן און ניט צום בייזן.

אל טיסהאלעל בעיוים מאָכאָר — באַרים זיך ניט מיטן מאָרגעדיקן טאָג.

קאָמעצ־בייס („ב" און „אָ") — באָ. טעוויע זאָגט, אז עס גייט ניט, איז „ב" און „אָ" — מע.

מאָקעם־קדושע — א הייליק אָרט.

צאָאקאָ האנאארא — דאָס מיידל האָט געשריִען. טעוויע טײַטשט עס: „שדײַ צעזעצטערהייט!"

אדויבאָי נאָסאנ וואדויבאָי לאָקאכ — גאָט האָט געגעבן, און גאָט האָט צוגענומען.

**צו ז. 46**

לי האקעסעף וועלי האזאָהאָוו — צו מיר (צו גאָט) געהער'ט דאָס זילבער, און צו מיר געהערט דאָס גאָלד.

קאָל האָאָדאָם קויזײַוו — יעדער מענטש איז פאלש (ניט זיכער).

## הײַנטיקע קינדער

**צו ז. 47**

באָנים גידאלטי וועררוימאמטי — קינדער האָב איך דער־צויגן און אויסגעהאָדעוועט.

זײַ זיך מאפקיר — געמיינט: גיב זיך אָפּ איבגאנצן.

וועהאשיינים — אונ צווייטנס.

אנ אייל־ראכום־וועכאנונ — א גאָט א דערבארעמדיקער.

יִמאכ שמוי וועזיכרוי — בוכשטעבלעכ: אָפּגעמעקט זאָל ווערנ זײַנ נאָמענ אונ זײַנ געדעכעניש (א טראדיציאָנעלע קלאָלע).

**צו ז. 48**

„פּראָיעקט" — דאָ געמיינט: דאָס „קאָראָבקע" (טאקסע) שטיבל", ווו עס פלעגנ זיצנ די שאָכטים.

**צו ז. 49**

אזא באר־מאזל — אזא גליקלעכער.

א סירכעלע אפ דער לונג — ווענ דער שויכעט פלעגט אפ דער לונג פונ א בעהיימע געפינענ א סירכע (א ווידערהײַטל), פלעגט בא אים ווערנ א שײַלע, צי דאָס פלייש פונ דער בעהיימע איז קאָשער צי טרייפ.

לוי מעוקצאָכ ועלוי מידוּוושאָכ — ניט דײַנ ביס אונ ניט דײַנ האָניק (דאָס שפּריכוואָרט ווערט געברויכט ווענג א בינ). טעוויע ברענגט דעמ דאָזיקנ אפּאָריזמ צוליב דעמ, וואָס אינ אימ איז פאראנ צוויי מאָל „לוי" (ניט).

אסקאקורדאָ דעמאסקאנטאָ דעקארנוסאָ דעפארסמאכ־טאָ — אנ אומזיניקע פראזע, אויסערלעכ ענלעכ צו א געמאָרע־פראזע.

**צו ז. 51**

אָדאָמ קאָרויוו לעאצמוי — געוויינלעכ מיינט מענ דערמיט: א מענטש איז בעענטער צו זיכ אליינ. יעדער מענטש איז בא זיכ בילכער.

א יוידיי־סייפער — געמיינט: אנ אָנגעלייענטער אינ די רעליגיעזע ספאָרימ; א מענטש, וואָס „קענ לערנענ".

**צו ז. 52**

אימ איינ קעמאכ איינ טוירא — אויב ס'איז ניטאָ קיינ מעל (קיינ ברויט), איז ניטאָ קיינ לערנענ: אז ס'איז ניטאָ וואָס צו עסנ, קאָנ מענ ניט לערנענ.

זײַנ זיווועג — געמיינט: זײַנ (באַשערטע) פּאָר.

באָרוכ־האשעמ — גאָט צו דאנקענ.

ראָכל מעוואקאָ אל באָנעהאָ — ראָכל וויינט אפ אירע קינ־דער; א ביבלישע פראזע ווענג דער לעגענדארער מוטער ראָכל.

**צו ז. 53**

שיר־האשירימ — איינער פונ די ביבלישע ביכער.

„כאד־גאדיע" — א מײַסעלע, וואָס מע זאָגט פּייסעכ צומ סיידער.

קאקאָסוּוו — ווי עס שטייט געשריבנ (געמיינט: אינ די „הייליקע ספאָרימ).

צו ז. 54

מעוווּסעמדיק — שיקער, באַזוּיפּנ.

היביי — אַלזאָ, אָט.

צו ז. 55

אינ אוישער — אינ רײַכקײַט.

פּאָוועלע — אויסשטײַער פאַר דער קאַלע.

שליאמעס — פּיקסנ-פּוטער.

קולקעס — שיכ-האַטשיקעס.

צו ז. 56

האַנעשאָמע לאָכ — די נעשאָמע איז דײַנע (גאָטס).

קילכויכ האַשויר — בוכשטעבלעכ: ווי דער אָקס לעקט (צופּט) אויס. טעוויע מיינט דאָ: באַגינענ.

צאָהאָלאָ וועסאָמייכאָ (זי איז) פריידיק אונ לוסטיק.

צו ז. 57

יאָמים-נויראָים — די רעליגיעזע יאָמטויווים ראָשעשאָנע אונ יאָם-קיפּער.

„וועיעסאָיו", „ועכויל מאַמינים שעהו" — געוויסע פראַגמענטנ פונ דער יאָמים-נויראָימדיקער ליטורגיע.

„האַלעל" — לויבגעזאַנגענ, וואָס באַשטייענ פונ אייניקע קאַפּיטלעכ טיליִמ, וועלכע רעליגיעזע יידנ זאָגנ באַמ דאַווענענ אינ געוויסע יאָמטויווים.

פאַר גאַבאָעס — פאַר דער שטעלע פונ א גאַבע (אַנ עלטסטער אינ בעסמעדרעש אָדער אינ א רעליגיעזער געזעלשאַפט).

שישי — דער זעקסטער, וואָס ווערט אויפגערופנ צומ לייענענ די טוירע, אונ דער טעקסט, וואָס ער לייענט.

מאַפטיר — דער לעצטער, וואָס ווערט אויפגערופנ צומ לייענענ די טוירע, אונ דער טעקסט, וואָס ער לייענט.

לוי האַמייסימ יעהאַלעלו יאָ — ניט די טויטע וועלנ לויבנ גאָט.

פּוראָניִעסנ — (גאָטס) שטראָפנ.

בעכאָפּזי — אינ אײַלעניש (געמיינט: ניט באַדאַכט).

צו ז. 58

אשמעדײַ — געמיינט: שעד.

קאַכ-האַווע — אַזוי איז דאָס טאַקע געווענ.

צו ז. 59

איז יוידייאַ — ווייסט.

לעיס-צאָרע — אפּ א שלעכטער צײַט.

**צו ז. 60**

גיי שרײַ כײַ־וועקײַעמ — געמיינט: ס׳וועט שוינ גאָרנישט העלפנ,

אטעל־אוילעמ — געמיינט: א כורבנ.

באס פלויני ליפלויני — דעמ אונ דעמס טאָכטער איז פאר דעמ אונ דעמ.

קיינ יעהי ראָצנ — אזוי זאָל זײַנ (גאָטס) ווילנ.

**צו ז. 61**

זײַ מעפארנעס — שפײַז.

**צו ז. 62**

באָרוכ־האבאָ — (געבענטשט זאָל זײַנ דער ארײַנגעקומענער!) א באַגריסונג.

**צו ז. 63**

אָגיל וועסמאכ — איכ וועל זיכ פרייענ אונ לוסטיק זײַנ.

**צו ז. 64**

די בענטאנעס — די קווער־באלקנס, וואָס פארייניקנ די קראָקוועס פונ דאכ. „פארוואָרפנ די ציינ אפ די בענטאנעס" — דאָס זעלבע, וואָס „לייגנ די ציינ אפ דער פאָליצע".

וואָס עס וועט זײַנ מיט קאָל יִסראָעל, וועט זײַנ מיט רעב יִסראָעל — געמיינט: וואָס עס וועט זײַנ מיט אלעמענ, וועט זײַנ מיט מיר.

**צו ז. 65**

סאָלאכטי קידוואָרעכאָ — איכ האָב מויכל געווענ, ווי דו זאָגסט טעוויע ברענגט דאָס צוליבנ „ווי דו זאָגסט".

באסוסימ אווויגמאלימ — מיט פערד אונ מיט קעמלענ.

אינ דער מעגילע — געמיינט: אינ דער מעגילע „עסטער".

ועהאשסיִאָ קאדאָס — אונ דאָס טרינקענ איז לויטנ שטייגער נאָכ. דרינגט פונ דעמ טעוויע, אז „אלצדינג דארפ זײַנ באטראכט".

**צו ז. 66**

מעקויעמ ווערנ — פארווירקלעכט ווערנ.

שקאָרימ אוכזאָווימ — ליגנס.

**צו ז. 67**

קעהיי לישנע — געמיינט: מיט אָט די ווערטער.

**צו ז. 68**

באָרוכ שעלוי אָסאני אישאָ — געלויבט איז דער (גאָט), וואָס האָט מיכ ניט געמאכט פאר א פרוי (אזא בראָכע).

האָגאורע ועהאָ טראסקע — נאָכגעמאכט קלוימערשט א געמאָרע־פראזע: אָט איז דער מענטש אונ אָט איז דער טראסק.

**צו ז. 69**

ועהיימ פאָשובי — אונ זיי האָבנ אינ מיר געפעלשט.

## האָדל

### צו ז. 70

אָדאָמ יעסוידוי מייאָפאָר וועסויפוי לעאָפאָר — א מענטש שטאמט (זײַנ גרונט איז) פונ ערד אונ קערט זיכ אומ (זײַנ סאָפ איז) צו דער ערד.

א פעסי־ײַמינ — א נאר (וואָס) גלייבט.

אונדזערע כאכאָמימ — געמיינט: די שעפער פונ טאלמוד.

קאבדייהו וועכאשדייהו — אכט אימ אונ זײַ אימ כוישעד.

בעלאָשנ אשקענאז — אפ דײַטש, אפ ייִדיש. דאָ מיינט טעוויע — אוקראיִניש.

סליכעס — טפילעס, וואָס רעליגיעזע ייִדנ זאָגנ געוויינלעכ אלע פאר־טאָג, די וואָכ פאר ראָשעשאָנע אונ צווישנ ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער.

האנעשאָמע לאָכ וועהאגופ שעלאָכ — די נעשאָמע איז דײַנע (גאָטס), אונ דער גופ איז דײַנער.

מעדרעש (מערצאָל מעדראָשימ) — רעליגיעזע ספאָרימ, וואָס אנטהאלטנ א סאכ לעגענדארנ מאטעריאל.

### צו ז. 71

וועאל־קולאָמ — אונ איבער אלעמ.

כײַעט — א שנײַדער.

קי טויוואס מארע הי — ווײַל זי האָט א גוט (א פײַנ) אויסזענ.

האגאָדע — א ציקל טפילעס אונ מײַסעס, וואָס מע זאָגט פייסעכ צומ „סיידער".

קולאָנו כאכאָמימ — אלע זײַנענ מיר קלוגע.

קולאָנו נעווונימ — אלע זײַנענ מיר פארשטאנדיקע.

אל טישלאכ יאָדכאָ — זאָלסט ניט אויסשטרעקנ דײַנ האנט; זאָלסט זיכ ניט אָנרירנ צו...

בעכאָל אשער עפנע — ווו איכ וועל זיכ קערנ.

מאקעס מיט בכוירעס — געמיינט: מאקעס.

### צו ז. 72

ועסאָמאכטאָ בעכאגעכאָ — אונ זאָלסט זיכ פרייענ מיט דײַנ יאָמטעוו.

טאנע (מערצאָל טאנאָימ) — אזוי הייסנ אינ טאלמוד די שעפער פונ דער „מישנע" (פונעמ עלטערנ טייל פונ טאלמוד).

האסאנדלער — דער שוסטער.

מאָלע וועגאָדוש — פול אונ אָנגעשפּיקעוועט.

אייש־לעהאָוואָ — פלאמ־פײַער.

שאָר־יעראָקעס — דאָ געמיינט: אנדערע קליינִיקייטנ.

**קאָלי־אָמאָוו** — געמיינט: זײַנ גאנצ לעבנ.
**די ראגלאַיִמ** — די פיס.
**יאַמויד האכאָסנ רעב...** — זאָל אופשטיינ דער באָכער דער אונ דער. דער טראפארעט פונ אופרופנ א באָכער צו דער טוירע (רעליג.).

## צו ז. 73

**אָזויוו טאַאזויוו** — אינעמ ביבלישנ טעקסט, ווו דער דאָזיקער פאָסעק געפינט זיכ, באטײַט עס: העלפנ זאָלסטו העלפנ. ביכלאל באטײַט אָזויוו — פארלאָזנ.
**אימ־קיינ** — אויב אזוי.
**קאָל האכײַע וועכאָל האבעהיימע** — אלע כײַעס אונ אלע בעהיימעס.
**אָדאָמ האָרישנ** — לויט דער ביבלישער לעגענדע — דער ערשטער מענטש אפ דער וועלט.
**טאכשיט** — א צירונג.

## צו ז. 74

**בעדערעכ האליכע** — דאָ געמיינט: פארייבוועגס.
**כקירע איב הימל־זאכנ** — טעוויע רופט אזוי אָנ פילאָסאָפיע.

## צו ז. 75

**כײַ** (ח"י) **גילדוינימ** — 18 גילדנ, א גילדנ — 15 קאָפּעקעס.
**בעכאָל לעוואָוכאָ אובעכאָל נאפשעכאָ** — מיט דײַנ גאנצנ הארצנ אונ מיט דײַנ גאנצער נעשאָמע.
**אײַנ טאכאס אײַנ** — אנ אויג פאר אנ אויג. טעוויע טײַטשט עס: „א פאטש פאר א פאטש".
**בענ־באַיִס** — א שטוב־מענטש, אנ אייגענער מענטש.
**א פראָסטער כײַ־וועקײַעמ** — געמיינט: א פּאָשעטער מענטש.
**שעלי שעלאָכ שעלי** — מײַנס איז דײַנס, — דײַנס איז מײַנס.
**מי באָייש ומי באמאַיִמ** — ווער אינ (מיט) פײַער אונ ווער אינ (מיט) וואסער.
**אל אדוינאָי וועאל מעשיכוי** אונ אפ **„נענאטקאָ"** — א זאצ פונ „טילימ", וואָס הייבט זיכ אָנ מיטנ וואָרט „יִסיאצווו" אונ ענדיקט זיכ מיט „אל אדוינאָי וועאל מעשיכוי" (זיי שטעלנ זיכ אופ... אפ גאָט אונ אפ זײַנ געזאלבטנ). דער ווײַטערדיקער זאצ הייבט זיכ אָנ מיט „נענאטקאָ" — לאָמיר צערײַסנ. ווענ איינער רעדט צופיל אונ צו דרייסט, זאָגט מענ: „ער רעדט אל אדוינאָי וועאל מעשיכוי אונ אפ „נענאטקאָ", דה., נאָכ מער ווי אפ גאָט אונ זײַנ מאָשיִעכ. „נענאטקאָ" איז אויכ געוואָרנ א מינ קאָנספּיראטיווער אויסדרוק פארנ קייסער.

## צו ז. 76

**כארויסעס** — א געמיש (צעשטויסענע ניס מיט צימרינג, אינגבער, ווײַנ אא.), וואָס רעליגיעזע ייִדנ באנוצנ פייסעכ צומ „סיידער".

יעגיִא קאפּעכאָ — די מי פונ דײַנע הענט, געמיינט: האָרעוואניע.

אל קאָל דיוורײ שירויס וועסישבאָכויס — אפּ אלע געזאנג- אונ ליב-ווערטער. טעוויע שטעלט דעם טראָפּ אפּ „אל קאָל דיוורײ" (אפּ יעדנ וואָרט).

מיר כקירענ — געמיינט: מיר פילאָסאָפירנ.

שוימער אומאצל זײַנ — געמיינט: אויסהיטנ.

## צו ז. 77

ווײַהי ערעוו ווײַהי וויקער — אונ עס איז געוועזנ אָוונט, אונ עס איז געוואָרנ פרימאָרגנ.

ווי אײַכ איז יאָדוע — ווי אײַכ איז באוווסט.

רעוואכ וועהאצאָלאָ יאאמויד מימאָקוים אכייר — א פארלײַכטערונג אונ א רעטונג וועט ארויסקומענ פונ אנ אנדער אָרט. טעוויע ברענגט די דאָזיקע פראזע צוליב „מימאָקוים אכייר" (פונ אנ אנדער אָרט).

קאפּריסנ — געמיינט: עפּעס גאָר אויסערגעווײנלעכס.

רײשיס — ערשטנס.

„כאָצ-דארגע" — פארקריפּלט פונ „נעכויס-דארגאָ" — פונ א נידעריקנ שטאנד.

## צו ז. 78

יוידײא-נאגנ — א מענטש, וואָס פארשטייט זיכ אפּ מוזיק. טעוויע מיינט, ווי ער דערקלערט עס ווײַטער, „וואָס פארשטייט אינ די קליינע אויִסיִעס" (אינ די „הייליקע" ספאָרימ).

וואָס ראשע מאכט — באטײַז אינ דעם געגעבענעמ קאָנטעקסט: וואָס אינ די ספאָרימ שטייט געשריבנ.

סוסימ — פערד.

יאָע אניִיוסאָ לעיִסראָעל — עס פּאסט אָרעמקײַט פאר ייִדנ. טעוויע טײַטשט עס: „גאָט אליינ האָט אויכ פּײַנט א קאפּצנ".

א גאָרוש — א געגעטער.

## צו ז. 79

גמילעס-כעסעד — א (קליינע) האלוואָע (אָנ פּראָצענט).

א כאָפּ-הײער — א פינפ-אונ-צוואנציקער.

לעסוסאָסי — צו מײַנ שקאפּע.

גיקער — קענטיק.

לוי באשאָמאיִמ ועלוי באָרעצ — ניט אפּנ הימל אונ ניט אפּ דער ערד. בא טעוויענ הייסט עס: „ניט אהינ אונ ניט אהער".

## צו ז. 80

באָו מאיִמ אד נאָפּעש — געמיינט: דאָס וואסער איז צוגעקומענ צום האלדז.

אָהאווטי — איך האָב ליב.

אביסל מעטושטעש — געמיינט: א ביסל צעמישט, פארלאָרן.

### צו ז. 81

אנאגונע — א פרוי, וואָס איר מאן לעבט, נאָר מ׳ווייסט ניט, ווו ער איז. לויטן ייִדישן רעליגיעזן דין טאָר אזא פרוי מיט קיינעם ניט כאַסענע האָבן.

כופּע אוקדושן — די ייִדישע רעליגיעזע צערעמאָניע פון הייראטן.

### צו ז. 82

בעכיפאָזנדיק — אײַליק, געשווינד.

פון דערעכ־שאָלעם וועגן — קעדיי עס זאָל זײַן שאָלעם.

האגאָדל האגיבער וועהאנוירא — אין געגעבענעם קאָנטעקסט געמיינט: א גרויסן, א גוואַלדאָוונעם.

בעויסוי האיוים — דעם זעלבן טאָג.

געניידעמ — איראָניש, געמיינט: איידעם.

האָלאכ מוישע־מאָרדכע — דאָ געמיינט: אוועק.

### צו ז. 83

איינעסטער מאגעדעס — עסטער זאָגט ניט. טעוויע מיינט: זי שווײַגט.

טויוואס־האקלאל — געמיינט: דאָס וווויל פון דער געזעלשאפט.

### צו ז. 84

איינ קאָל ועיינ קעסעפ — ניט קיין שטים און ניט קיין געלט.

איבערגעפראזירט פון „איין קאָל וועיין אוינע״ — קיין שטים און קיין ענטפער.

מײַסים־טויוים — גוטע מײַסים.

קעראכיים אָו אל באָנים — ווי א פאָטער האָט ראכמאָנעס אף זײַנע קינדער.

### צו ז. 85

ועשוירכאָ — און דײַן אָקס.

וואכאמוירכאָ — און דײַן אייזל.

טוט מען א בלאָז מיטן שויפער — געמיינט: אָנהייב עלעל (די צווייטע העלפט אווגוסט — אָנהייב סענטיאבער), ווען לויטן ייִדישן רעליגיעזן ריטואל הייבט מען אָן בלאָזן אין „שויפער״ (א האָרן).

פאסעכ־שינ שא — „ש״ און „א״ — שא.

### צו ז. 86

כאסליערע — א שאָוויניסטישער אויסדרוק פאר א ניט־ייִדישער כאסענע.

### צו ז. 87

אווידע־זאָרע — געצנדינערײַ. בא א רעליגיעזן ייִדן איז געצנדינערײַ דער גרעסטער פארברעכן.

דו ביסט מעקײַעם — געמיינט: דו פילסט אויס.

אלקיינ יאאזוייוו — דעריבער זאָל פארלאָזנ (א מענטש זייַנ פאָטער אונ זייַנ מוטער אונ זאָל זיכ באהעפטנ מיט זייַנ פרוי) — ס'איז א פאָסעק פונ כומעש.

אלעקסאנדער מוקדנ — א גריכישער קיניג (356—323 פאר אונ־דזער ערע), וואָס איז אינ די יידישע פאָלקס־מייַסעס פארוואנדלט געוואָרנ אינ א לעגענדארער פיגור.

אָקרענט — א שיפ.

ויספע — אנ אינדזל.

אל רישנ רישנ — אפנ ערשטנ צוערשט.

## צו ז. 88

מיט א שיינעט „יעוואָרעכעכאָ״ — דאָ געמיינט: מיט א גרויס געשריי.

לאָמאָ ראָגשו? — געמיינט: וואָס ליאַרעמט מענ?

דאָס גוטע קוויטל — א רעליגיעזע אָבערגלויבעניש, אז הוישײַנע־ראבע ווערנ אפנ הימל ארויסגעגעבנ די קוויטלעכ וועגנ דעמ גוירל פונ יעדנ מענטשנ, וואָס גאָט האָט פאר אימ באשטימט איגעמ אָקאָרשט פארגאנגענעמ יאָמקיפער.

## צו ז. 89

לאָכיינ — דעריבער.

צײדאָ לאדערעכ — שפייַז אפנ וועג.

קאָל האשוועס שעבאָוילאָמ — אלע שוועס אינ דער וועלט.

יעגיע־קאפאימניקעס — האָרעפאשניקעס.

# כאווע

## צו ז. 91

הוידו לאדוינאָי קי טויוו — לויבט גאָט, ווייַל ער איז גוט. פאר טעוויענ איז די פראזע אנ ארייַנפיר צוליבנ וואָרט „טויוו״ (גוט).

צאר גידל־באָנימ — דער צאר פונ האָדעווענ קינדער.

## צו ז. 92

אדהייַעמ — ביז הײַנטיקנ טאָג.

האמעכאסע אני מעאוואָהאָמ? — איכ פארבאָרג דענ (עפעס) פונ אווראָמענ? ס'איז א פאָסעק פונ כומעש. טעוויע ברענגט דעמ פאָסעק, קעדיי אויסצופירנ: „פאר אייַכ איז דענ פאראנ בא מיר א סאָד?״

## צו ז. 93

דער גויִשער ראָש־האקאָהאָל פונ דאָרפ — דער ניט־יידישער הויפט פונ דער דאָרפ־געזעלשאפט, געמיינט: דער סטאראָסטע (א פאררעוואָליוציאָנערער אמט אינ דאָרפ).

גויעצ — א ניט־יידישער באָכער. א שאָוויניסטישער אויסדרוק.

א שאָק — 60 שטיק. א שאָק מיס יאָרנ — א סאכ יאָרנ.

כ ו מ ע ש — די ערשטע פינף ביכער פון דער ביבל (די „טוירע״).

ב ע ר ע ש י ט  ב א ר א  א ל אָ ק י מ — דער אָנהייב פון כומעש אין דער אייראָפּעיִשער טראַנסקריפּציע. געוויינלעך לייענען עס די ייִדן: „ב ע ר ע י י ש י ס  ב אָ ר א  ע ל ו י ה י ם״ (אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן).

ט א ל מ ו ד — רעליגיעזע זאַמלונג פונעם אַלטן ייִדישן רעכט, צונויפגעשטעלט אין מעשעך פונעם III ביזן VII יאָרהונדערט. אַנטהאַלט אויך פילפעגנראַרן און אַנדערן מאַטעריאַל.

א ו י ס צ ו ל י י מ ע ר ן — אויסצווזאָגן, אויסצודערציילן.

## צו ז. 94

פ ו ן  ס א מ ע  ג ד ו י ל י ם — פון סאַמע גרויסע לייט.

ט א נ ע — דאָ געמיינט איראָניש: א געלערנטער (זע צו ז. 51).

## צו ז. 95

י ע ג י אַ  ק א פּ ע כ אָ  ק י  ס ו י כ א ל — ווען דו וועסט עסן פון דיינע אייגענער האָרעוואַניע.

מ י י א ַ ב  ב אָ ס אָ  א ו ל ע אָ ב  א ט אָ  ה ו י ל י י כ — פונוואַנען קומסטו און וווהין גייסטו. טעוויע טײַטשט עס אַפּ זײַן שטייגער.

א י ש  ק ע מ א ט נ א ס  י אָ ד ו י — יעדער מענטש לויט זײַן גאָב (וויפל ער קאָן געבן). טעוויע ברענגט דעם פּאָסעק צו ווײַזן, אז ניט אַלע זײַנען גלײַך.

א י ן  ע ל ע פ  ה א ש י ש י — אין זעקסטן יאָרטויזנט (לויטן ייִדישן רעליגיעזן קאַלענדאַר). געמיינט: זייער ווײַט.

מ י ש י י ש ע ס  י ע מ י י  ב ע ר י י ש י ס — געמיינט: זינט די וועלט איז א וועלט.

ב ר אָ כ ע ס — דאָ געמיינט: די טפילעס, וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן אינדערפרי נאָכן אופשטיין.

ה א נ ו י ס י י ן  ל א ס ע כ ו י י  ו י נ אָ — דער, וואָס גיט א האָן פאַרשטאַנד. טעוויע ברענגט דעם פּאָסעק צוליב די ווערטער „לאסעכווי ווינאָ״ (דעם האָן פאַרשטאַנד).

ז מ י ר ע ס — הימנען, וואָס רעליגיעזע ייִדן זינגען שאַבעס און יאָמטעוו באַם עסן. דאָ געמיינט איראָניש.

ש י ו ו אָ  ד ו ו אָ ר י ם  ב ע ג ו י ל אָ ם — געמיינט: זיבן (שלעכטע) מידעס פאַרמאָגט א גוילעם.

## צו ז. 97

ז י ק נ ע — אין געגעבענעם קאָנטעקסט געמיינט: זאָקאָן — א באָרד.

## צו ז. 98

כ י ב ו ט - ה א ק י י ו ו ע ר — די יעסורים, וואָס די טויטע דאַרפן קלוימערשט אויסשטיין אין קייווער (לויטן ייִדישן אָבערגלויבן).

צו ז, 99

מא פישי אומע כאטאסי? — וואָס איז מײַנ זינד?

מאָ אָנו אומע כאיעינו? — וואָס זײַנענ מיר אונ וואָס איז אונדזער לעבנ?

צו ז. 100

קעראכיימ אל באָנימ — ווי א מוטער האָט ראכמאָנעס אפ (אירע) קינדער.

קוימער — א גאלעכ.

צו ז. 101

לוי יעכראצ קעלעוו לעשוינוי — זאָל א הונט ניט שארפנ זײַנ צונג, דה, ניט בילנ.

אל רישנ וועאל אכרוינ אכרוינ — אפנ ערשטנ צו־ערשט אונ אפנ לעצטנ צולעצט. געמיינט: לויט דער ריי.

צו ז. 102

דוואָרימ ברורימ — קלאָרע רייד.

בעקייפל־קיפלאַימ — געמיינט: פיל מאָל אזויפיל.

שיווע — זיבנ. זיצנ שיווע — זיצנ אפ דער ערד די ערשטע זיבנ טעג נאָכנ טויט פונ א נאָענטנ קאָרעוו, לויטנ יידישנ רעליגיעזנ ריטואל.

האָרע־כוישעכ — די לעגענדארע „פינצטערע בערג“, וואָס געפינענ זיכ „דאָרטנ, ווו ס'איז עק וועלט“. הינטער די האָרע־כוישעכ — זייער ווײַט.

קאָל האצאָרעפ שעבאָוילאָמ — אלע צאָרעס אינ דער וועלט.

צו ז. 103

לוי אָמוס קי עכיע — איכ וועל ניט שטארבנ, נאָר לעבנ.

האזשגאָכע — אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט געמיינט: גאָטס אופזיכט גאָטס פאָרויסזענ די מײַסיט פונ יעדנ מענטשנ.

קליפע — ווי די אָבערגלייביקע מיינענ, א רועכ, וואָס גייט ארײַנ אינ א מענטשנ.

אנ אָפגעטאָנענע זאכ — א זאכ, וואָס א שעד, א „ניטגוטער“ האָט אָפגעטאָנ צולאָכעס.

לייצימ — אינ דעמ געגעבענעמ קאָנטעקסט געמיינט שיידימ.

אָדאָמ קאבעהיימאָ נידמע — א מענטש איז געגליכנ צו א בעהיימע.

אוילאָמ קעמינהאָגוי — די וועלט (גייט) לויט איר פירונג.

לוי ייזאָכער וועלוי יפאָקעד — זאָל ניט דערמאָנט ווערנ.

צו ז. 104
מ ע ג א ד ל ז י ַ נ — אופהאָדעווענ.

צו ז. 105
ב ע נ - אָ ד אָ מ — א מענטש.

צו ז. 106
א ל ט י ס ט א ק י י ל ב ע ק א נ ק א נ — קוק ניט אפנ קרוג. טעוויע דארפ האָבנ די פדאזע צוליב איר אָנהייב: „קוק ניט“.
מ ע א י ז ז י כ נ ו י ה ע ג — מע פירט זיך.
ס אָ ט נ מ ע ק א ט ר י י ג — געמיינט: דער סאָטנ, דער פארפירער.
מ י ַ ר י כ - י אָ מ י מ ז י ַ נ — דאָ געמיינט: מיַריך זיַנ, לאנג ווידנ.
ק א פ ה א ק א ל — ווי די אָבערגלייביקע מיינענ: אנ אָפקומעניש, וואָס די געשטאָרבענע מוזנ אויסשטיינ נאָכנ טויט.
אָ ס ע ר ל ע ר א כ ע מ — מע טאָר ניט רצכמאָנעס האָבנ. א י כ ב י נ אָ ס ע ר ל ע ר א כ ע מ — מע טאָר אפ מיר קיינ ראכמאָנעס ניט האָבנ.

צו ז. 107
„א ש ר י י י ו י ש ו וי ו ו י ס ע כ אָ א ו י ד י ע ה א ל ע ל ו כ אָ ס ע ל אָ!“ — א פאָסעק פונ טילים. מיט דעמ דאָזיקנ פאָסעק הייבנ די רעליגיעזע יידנ אָנ דאווענע מינכע (דאָס פארנאכטיקע דאווענ).
אָ ש א מ נ ו (מיר זיַנעַ שולדיק) — דער אָנהייב פונ „ווידע“ (די טפילע, ווו רעליגיעזע יידנ זיַנענ זיך מוידע פאר גאָט אינ זייערע זינד). באמ זאָגנ „אָשאמנו“ שלאָגט מענ זיך אינ הארצנ.

צו ז. 108
א י ש ל ע פ אָ ל ו י ו ו ע אָ ד אָ מ ל א א ו ו י ד אָ ס ו י — יעדער צו זיַנ טוונג אונ צו זיַנ ארבעט.
א כ ו ש י מ — א דולער.
א ד ק א נ א ו י מ ר י מ ב ע ש א ב ע ס ה א ג א ד ל — ביזדאנענ זאָגט מענ שאבעס האגאָדל (דעמ לעצטנ שאבעס פאר פייסעכ). ס'איז א רעמארקע אינ דער פייסעכדיקער „האגאָדע“. טעוויע ברענגט עס צוליב די ווערטער: „אד קאנ“ — ביזדאנענ.
וו א י ש ק אָ כ י י ה ו — אונ ער האָט אימ פארגעסנ.

## שפרינצע

צו ז. 109
א ל י י כ ע מ וו ע א ל ב נ י י כ ע מ — אפ איַך אונ אפ איַערע קינדער.
א ק ע ש ע נ י ע ו — געמיינט: דער קעשעניעווער פאָגראָמ פונ 1903 יאָר.
ק אָ נ ס ט י ט ו צ י ע — קאָנסטיטוציע. געמיינט: דער צארישער מאניפעסט פונ 17-טנ אָקטיאבער 1905.
ה א ר י י א נ י ק ע וו ע נ ש י ו י מ — איכ בינ אלט שוינ בא 70. בא טעוויענ הייסט עס: „איכ בינ נאָכ ניט אלט קיינ זעכציק“.

## צו ז. 110

זאלצ־ביטלעכ — זאלצ־וואנעס.

„בארוכ שעאָמאר״ — דער נאָמענ (אונ דער אָנהייב) פונ א טפילע.

בארוכ מעראכעמ אל האָארעצ — געבענטשט איז דער, וואָס דערבארעמט זיכ אפ דער ערד. טעוויע ברענגט די דאָזיקע פראזע נאָר צוליבנ וואָרט „האָארעצ״ (די ערד).

אלפיי־אלאָפימ — טויזנטער טויזנטער.

גווירימ אדירימ — געמיינט: גרויסע גווירימ.

וואיכסו וואיאכנו, וואיכסו — אונ זיי האָבנ געריזט אונ געגעסנ, געגעסנ אונ געריזט. טעוויע טײַטשט עס אפ זײַנ שטייגער.

א קראכ — א גרויסע שטאָט.

## צו ז. 112

בעסויכ־קאכ — אינ דעמ, דערווײַל.

וואיאָווי האיעלעד — אונ עס איז געקומענ דאָס קינד.

א שיינע אווודע — א שיינע ארבעט.

בענ — א זונ.

בעיאָד כאזאָקאָ אכאס בעויסויס אווועמויפסימ שטאַימ — מיט א שטארקער האנט איז איינס, מיט ניסימ איז צוויי (א פראזע פונ דער פייסעכדיקער האגאָדע). טעוויע ברענגט די דאָזיקע פראזע צוליב די ווערטער „בעיאָד כאזאָקאָ״ (מיט א שטארקער האנט, מיט גוואלד) אונ נאָכ מער צוליב דעמ סאָפ פונ איר צווייטער העלפט: „שטאַימ״ (צוויי).

קעכערעס האנישבאָר — ווי א צעבראָכנ שערבל.

## צו ז. 113

מיט די ראגלאַימ — געמיינט: צופוס.

אשער לוי בלינצו אווויסיינו בעמיצראַימ — וואָס עס האָבנ ניט „געבלינצעט״ אונדזערע עלטערנ אינ מיצראַימ; געמיינט: בלינצעס, וואָס האָבנ צו זיכ קיינ גלייכנ ניט.

מא דעקאָאמרע רעבעצנ — וואָס די רעבעצנ זאָגט. איראָניש נאָכגעמאכט א טאלמודישע פראזע. געוווסט מא דעקאָאמרע רעבעצנ — געמיינט: עפעס געוווסט.

מינ האסאָפאָ אולעכוצ — פונ מויל ארויס. טעוויע טײַטשט עס „פונ דער סקאָווערדע אינ מויל ארײַנ״.

## צו ז. 114

זוגאָסי האיעקאָראָ האצנואָ ווע־האכאסידאָ מאָראָס גאָלדע שעטיכיע — מײַנ טײַער ווײַב, די צנוע אונ די פרומע פרוי גאָלדע זאָל לעבנ. טעוויע מאכט דאָ נאָכ די טראדיציאָנעלע ווענדונג אינ א יידישנ בריוו.

קעסעפ וועזאָהאָוו מאאסיי יעדיי אָדאָמ — זילבער און גאָלד זייַנען ווערק פון א מענטשנס הענט. טעוויע ברענגט די דאָזיקע פראזע צוליבן וואָרט „קעסעפ", וואָס באטייַט אויך געלט.

האשאָמאַיִמ שאָמאַיִמ לאדוינאָי — דער הימל געהערט גאָט. בא טעוויען הייסט עס „ס'איז א הימל פון גאָט".

## צו ז. 115

קעצאפיכיס בידוואָש — דאָ געמיינט: אויסגעצייכנט.

„אוידכאָ" — א פּאָסעק פון „האלעל", וואָס מע זאָגט אים צוויי מאָל. מיטן זאָגן צוויי מאָל „אוידכאָ" מיינט טעוויע: געבן צוויי מאָל בלינצעס.

## צו ז. 116

יעדידי — מייַן פרייַנט.

## צו ז. 117

קארבוינים — קארבן, רובלס.

## צו ז. 118

כאָכאָמ איינאָוו בערוישוי — א קלוגער האָט אויגן אין קאָפּ.

באל־דארשן — א זאָגער, א פּריידיקער.

## צו ז. 119

בעהיימע בעצוראס־מענטש — בעהיימע אין געשטאלט פון א מענטשן.

יאָווי יוימאָ — עס וועט קומען איר טאָג (א צייַט).

## צו ז. 120

מעסאקן זייַן — אופּטאָן (וויכטיקס).

יעהי כווויד — דער אָנהייב פון א שטיק אינדערפריִיקן דאווענען.

דורען דומקאָיו באָגאטיִעט — א נאר ווערט רייַך אין געדאנק.

## צו ז. 121

קעשוישאנאָ בייִנ האכוויכימ — ווי א רויִ צווישן דערנער.

## צו ז. 122

אווי האקאלע — דער קאלעס פאָטער.

יאאמויד רעב... בערעב (זאָל אופשטייִן רעב...דער זון פון...) — דאָס איז דער נוסעכ, מיט וועלכן מע פלעגט אופרופן צו דער טוירע אין בעסמעדרעש.

לאקויל זמאנ — אלץ האָט א צייַט.

צו ז. 123
אײַנאָמ — אויגן.

צו ז. 124
טידבאק לעשוינו — זאָל צוגעקלעפּט ווערן מײַן צונג.
איָעוו — דער העלד פונעם ביבלישן בוך מיטן זעלבן נאָמען. וועגן איָעוון ווערט דערציילט, אז גאָט זאָל אים האָבן געפּרווט מיט אַלערלײַ צאָרעס.

צו ז. 125
כוצ לעדערעכ האטעווע — אומנאַטירלעך.
אכ טי, ריבוינע־שעל־אוילעמ, עלויהיינו באש — אכ, דו גאָט אונדזערער.
טויכעכע — א פּארשע (א פראגמענט) אינ כומעש, ווו עס ווערן אויס־ גערעכנט זייער פיל קלאָלעס.
כאָצי־דיבער — א האַלב וואָרט.

צו ז. 126
„אונעסאנע־טויקעפ״ — א טפילע, וואָס מע זאָגט ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער. לויט דער טפילע, ווערט אפן הימל קלוימערשט באַשלאָסן, ווער עס דארף דאָס קומענדיקע יאָר שטארבן און מיט וואָס פאר א טויט.
נאָכ אלע הײַעמס — געמיינט: נאָך אַלעמען.

# טעוויע פאָרט קיינ ערעצ־ייִסראָעל

צו ז. 128
האשעמ־ייִסבאָרעכ — געמיינט: גאָט.
טוראָ בעטוראָ (לוי פּאָגא אינעש בעיִנעש פּאָגא) — א בארג מיט א בארג (טרעפן זיך ניט, א מענטש מיט א מענטש טרעפן זיך). א געמאָרע־ ווערטל.
קולע מוקשע — אינגאַנצן אָפּגעפרעגט (אַלץ רופט ארויס פראגן). טעוויע טײַטשט עס: „דער פּאָסעק איז רעכט ארום און ארום״ — און ס׳איז, הייסט עס, ניטאָ וואָס צו פרעגן...

צו ז. 129
קוידעמ־קאָל־האקוידעמס — צום אַלעם ערשטן, פריִער פאר אַלץ.
אימ קעוואָנימ אימ קאאוואָדימ — צי ווי קינדער צי ווי קנעכט. ס׳איז א פראזע פון א טפילע. טעוויע טײַטשט עס אפ זײַן שטייגער.
די בראָכעס — דאָ געמיינט: די גליקן.

**צו ז. 130**

פּיזעמ — מוסקוס־טראָפּן, וואָס מע לייגט צו צו דער נאָז פון א טויט קראנקן. דאָ געמיינט: ס׳איז געפּערלעך, ס׳האלט שמאָל.

קיזע קאָל האָאָדאָמ — ווייל דאָס איז גאָר דער מענטש.

גאלגאלימ — די הימל־קערפּערס.

געדונגען א קאדעש — געדונגען א מענטשן, וואָס זאָל זאָגן „קאַדעש" (די טפילע, וועלכע רעליגיעזע ייִדן זאָגן נאָך א טויטן. די דאָזיקע טפילע דארף זאָגן אן אייגענער זון, און ווען ס׳איז ניטאָ קיין זון, דינגט מען עמעצן).

**צו ז. 131**

שלוישאָ דוואָרימ — דריי זאכן, דריי ווערטער.

יאָפּיאָפּיס — דו ביסט שיין.

איישעס־כאַיל — מיט די ווערטער הייבט זיך אָן א טייל פון דעם לעצטן קאפּיטל פון „מישליי". אין דעם דאָזיקן קאפּיטל ווערן באזונגען די מעלעס פון א געראָטענער פרוי, א באלעבאָסטע.

שעקער האכייג — פאלש איז דער (אויסערלעכער) כיין.

ניפטער געוואָרן — געשטאָרבן.

ועכויל מאאמינימ שעהו — אזוי הייסט איינע פון די יאָמים־נוראָימדיקע טפילעס.

אומאקדימ ראכמימ לערויגעז — געמיינט: זיין ראכמאָנעס גייט פריִער פאר זיין קאס.

כּיַעוו — שולדיק.

כּיַעוו אָדאָמ — א מענטש מוז... טעוויע טייטשט אויס „כּיַעוו" — שולדיק.

**צו ז. 132**

סדוימ — א לעגענדארע שטאָט, וואָס לויט דער ביבל, זאָל זי גאָט האָבן אומגעבראכט פאר די זינד פון אירע איינוווינער.

ארומ כאָצי־עלעל — בא אָנהייב סעזטיאבער.

וואיאָווי האָמאָנ — און האָמאָן איז געקומען. ווערט געברויכט איראָניש ווען א ניט־געווונטשענעם גאסט.

**צו ז. 133**

פּויגייע־בעקאָוועד געוועז — באליידיקט.

גאמ־אטעמ — איר אויך.

א כאָלאָסטוי — א ניט־פארהייראטער.

א יעפאס־טויאר — געמיינט: א שיינהייט.

אָנ א פּאָפּאס — ניט אָפּשטעלנדיק זיך פּיטערן.

זייכער צאדיק ליווראָכאָ — א צושפּרוך, ווען א רעליגיעזער ייִ־דערמאָנט א פארשטאָרבענעם, א פרומען מענטשן.

צו ז. 134

אינ קאָטשומענט — געמיינט: אינ טורמע.

לאנאָכרי סאשיכ — פונ א פרעמדגעבירטיקנ מעג מענ נעמענ פּראָצענט. דעמ דאָזיקנ ביבלישנ פּאָסעק טײַטשט טעוויע אזוי: דער פּאָליציי דארפ מענ געבנ... כאבאר.

לוי אָרכו האיאָמימ — ס'האָט ניט לאנג געדויערט.

צו ז. 135

פונ די אפּאָראָ באטלאָנימ — געמיינט: פונ די ליידיקגייער.

צו ז. 136

וואיעילעכ כאָראָנאָ — אונ ער איז אוועק קיינ כאָראָנ (א ביבלישע פראזע).

מיט האקל־באקל — מיט אלצ.

קאָל־ועלאָכ — געמיינט: א גאנצער מאכער.

מא זע וועאל מא זע? — וואָס איז דאָס אונ צוליב וואָס איז דאָס?

לעהוישיווי אימ נעדיווימ — אוועקצוזעצנ מיט מאגנאטנ.

מישנײַעס — מישנע, דער עלטסטער טייל פונעמ טאלמוד.

צו ז. 137

רויוו גאָדלוי ווערויוו אָשרוי — זײַנ גרויסקײַט אונ זײַנ גרויסע רײַכקײַט.

לאאזאָזל — געמיינט: צומ טײַוול.

צו ז. 138

קעאָני באפּעסאכ — ווי א בעטלער בא דער טיר.

אייסעוו — א ייִדישער שאָוויניסטישער אויסדרוק אפּ ניט קיינ ייִדנ.

צו ז. 139

קעכערעוו פּיפּיִעס — ווי א שווערד מיט צוויי שארפנ. טעוויע טײַטשט עס: „ווי א טעמפּער מעסער".

לאָמאָ זע אָנויכי — געמיינט: אפּ וואָס דארפ איכ דאָס?

מא יוימ מיִיוימאִמ? — וואָס איז הײַנט אנדערש ווי אנדערע טעג? טעוויע ברענגט אָמ די פראזע צוליבנ וואָרט „מא" (וואָס?).

ביגדיי מאלכעס — קיניגלעכע קליידער. טעוויע מיינט: די בעסטע זאכנ.

צו ז. 140

מעקימי מייאָפּאָר דאָל — ער שטעלט אופ פונ דער ערד דעמ אָרעמאנ.

מיישפּויס יאָרימ עוויוינ — פונ מיסט הייבט ער אופ דעמ עוויענ.

אנ אכלער — אנ עסער.

צו ז. 141

שלוישאָ שעאָכלו — דרײַ, וואָס האָבנ געגעסנ. טעוויע טײַטשט עס: „ער האָט געגעסנ פאר דרײַ".

יוידייא צאדיק נעפעש בעהעמטוי — דער צאדיק ווייסט די נעשאָמע פונ זייַנ בעהיימע.

נאכזויר לעיִניאָנייִנו — לאָמיר זיכ אומקערנ צו אונדזער איניענ.

קעיאד האמעלעכ — ווי דער קיניג קאָנ. געמיינט: ווי בא א קיגיג.

האשוימער אָכי אָנויכי? — היט איכ דענ מייַנ ברודער?

צו ז. 142

מארבע נעכאָסימ — מארבע דעאָגאָ — וואָס מער גיטער, אלצ מער זאָרג.

צו ז. 143

מע טרייַבט קאליסטרוי — מע טרייַבט דורכ א ריי זעלנער אונ מע גיט שפיצרוטנ.

צו ז. 144

לאָוואָנ האָראמי — א ביבלישע פיגור.

מיזנאווטאָ דעכאזיראָסאָ לוי מאכאנטאָ שטרייַמעלאָסאָ — טעוויע סטיליזירט דאָ אנ אלט יִדיש ווערטל, ווי א ציטאטע קלויבערשט פונ טארגום.

ווי א האָנ אינ „בניי-אָדאָמ“ — געמיינט: ניט פארשטייענדיק.

צו ז. 145

קויסעל-מאראָווי — די מייַרעווודיקע וואנט (אינ יערושאָלאיִמ). לויט דער יִדישער טראדיציע איז דאָס די מייַרעווודיקע וואנט פונעמ בייס-האמיקדעש (טעמפל), וואָס איז כאָרעוו געוואָרנ אינעמ יאָר 70 פונ I יאָרהונדערט פונ אונדזער ערע.

מעאָראס-האמאכפיילאָ — לויט דער ביבלישער לעגענדע, די הייל, וווּ עס זייַנענ באגראָבנ געוואָרנ די „אורפאָטערס“ פונ די יִדנ: אווראָמ, יִצכאָק אונ יאנקעוו.

דער יארדנ — דער הויפט-טייַכ פונ פאלעסטינע.

דער בארג סינייַ — דער בארג אפנ סינאַישנ האלב-אינדזל, ווו גאָט זאָל האָבנ געגעבנ מוישענ די צענ געבאָטנ (לויט דער ביבלישער לעגענדע).

דער יאמ-סופ — דער רויטער יאמ.

פיסוימ מיט ראמסעס — צוויי אלט-עגיפטישע שטעט, וועלכע ווערנ דערמאָנט אינ דער ביבל.

אינעמ געבענטשטנ לאנד קנאאנ — געמיינט: אינ פאלעסטינע.

ערעצ זאָוואס כאָלאָוו אודוואָש — א לאנד, וואָס פליסט מיט מילכ אונ האָניק.

אכאס וועאכאס — איינס אונ איינס.

צו ז. 146

כאלוימ כאָלאמטי ווענייני יוידייא... — א כאָלעמ האָט זיכ

מיר געכאָלעמט, אונ איכ ווייס ניט... טעוויע רײַסט איבער די ציטאט אינמיטנ
אונ טײַטשט זי אפ זײַנ שטייגער.

די בערעס — די שטורעמס.

## צו ז. 147

ס׳א דימיענ — דאָ געמײנט: ס׳א פארגלײַכ.

אל כעט שעכאָטאָסי לעפאָנעכאָ בע...— פאר די זינד, וואָ
איכ האָב געזינדיקט קעגנ דיר מיט...

קאָל כאמאָסי — מײַנ גאנצנ קאס.

## צו ז. 149

א ניכפּעניק, א מא־יײַסעניק — געמײנט: אנ אויסוווּרפ.

קיינ שומ שליטע ניט — קיינ שומ מאכט ניט.

פּאדנ־אראָמ — דער נאָמענ פונ א געגנט, וואָס ווערט דערמאָנט
אינ דער ביבל.

מאלקע שוואָ — די קיניגנ פונ שוואָ, א לעגענדארע פיגור פונ דער
ביבל. טעוויע פאָרט דאָ צונויפ פּאדנ־אראָמ אונ די מאלקע שוואָ, ווײַל
פאר אימ זײַנעג זיי גלײַכ ווײַטע עקזאָטישע זאכנ.

אימ איינ אני לי מי לי? — אויב איכ אליינ וועל ניט זײַנ
פאר מיר, איז ווער וועט זײַנ פאר מיר? טעוויע טײַטשט עס: „איכ בינ ניט
איכ, דו ביסט ניט דו״...

## צו ז. 150

פּײרעש האמילעס — די דערקלערונג פונ די ווערטער, די טײַטש.

אָוויל וואכאפוי רויש — געמײנט: א טרויעריקער.

ראכאש — דאָ געמײנט: שאדכאָנעס־געלט.

## צו ז. 151

מעווזע ווערנ — פארשעמט ווערנ.

לאמעדוואָוניק — לויט א פארשפרייטנ אָבערגלויבנ, איינער פונ
די 35 (ל״ו) פארבאָרגענע צאדיקימ. אינ טעוויעס דערציילנ באקומט דאָס
וואָרט גאָר אנ אנדער זינ.

## צו ז. 152

יאָדא שויר קוינייהו — דער אָקס ווייסט, ווער ס׳האָט אימ גע־
קויפט. בא טעוויענ הייסט עס: „א סקאָטינע פילט, אז מע האלט עס בא
פארקויפנ״.

זע כעלקי מיקאָל אמאָלי — דאָס איז מײַנ טייל (מײַנ גורל)
פונ מײַנ גאנצער ארבעט.

לערנענ באָלאָק הייסט (מעטאפאָריש) געבנ א רעכטנ פײלעק,
געבנ שווערע קלעפּ.

אומויסאר האָדאָם מין האבהיימאָ — געמיינט: מיט וואָס שטייט א מענטש העכער פון א בעהיימע.

**צו ז. 153**

טקיִעס־קאפ — א האנט־שלאָג. דאָ געמיינט: אלס א צוזאָג.

# לעכ-לעכאָ

**צו ז. 154**

לעכ־לעכאָ — גיי זיכ. דאָס איז דער אָנהייב פון א באשטימטנ אָפשניט אינעמ ערשטנ בוכ פונ דער ביבל. דאָרטנ ווערט דערציילט, אז גאָט האָט געזאָגט צו אווראָמענ, דעמ „אורפאָטער” פונ די ייִדנ: „גיי זיכ פונ דייַנ געבורט־לאנד אונ פונ דייַנ פאָטערס הויז אינ דעמ לאנד, וואָס איכ וועל דיר ווייַזנ”. מאכמעס דעמ דאָזיקנ אָנהייב פונ דעמ אָפשניט זייַנענ די ווערטער „לעכ־לעכאָ” געוואָרנ א סינאָנימ פונ גייִרושימ אונ וואנדערונגענ.

איעקאָ? — ווו ביסטו?

שעווא ועסרימ אומייאָ מעדינאָ — הונדערט זיבנ אונ צוואנציק מעדינעס, דעמ גאנצנ שטיק פאָסעק דארפ טעוויע האָבנ נאָר צוליב דעמ וואָרט „מעדינעס”.

הארײ אני קעווענ שיווימ — איכ בינ שוינ אלט בא זיבעציק. דאָ טייַטשט עס טעוויע: „נאָכ גאנצ ווייַט צו זיבעציק”...

**צו ז. 155**

שמאָייני — הער מיכ אויס.

וואָס פאר א סעדרע גייט בא אייַכ? — וואָס פאר א „סעדרע” לייענט מענ די וואָכ? די ערשטע פינפ ביכער פונ דער ביבל (די „טוירע”) זייַנענ אייַנגעטיילט אפ אָפשניטנ — „סעדרעס”. יעדע וואָכ (שאבעס) פלעגנ רעליגיעזע ייִדנ לייענענ די סעדרע פונ דער וואָכ. יעדע סעדרע האָט א באשטימטנ נאָמענ. די סעדרע „וואיִקראָ” פלעגט מענ לייענענ אָנהייב פרילינג. די סעדרע „לעכ־לעכאָ”—אינ הארבסט.

אומימוילאדטעכאָ — אונ פונ דייַנ געבורט־לאנד.

על האָאָרעצ אשער ארעקאָ — אינ דעמ לאנד, וואָס איכ וועל דיר ווייַזנ.

אל טאשליכייני לעייס זיקנאָ — וואַרפ אונדז ניט אוועק אפ דער עלטער.

כוצ־לאָאָרעצ — אויסלאנד (ניט־ערעצ־ייִסראָעל).

**צו ז. 156**

יוימאָמ־וואָלייַלאָ — טאָג אונ נאכט.

אל האטוירא ועאל האָאווידאָ — געוויינלעכ געמיינט: באמ לערנענ אונ באמ דאווענע. טעוויע טייַטשט עס: „אפ דער נאָדל מיטנ פאָדעמ”.

נישט קיין בען־טוירע — ניט קיין געלערנטער (אין רעליגיעזע איניאָנים).

וואיאָמאָס מוישע (א זאץ פון דער ביבל) — געשטאָרבן מוישע, בא טעוויען הייסט עס: „געשטאָרבן מאָטל״.

געוויילעמהאזעוועט — אָפגעגעבן זיך מיט די איניאָנים פון דער וועלט (אין קעגנזאץ צום רעליגיעזן באגריף „יענע וועלט״, די קלוימערשטע וועלט נאָכן טויט, די „הימלשע וועלט״).

אווי־יעסוימים — א פאָטער פון יעסוימים.

## צו ז. 157

האמאשפילי לירויס באשאָמאַים אווואָרעץ — דער, וואָס קוקט אראָפּ אפֿן הימל און אף דער ערד. דעם פּאָסעק ברענגט טעוויע צוליב דעם וואָרט „אוואָאָרעץ״ (און אין דער ערד).

## צו ז. 158

שאבעס־קוידעש — „הייליקער״ שאבעס. געמיינט: שאבעס.

קאָל אווידאס־פּערעכ — אלע שווערע ארבעט.

## צו ז. 159

האָלאכ לעוילאָמוי — געמיינט: געשטאָרבן.

נאכזויר לעניאָניינו האָרישנ — לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער ערשטן איניען.

די סעדרע באָלאָק — לייענען רעליגיעזע יידן זומער־צייט.

דער מינהעג האָוילאָם — דער פיר פון דער וועלט, די אָנגענומענע געוווינהייט.

די יעשועס ווענעכאָמעס — די הילפ און די טרייסט. טעוויע מיינט דאָ דעם הייפעכ: די פּאָגראָם־כוואליע, וואָס איז דורך אין גאנצן טכום נאָכן אָקטיאבער 1905.

יעדיד נעפעש אָוו האָראכמאָנ — הארציקער פריינט, פּאָטער דערבארעמדיקער. אנ אָנהייב פון א יידישן רעליגיעזן הימנ. טעוויע ברענגט אים צוליב די ערשטע צוויי ווערטער.

## צו ז. 160

בעגאדלוסי — בא מיין גרויסקייט.

הראָמאדע — די דאָרף־געמיינדע.

טשערעדניק — פּאסטעכ.

בעשאָלעמ ועשאלווע — פרידלעכ און רויק.

ברוכים־האבאָים! — די מערצאָל פון באָרוכ־האבאָ! א באגריסונג פאר געסט.

לאָשן־סאַגינאָהער — אַן אויסדרוק, וואָס מיינט פּונקט דעם היפּעך פון זײַןווירקלעכן באַטײַט.

**צו ז. 161**

מײַריך־בידרוש זײַן — לאַנג דאַרשענען.
שימו־נאָ ראַבויסים — הערט אויס, מײַנע הערן.

**צו ז. 162**

אומײַסע שעהאָיאָ קאַך האָיאָ — געמיינט: די מײַסע איז געווען אַזוי.

קאַאַשער אָהאַוווטי — ווי איך האָב ליב. טעוויע טײַטשט עס: „אַזוי ווי איר האָט ליב״.

ווײַהי בימיי — און ס׳איז געווען אין די טעג (אין דער צײַט) פון...

מענדל בייליס — די צאַרישע רעגירונג האָט אים געהאַט אײַנגעזעצט אין טפיסע, באַשולדיקנדיק אים, אַז ער האָט צוליב ריטועלע צוועקן געהאַרגעט אַ ניט־ייִדיש ייִנגל.

**צו ז. 163**

אַכיינו בניי־יִסראָעל — אונדזערע ברידער ייִדן.

**צו ז. 164**

צאָראַס ראַבים כאָצי נעכאָמע — אַז די צאָרע איז נעגייע אַ סאַך מענטשן, איז עס אַ האַלבע טרייסט.

**צו ז. 166**

אין די שאָנים קאַדמויניִעס — אין די אַמאָליקע יאָרן.
אַ פּלאַג־גופּ — אַ האַלבער גוף.
לי האַשאָמאַיִם וועלי האָאָרעץ — ס׳איז מײַן הימל און מײַן ערד.

מעשאַנע מאָקעם מעשאַנע מאַזל — געביטן דאָס אָרט — געביטן דאָס מאַזל.

**צו ז. 167**

שאַטיע! — נאַר (וועגן אַ פרוי).

**צו ז. 168**

בעכאָצי־כינעם — האַלב אומזיסט.
בישלוישאָ דוואָרים — אין דרײַ ווערטער.

צו ז. 169

זיכ צעיײַלעט — געמיינט: צעווײנט, צעשריִענ.

צו ז. 171

אונדזער גאָלעס — דאָ געמיינט: אונדזער פּאַרטרײַבונג.

ווי די „אסערעס בני־האָמאָנ“ אינ דער מעגילע — אינ דער מעגילאָס־עסטער, וואָס מע לייענט פּורים, ווערנ דערמאָנט די צענ זינ האָמאָנס. די נעמענ זייערע לייענט מענ דורכ אינ איינ אָטעם, אָנ א פּאַוזע.

צו ז. 173

בעהיינ שעלי — אפּ מײַנ וואָרט.

זיכ נויהעג געווענ — זיכ אופגעפירט.

באָנים אווונײ־באָנים — קינדער אונ קינדס־קינדער.

# אינהאלט

ШОЛОМ-АЛЕЙХЕМ

ТЕВЬЕ-МОЛОЧНИК

Редактор *А. Фрумкин*. Художник *Г. Ингер*. Техредактор *А. Кантор*.

Сдано в производство 2/IV-46 г. Подписано к печати 24/II-47 г. А—00156.
Печ. л. 13+1 лист вклеек. Уч.-изд. л. 10,06. Тип. знаков в п. л. 28.000.
Формат 82x108 1/32. Тираж 15.000. Заказ 92. Цена 6 руб.

Набрано в 13-ой типографии треста „Полиграфкнига“ ОГИЗа при Совете
Министров СССР, Москва, Денисовский, 30.
Отпечатано в типографии Госэнергоиздата, Москва, Шлюзовая наб., 10.